Geyt a Yid kayn Erets-Yisroel.

פון דער יידישער ליטעראַטור

# גייט אַ ייד
# קיין ארץ-ישראל



מוסטערווערק
פון דער
יידישער ליטעראַטור

יוסף ליפשיץ-פאַנד

פון דער ,יידישער ליטעראַטור

# גייט א ייד קיין ארץ-ישראל

פראַגמענטן פון פאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
זכרונות, בילדער

אונטער דער רעדאַקציע
פון
שמואל ראזשאַנסקי



75סטער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

**י ו ס ף  ל י פ ּש י ץ - פ ֿ אַ נ ד**

פֿון דער

**ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים יִווֹאָ**
**אין אַרגענטינע**

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי


קאָרעקטור
א. י. זאַקוסקי

טיראַזש 1,000 עקזעמפּלאַרן

יאָר ה׳תשל״ח — 1978
**ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייווא אין אַרגענטינע**

# תּוכן

זײַט

פֿאָרבאַמערקונגען ........ 8

שמואל ראָזשאַנסקי — „דער יוד״, אַ װעגװײַזער פֿאַרן ייִד פֿון 20סטן יאָרהונדערט ........ 9

## 1 / דורך שװאַכלאַנד און פלאַכלאַנד צו דיר ........ 21

אליה בחור — **סוף־פּסוק פֿון „בבֿא־בוך״** ........ 22
אַן אַלט פֿאָלקסליד — **אױפֿן װעג שטײט אַ בױם** ........ 22
י. ל. פּרץ — **די ערשטע מתּנה** ........ 23
ר׳ מרדכילע — **העלדן** ........ 24
דוד פּינסקי — **דער שטומער משיח (1טער אַקט)** ........ 28
אורי־צבֿי גרינבערג — **איך און מײַן ברודער פֿון פּאָרטוגאַל** ........ 41
קהל חסידים — **בעת דער בעש״ט איז געפֿאָרן קײן א״י** ........ 44
דבֿ סדן — **כּותל מערבֿי** ........ 49
לײב יפֿה — **אַהײם** ........ 50
הלל צײטלין — **פֿון בוך „ר׳ נחמן בראַצלעװער״** ........ 51
ש. צ. זעצער — **די נסיעה פֿון ר׳ נחמן בראַצלעװער** ........ 51
משה קולבאַק — **ירושלים** ........ 60

## 2 / פּנים אל פּנים מיט אַראַבער ........ 61

שמואל־יעקבֿ אימבער — **און לײקענען טױזנט** ........ 62
א. ראובֿני — **ירושלים אין שאָטן פֿון שװערד** ........ 63
יהושע פּעלאָװיץ — **די שבֿועה** ........ 69
ז. ברכות — **פֿון „אונטערן שאָטן פֿון חרמון״** ........ 70
י. פּאַפּיערניקאָװ — **ס׳ליד פֿון בעדויִנער** ........ 93
משה פּינטשעװסקי — **ייִדישע לעגיאָנערן** ........ 94
אַבאַ קליגער — **דער ייִדישער לעגיאָן** ........ 95
ז. װײַנפּער — **פֿון בוך „מיטן ייִדישן לעגיאָן״** ........ 96
משה שיפֿריס — **זיבן װעגן, קאַיִראָ** ........ 107
ז. ברכות — **אין די בערג פֿון מואָבֿ** ........ 109

י. פאַפּיערניקאָוו — **בײַ נאַכט אין אַראַבישע געסלעך** ...... 115
**כ׳פֿאַרגין נישט** ................ 116
**כאַוואַדזשאַ, כאַוואַדזשאַ** ............... 119
י. הײבלום — **צוויי שוסטער־בענקלעך** ................. 120
יעקבֿ־צבֿי שאַרגעל — **מײַן בענקשאַפֿט** ................. 126
ש. איזבאַן — **שונאים** ............................ 128

## 3 / נאָכן שטורעם גייט־אַרויס די זון ............ 141

נפֿתּלי־הערץ אימבער — **צו אַמעריקע** ................ 142
ל. יפֿה — **קיבוץ־גליות** ............................... 143
שלום עליכם — **פֿאַרבענקט אַהיים** ........................ 144
שמואל־יעקבֿ אימבער — **געוואַנדערט האָט יאָרן מיין זעל, דער**
**שומר, לאַנד פֿון די בערגער** ....... 156
**עס גרינען די פֿעלדער** .......... 157
אַהרן צייטלין — **אויפֿן וועג צו דער קאָלאָניע** ............. 157
אפֿרים אויערבאַך — **אונדזערע פֿעלדער און וועלדער** ........ 164
אַבֿרהם רייזען — **ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ ציוניסט** ...... 165
אפֿרים אויערבאַך — **זיי דאַרפֿן דײַן חסד** .................. 172
שלום עליכם — **פֿון „מעשׂיות און פֿאַנטאַזיעס“** .............. 173
ש. י. אימבער — **לאַנד, אָ, לאַנד** ........................ 181
לייב יפֿה — **אין אַ לבֿנה־נאַכט** ......................... 182
דער טונקעלער — **פֿאָרט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל** ........ 183
י. פאַפּיערניקאָוו — **כ׳בין געוואָרן אַ ציגײַנער** ............ 188
**מײַן אײנציקער צער דאָ** ............. 190
**כ׳בין מקנא** ....................... 192
מ. צאַנין — **„עבֿדים היינו“** ............................ 193
יעקבֿ פֿרידמאַן — **תּימנער ייִדן** ....................... 204
יעקבֿ־צבֿי שאָרגעל — **ואַני** ............................ 206

## צו דער כאַראַקטעריסטיק ........................ 215

מ. קאָסאָווער — **„די ראָזע“, די ערשטע ייִדישע צײַטונג אין**
**ארץ־ישׂראל און אירע רעדאַקטאָרן** ......... 215
זרובבֿל — **פֿאָלק ישׂראל און מדינת ישׂראל** ................ 226
חיים ווייצמאַן — **אונדזער אוניווערסיטעט אין ירושלים**
**אין 1918** ............................ 228
אַריה־לייב פּילאָווסקי — **די פּאָלעמיק אַרום דעם פּלאַן צו שאַפֿן**
**אין 1927 אַ קאַטעדרע פֿאַר ייִדיש** .... 233

## בילדער און רעפּראָדוקציעס


די הילע פון זשורנאַל „אַלטנײַלאַנד“, וואַרשע 1919 ..... 21
דאָס עולה־רגל־זײַן צום קבר פון ר׳ שמעון בר־יוחאי ..... 45
אין אַ הייליקן ריקוד ..... 51
„אַלע בײַנער זאָלן ריידן“ ..... 59
דער אַמאָליקער ייִדישער קאָלאָניסט, אַראַבישע ליימשטיבלעך ..... 61
דער חלוץ ..... 94
אַ זײַט פון „לעגיאָנערן־אַלבום“, בוענאָס־אײַרעס 1918 ..... 95
אַ גרופּע ייִדישע לעגיאָנערן בײַם כותל־מערבי ..... 99
„דאָס יודישע ארץ־ישראל“ (מאַפּע) ..... 117
ייִדן טאַנצן ..... 118
3 הורות און אַלע פרומע ביז גאָר ..... 140
ווי פאַרשיידן און פילפאַרביק איז דײַן פאָלק ישראל! ..... 151
חלוצים, צווישן זיי 3 געלערנטע ..... 176
פּאָרט אַ ייִד קיין ארץ־ישראל ..... 183
„די גאָלדענע יוגנט“ פון צפת ..... 185
נעמען פון דער מגילה, תורה און ליבשאַפט ..... 187

# פֿאָרבאַמערקונגען

◈ 75! דאָס איז דער נומער פֿון דעם דאָזיקן באַנד **מוסטערווערק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור**, אַרויסגעגעבן דורכן **יוסף ליפּשיץ־פֿאָנד** פֿון דער **ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ** אין בוענאָס־איירעס, און דער 75סטער באַנד הייסט **גייט אַ ייִד קיין ארץ־ישראל.**

◈ דער 75סטער באַנד **מוסטערווערק** דערשײַנט צו די 30 יאָר מדינת־ישראל; צו די 25 יאָר האָבן מיר אַרויסגעגעבן דעם 55סטן **באַנד**, אונטערן טיטל **אין דעם אייגענעם לאַנד.** צו די 20 יאָר פֿון מדינת ישראל האָבן מיר אַרויסגעגעבן דעם 35סטן באַנד **מוסטערווערק** און ער הייסט **ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט.** אַריבער 1000 זײַטן האַלטן די 3 בענד.

◈ מיט אַ דאָפּלטער פֿײַערלעכקייט גרייטן מיר זיך איבערצוגעבן דעם **75סטן באַנד:** הן ווײַל מיט אים ווערט אָפּגעשלאָסן **דרײַפּערטל פֿון דעם פּלאַן**, וואָס איז אויסגערעכנט אויף **100 בענד;** הן ווײַל די פֿרייד איז פֿאַרקניפּט מיט דער פֿרייד פֿון און פֿאַר ישראל.

◈ די טיטלען פֿון די 3 **בענד מוסטערווערק פֿאַר ישראל** כאַראַקטעריזירן יעדן פֿון די 3 צילן, וואָס די רעדאַקציע האָט זיך געשטעלט. אויב די ערשטע 2 בענד האָבן אָפּגעשפּיגלט דורך דער ליטעראַטור די געשעענישן פֿון **אונדזערע טעג,** לטובת דער מדינה און אין דער מדינה, ווערט אין דעם דאָזיקן באַנד געשילדערט **דער ערב,** ווען מ'האָט ישראל גערופֿן „פּאַלעסטינע" און ווען די הײַנטיקע וואָר האָט אויסגעזען ווי אַ ווײַטער, ווײַטער חלום — — — געוואַרעמט און געכאַוועט דורך הונדערטער, הונדערטער יאָרן. דאָ ווערן אַרויסגעבראַכט מאָמענטן און קאָנפֿליקטן, וועלכע זײַנען פֿריִער נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן און וועלכע האָבן אין זיך „אייביקע" קאָנפֿליקטן.

◈ נאַטירלעך, אַז מיר זאָלן בײַם יום־טובֿ **דעם 30סטן געבוירן־טאָג פֿון דער באַנײַטער מדינה** דורכן אונטערטראָגן דעם 75סטן באַנד **מוסטערווערק,** וואָס שילדערט דורך פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע און עסיי דעם **דרך פֿון דורות** קיין ארץ־ישראל, מיט פֿרייד פֿאַרבעטן פֿאַר **ערן־פּרעזידענט פֿון דער שמחה** דעם **נשיא־המדינה,** פּראָפֿעסאָר **אפרים קציר.** און מיט פֿרייד האָבן מיר אויפֿגענומען די תשובה, אַז דער נשׂיא האַלט פֿאַר אַ פֿאַרגעניגן און אַ כבוד אָנצונעמען די פֿאַרבעטונג פֿון דער ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ.

ש. ר.

# „דער יוד״, אַ וועגווייזער פאַרן ייִד פון 20סטן יאָרהונדערט

## אַ מאָדעל פאַר דער ייִדישער טאָגצייטונג אין אייראָפּע

אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער פרעסע בשייכות מיט דער ייִדישער ליטעראַטור איז דער יוד אפשר דאָס באַלערנדיקסטע קאַפּיטל.

ווען דער יוד האָט זיך באַוויזן, אָנהייב 1899, איז דער שם פון דער ייִדישער פרעסע געווען ביז גאָר פאַרשעמט. אויב ס'איז ריכטיק, אַז אַפילו אין 1888 איז „די ייִדישע פראַגע ביי אונדז נאָך אַלץ געווען אַ ספינקס״ [1], איז יודישעס פאָלקס־בלאַט געווען דער טרויעריקסטער באַווייז.

דאָס דאָזיקע דערפאָלגרייכע וואָכנבלאַט איז אין 1889, „אין זיין 9טן יאָר, אַריינגעטראָטן אונטער דעם צייכן פון קאַמף — קאַמף קעגן דער ייִדישער שפּראַך מיט איר ליטעראַטור און קעגן אירע בעסטע פאַרשטייערס״ [2]. ישׂראל לעווי, זיין אַרויסגעבער, האָט אַזוי אַרום פאַרברענט זיין אייגענע צייטונג. אָבער אין 10 יאָר אַרום איז געקומען דער יוד און „האָט געעפנט אַ נייע גלענצנדיקע תקופה אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער פרעסע״ [3].

דער יוד, אַ קינד פון 1897, באַשאַפן צו דינען די אינטערעסן פון 1טן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווערט אַרויסגעגעבן מיט דער הסכּמה פון דעם שאַרפסטן ייִדיש־קעגנער, אַחד־העם. דאָך לאָזט מען אויף זיינע שפּאַלטן זאָגן: „דער זשאַרגאָן און זיין ליטעראַטור אַליין פאַרדינט צו הייסן אַ פאָלקס־ליטעראַטור, וואָס רעדט צו אים אין זיין מוטערשפּראַך, פונעם האַרצן גלייך צו די ליפּן״ [4].

יודישעס פאָלקס־בלאַט, די פּאָפּולערסטע ייִדישע צייטונג פון 19טן י״ה, האָט טאַקע אָנגעמאַכט אַ גרויסן בילבול־המוחות ביים

[1] ניעדעלנאַיאַ כראָניקאַ וואָסכאָדאַ /וואָכנבלאַט אין רוסיש/, לייט־אַרטיקל, נ' 1, פּעטערבורג, 2 יאַנואַר 1888.

[2] ש. ל. ציטראָן — די געשיכטע פון דער ייִד׳ פרעסע, ז' 161, ווילנע 1923.

[3] ד״ז, ז' 172.

[4] א. שולמאַן — „עטליכע ווערטער איבער די זשאַרגאָן־ליטעראַטור, דער יוד נ' 17, קראָקויא 1900.

ייִדישן לייענער, וואָס האָט זיך ערשט גענומען אויסבילדן. דער ייִד פֿון ספֿר האָט בכלל ווייניק געהאַלטן פֿון אַ „בלאַט־צײַטונג" — בײַ אים איז בלויז חשובֿ געווען אַ בלאַט גמרא, אַ בלאַט חומש מיט רשי, אַ שטיקל זוהר. אויב ער האָט יאָ געקענט אַרײַנקוקן אין „די קליינע אותיעלעך", האָט ער געקוקט פֿון אויבן אַראָפּ אויף די מעשׂה־ביכלעך. ווידער עמך, שער און אײַזן האָט קיין צײַט און קיין געלט נישט געהאַט צו לייענען „נאַרישקייטן". וועלכער ייִד און ייִדענע האָט עס נישט געקענט אַ ביסל „ליטעראַטור" פֿון אויסנווייניק — די ברכה פֿון „המוציא" און „שהכל", די „מודה אַני" און אַ ביסל זמירות? די דאָזיקע פּאָעזיע און פּראָזע האָט אויסגעפֿולט אַ היפּשן טייל פֿון לעבן בײַ יעדן ייִדן, נישט בלויז פֿון דערוואַקסענע, נאָר אויך פֿון קינדער און המון.

אַז אַלעקסאַנדער צעדערבוים האָט אין 1862 אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין אָדעס זײַן „זשאַרגאָנישע בלאַט־צײַטונג" קול מבֿשׂר, האָט ער גאָר קנאַפּ אמונה געהאַט, אַז דער ייִדישער עולם דאַרף טאָקע האָבן אַזאַ בלאַט. והאָ ראַיה: 1) ער האָט זײַן ייִדיש בלאַט אָנגערופֿן מיט אַ לשון־קודשדיקן נאָמען; 2) ער האָט עס אַרויסגעגעבן ווי אַ בײַלאַגע צו זײַן העברעיִשן וואָכנבלאַט המליץ, וואָס איז אין 1886 פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טאָגצײַטונג; 3) דעם ייִדישן קול מבֿשׂר האָבן די אַבאָנענטן פֿון המליץ געקראָגן אומזיסט, אָן אַ פּרוטה געלט; 4) די ייִדישע בײַלאַגע האָט מען נישט צוגעשיקט צו אַלע אַבאָנענטן, אויטאָמאַטיש, נאָר בלויז צו די וואָס האָבן זי געבעטן; 5) פֿון אָנהייב איז די דאָזיקע „ייִדישע צײַטונג" איבערגעקומען יעדן נומער מיט דרוקן נײַס, וואָס איז קיין נײַס נישט געווען; 6) צו דעם אַלעמען איז דער לשון פֿון קול מבֿשׂר תּחילת געווען דײַטש מיט ייִדישע אותיות... מיט דעם אַלעמען איז פֿון נומער צו נומער געוואַקסן די צאָל פֿאַראינטערעסירטע צו קריגן די „זשאַרגאָנישע בלאַט־צײַטונג", און אויף אַזוי ווײַט געשטיגן, אַז דער אַרויסגעבער־רעדאַקטאָר פֿון 3 צײַטונגען אין 3 שפּראַכן פֿאַר אַ מאָל האָט זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, וואָס ער דאַרף טאָן, כּדי צו מאַכן פֿון דער „זשאַרגאָנישער" בײַלאַגע אַן

אומאָפּהענגיק און דערפֿאָלגרײַך געשעפֿט... אַנשטאָט דײַטש האָט ער גענומען שרײַבן מאַמע־לשון און אויפֿן אָרט פֿון דאַרער כראָניק — קודם־כּל אַליין — זיך באַוויזן ווי אַ שרײַבער און גענומען זשעדנע זוכן אַנדערע שרײַבערס. ס'איז גענוג דאָס צו אילוסטרירן מיט איין נאָמען פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור: ד״ר שלמה עטינגער. שוין אין 1862 דרוקט צעדערבוים אין קול מבֿשׂר עטינגערס קאַטאָוועסלעך און פֿאַבלען, ס'ווערט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רעצענזיע וועגן דער אויפֿפֿירונג פֿון עטינגערס קאָמעדיע „סערקעלע״ אין זשיטאָמירער ראַבינער־סעמינאַר און צעדערבוים אַליין שרײַבט אַ ליטעראַרישע קריטיק וועגן עטינגערן, דערשײַנענדיק אויף דעם פֿעלד ווי „דער ראשון הראשונים אײַנצוזען, ווי וויכטיק עס איז קריטיק״[5].

אין 1881, ווי דער ערשטער רעדאַקטאָר פֿון יודישעס פֿאָלקס־בלאַט, דערשײַנט צעדערבוים לחלוטין אַן אַנדערער. ער דערציילט, אַז „דער קול מבֿשׂר איז שטאַרק אָנגענומען געוואָרן בײַ אַלע קלאַסן, אַפֿילו געבילדעטע האָבן אים גערן געלייענט״, און „בכלל הערט מען שוין איצט צעדערבוימען מער ניט ריידן וועגן „זשאַרגאָן״, נאָר אַלץ וועגן ייִדיש און ייִדיש״[6].

אָט די צוויי פּאָפּולערסטע ייִדישע בלעטער פֿון 19טן יאָרהונדערט האָבן געוויזן, אַז די מזל־ברכה פֿון דער ייִדישער צײַטונג איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט ייִדישער ליטעראַטור. מיטן וווּקס פֿון דער ייִדישער בעלעטריסטיק איז געוואַקסן די ייִדישע פּרעסע, אויף וויפֿל זי האָט אַרײַנגענומען אין שותּפֿות ליטעראַטור, און פֿאַרקערט, מיטן אָפּקערן זיך פֿון דער ליטעראַטור האָט דאָס צײַטונג־וועזן אָנגעווירן זײַנע לאָקן... ישׂראל לעוויס באַנקראָט איז אַן עדות פֿאַר דער געשיכטע.

ווען לעווי האָט אין 9טן יאָר פֿון יודישעס פֿאָלקס־בלאַט צע־פֿלאַקערט זײַן שגעון־קאַמף קעגן ייִדיש און איבער הויפּט קעגן שלום

---

[5] נ. ב. מינקאָוו — זעקס ייִדישע קריטיקער, ז׳ 49, בוענאָס־אײַרעס 1954.

[6] ש. ל. ציטראָן — ד״ז, ז׳ 120.

עליכמען, האָט „דער לאַכנדיקער פילאָסאָף“ צום גליק אויסגענוצט די קורצע צײַט פון זײַן ירושה־קאַפּיטאַל אויף אַרויסגעבן זײַן יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק ווי אַן אָפּווערקאַמף, אַן ענטפער אויף לעוויס צאָרן און שאַנטאַזש. געוואָלט אַ יידישע אויסגאַבע „אויפהייבן אויף אַזאַ הויכער מדרגה, צו וועלכער עס האָבן נאָך נישט דערגרייכט אַפילו אַזעלכע אויסגאַבעס ווי דער האָסיף אָדער כנסת (העברעיִשע זאַמלביכער)“ [7]. מיט ווייניקער פרעטענזיעס ווי שלום עליכם, וועלכער האָט שטאָלצירט, וואָס ער האָט „צונויפגעקליבן דאָס בעסטע, וואָס אונדזער ליטעראַטור פאַרמאָגט“ און וואָס „עס האָבן זיך מיט אַ ברען גענומען צום זשאַרגאָן די בעסטע קרעפטן פון דער העברעיִשער ליטעראַטור“, האָט פריִער בײַגעטראָגן מרדכי ספעקטאָר מיט זײַנע עמכדיקע זאַמלביכער, אמתע הויזפרײַנד. דערנאָך האָט י. ל. פרץ געוויזן מיט זײַנע זאַמלביכער, די יודישע ביבליאָטעק, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט נישט בלויז אַ נעכטן און אַ הײַנט, נאָר אויך אַ מאָרגן — אַ מחנה יונגע אַמביציעזע שרײַבערס. דאָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אין 1894 דורך די יום־טוב־בלעטלעך.

אָט די קעגן־ווירקונג פון די קערנדיקע זאַמלביכער און קאָמופלאַזשירטע ליטעראַרישע העפטן, וועלכע האָבן אויסגעמיטן די צאַרישע פאַרבאָטן און צענזור, האָט פאַרטיפט דעם אינטערעס נישט בלויז פאַר וואָרטקונסט, נאָר אויך פאַר פובליציסטיק און זשורנאַליסטיק.

די צאַרישע מאַכט האָט אינעם לעצטן יאָרצענדליגג פונעם 19טן י״ה בשום אופן נישט געוואָלט געבן קיין דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ יידיש בלאַט, וואָס זאָל קודם־כל אינפאָרמירן וועגן יידישן לעבן און יידישן פײַן און יידישע האָפענונגען און יידישע זוכענישן, צו געפינען אַ טרייסט און לייזונגען פאַר דער יידישער נויט פון כלערליי מינים. אָבער טאַקע דערפאַר, וואָס מער די צאַרישע מאַכט האָט געוועקט די זכרונות וועגן אַלטן מצרים, אַלץ מער האָט מען צווישן אַלע בענקענישן געוואַרט אויפן וואָרט, וואָס זאָל טרייסטן און דערמוטיקן.

---

[7] שמעון דובנאָוו — פון „זשאַרגאָן“ צו יודיש, ז' 35, ווילנע 1929.

דער יוד האָט געלאָזט הערן דאָס דאָזיקע וואָרט, נאָך וועלכן ייִדן האָבן געבענקט. און דעם 1טן ציוניסטישן קאָנגרעס איז באַשערט געווען צו אינספּירירן דערצו. אַז דאָס וואָרט האָט נישט געקענט געדרוקט ווערן אין וואַרשע, וואָס איז שוין געוואָרן דער גרויסער אַדרעס פֿון ייִדישן מאַסן־לעבן, האָט מען די צײַטשריפֿט געדרוקט אין קראָקע, עסטרײַך, ווו מ׳האָט געמעגט דרוקן ייִדיש. האָט מען דען פֿריִער נישט געדרוקט דעם „המגיד״ און „סערקעלע״ אין יאָהאַניסבורג, פּרײַסן, און איבער נאַכט האָבן די נײַע עקזעמפּליאַרן „געגנבֿעט״ די רוסישע גרענעץ?

געווען, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרן אַרויסגעבן די צײַטשריפֿט אַ היפּשע שקלאָ־וטריא. אויפֿן באַזעלער קאָנגרעס איז באַשטימט געוואָרן אַרויסצולאָזן צוויי אָרגאַנען. אַז פֿאַר דער אַלגעמיינער וועלט האָט אַזאַ בלאַט באַדאַרפֿט זײַן אין דײַטש, איז קלאָר געווען. דײַטש איז דעמאָלט געווען די אָנגענומענע דיפּלאָמאַטן־ און קאָנגרעסן־שפּראַך. דערפֿאַר איז אַרויס „די וועלט״ (אויף דײַטש) אין ווין. אָבער פֿאַר די ייִדן? פֿאַר דאָגמאַטישע ציוניסטן האָט קיין דיסקוסיע נישט געקאָנט זײַן, אַז דער אָרגאַן דאַרף זײַן אין לשון־קודש. דער אַקאַדעמישסטער דאָגמאַטיקער פֿון אויפֿלעבן העברעיִש, אַחד־העם, האָט אָבער בײַ דער אַ געלעגנהייט מערער זיך גערעכנט מיט דער נײַער וואַרשעווערווירקלעכקייט ווי מיט דער אָדעסער פּראָפּאַגאַנדע... די פֿאַקטן, די ציפֿערן, האָבן דיקטירט דעם שׂכל־הישר: דער „אַהיאָסף״ האָט אַרויסגעגעבן 2 בראָשורן וועגן 1טן ציון־קאָנגרעס: איין בראָשור, פֿון סאַמע טעאָדאָר הערצל, אין סאַמע העברעיִש, אין 3,000 עקזעמפּליאַרן, און די צווייטע, פֿון שלום עליכם, אין ייִדיש, איז אין דער זעלביקער צײַט פֿאַרקויפֿט געוואָרן אין 27,000 עקזעמפּליאַרן[8]...

---

[8] אַחד־העם אין אַ בריוו צו א. שולמאַן אין קיִעוו פֿון 27סטן יולי 1898, ציטירט אין בוך: זלמן זילבערצווײַג — אַחד־העם און זײַן באַציִונג צו ייִדיש, ז׳ 8, לאָס אַנגעלעס 1956.

דערפֿאַר איז דער 2טער אָרגאַן פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַרויס אין יידיש, נישט אין העברעיש.

די פֿראַגע איז אָבער געווען: ווי געווינט מען דעם יידישן עולם, ער זאָל וועלן לייענען די אויסגאַבעס? עס איז דאָך אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד, אַז די פּאַרטיי־אָרגאַנען ווערן צום שוואַכסטן געלייענט פֿון זייערע אייגענע פּאַרטיי־חברים... זיי וויסן פֿון פֿריער, וואָס דער אייגענער וועט שרייבן... דערפֿאַר איז דער יוד צו ערשט אַרויס נאָר ווי אַ חודשניק, ס'הייסט: מה שיעשׂה הזמן...

די צייט האָט טאַקע זייער גיך „געמאַכט" דאָס איריקע: געוויזן, אַז וואָס מער אינהאַלט און קערנדיקע שרייבערס, אַלץ מער לייענערס באַקומט די צייטשריפֿט. און מ'טאָר זיי נישט לאָזן וואַרטן אַ גאַנצן חודש...

ווערט דער יוד פֿון אַ חודשניק אַ וואָכנבלאַט. תּחילת איז רע־דאַקטאָר געווען י. ח. ראַווניצקי, אויף אַחד־העמס רעקאָמענדאַציע, אַ שריפֿטשטעלער פֿון די פּני אין אָדעס. דערנאָך ווערט יוסף לוריע, וועלכער האָט נאָך געהאַט גאָר ווייניק סטאַזש, אַליין ווי אַ שרייבער געווען באַגרענעצט אין זײַן שאַפֿן, אָבער דווקא ער איז געוואָרן הרעדאַקטאָר (מיט אַ ה' הידיעה), וואָס האָט מיט זײַן אָריענטירן דאָס וואָכנבלאַט פֿון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג געשאַפֿן אַ פּרעכטיקן מאָדעל פֿאַר אַ יידישער צײַטונג.

אַ מאָדעל פֿאַר אַ צײַטונג פֿון אַ וועלטפֿאָלק און אַ וועלטיידן.

## די אַלטע פֿראַגע, וואָס איז אייביק נײַ: ווער איז דער ייד?

דער יוד האָט אין ערגעץ נישט אָנגעגעבן, אַז ער איז דער אָרגאַן פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער אין יעדן נומער האָט קלאָר אַרויסגעשײַנט, אַז וועקן ליבע צו ציון און פֿאַראינטערעסירן דעם לייענער מיט אַלע סימפּאַטיעס פֿון אַ באַוווסטזיניקן ציוני איז זײַן הויפּטציל. פֿון דעסט וועגן האָט זיך אַרויסגעזען אַ נטיה צו אַרײַנפֿירן דעם לייענער אין פֿאַרשיידענע שטימונגען, פּראָבלעמען און קאָנ־

פֿליקטן, וואָס נישט דווקא ציוניסטן זײַנען אין זיי פֿאַראינטערעסירט. דער ברייטער קוק. אינטערעס פֿאַר הומאַניסטישע אידייען. מיטגע־פֿיל פֿאַר לײַדנדיקע פֿון קלאַסן־אומרעכט. זיך נישט באַגרענעצן אויף זיך, זיך און זיך...

און די באַלעבאַטישע אַרויסגעבערס פֿון יוד, וועלכע האָבן זיכער נישט פֿאַרלאַנגט פֿון רעדאַקטאָר אַזאַ אײַנשטעלונג, האָבן נישט גע־שטערט אַרײַנצוברענגען די אָ באַציִונג. ווײַט פֿון יענער ענגהאַרצי־קער באַגרענעצטקייט, וועלכע באַגענוגנט זיך נישט מיט גרינגשאַצן די תּפֿוצות, נאָר וויל בפֿירוש, אַז זיי זאָלן וואָס גיכער אײַנדאַרן, פֿאַרלירן די קראַפֿט און זאַפֿט פֿון לעבן — — —

דער יוד, געדרוקט אין עסטרײַך, האָט בעיקר זיך געשטיצט אויף די ייִדן פֿון דער צאַרישער ממשלה. דער אופֿן פֿון רעקלאַמירן דעם אַבאָנאַמענט ווײַזט דאָס. סאַמע אויבן, פֿוןביידע זײַטן טיטל, זײַנען געווען 2 רעמלעך. רעכטס — דער פּרײַז פֿאַר עסטרײַך־אונגאַרן, דײַטשלאַנד, ארץ־ישׂראל, ענגלאַנד, אַמעריקע און אַנדערע לענדער. לינקס — דער פּרײַז פֿאַר איין־איינציקער מדינה „פֿיר רוסלאַנד“.

דאָס אָנגעבן פֿאַרשיידענע מדינות איז אָבער נישט געווען גלאַט צוליב באַרימערײַ. דער אינהאַלט פֿון דער צײַטשריפֿט האָט געוויזן, אַז דער יוד זוכט צו דינען דעם ייִדן ווו ער זאָל זיך נישט געפֿינען. אַזוי אינפֿאָרמאַטיוו, ווי ליטעראַריש. אויסגעמיטן פּראָווינציאַליזם. זיך געראַנגלט קעגן באַגרענעצטן לאָקאַליזם — אָן דראָטלאָזן טעלע־גראַף, ראַדיאָ און טעלעוויזיע האָט ער געזוכט צו זײַן גרויסוועלטיק.

אינפֿאָרמאַטיוו, אין יענע אָרעמע באַדינגונגען פֿון אָנהייב 20סטן י״ה, איז דער יוד געשטאַנען כּסדר אין פֿאַרבינדונג מיט ייִדן פֿון אַלע קאָנטינענטן. צו די געשעענישן אין דער וועלט בכלל, איבער־געגעבן בקיצור, איז אין יעדן נומער געווען כראָניק פֿון דער ייִדי־שער וועלט, לפּחות פֿון אַ צענדלינג מדינות. מיט חוש פֿאַר צימצום. אַפֿילו וועגן די ווײַטסטע און קלענסטע און ייִנגסטע ישובֿים, ווי אַרגענטינע, דרום־אַפֿריקע און אויסטראַליע. עפּיזאָדן פֿון ייִדישן לעבן אין דער רוסישער אימפּעריע זײַנען געזאַמלט און איבערגע־

געבן געוואָרן אין דעם וועכנטלעכן אַרטיקל „ייִדישע שטעדט און שטעדטליך”. אמת האָט פריִער געשריבן דעם איבערבליק און מרדכי ספעקטאָר איז געווען דער שרײַבער אונטערן פסעוואָדאָנים אמת. די דאָזיקע רובריק האָט דערנאָך איבערגענומען י. ל. פּ. (פרץ). נישט קיין „אייגענע מענטשן”, נאָר שרײַבערס פֿון דער מזרח־וואַנט, נישט פֿון דער פּאַרטיי. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויסער דער כראָניק בקיצור פֿון ארץ־ישׂראל זײַנען געדרוקט געוואָרן קאָרעספּאָנדענצן אין סטיל פֿון אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן פֿון קריטיק... דער יוד האָט זיך באַמיט צו זײַן אַפֿילו לגבי די אייגענע — אָביעקטיוו. זיך אָפּגעהאַלטן פֿון פּאַטשן בראַוואָ פֿאַר אייגענע און גרינגשאַצונג פֿאַר פֿרעמדע.

ווען מ׳פֿאַרגלײַכט די הײַנטצײַטיקע געדונגענע מי שברכס פֿון איין זײַט, און דאָס פֿאַרשפּרייטן גרוילבילדער וועגן קליינע ישובֿים, פֿון דער אַנדער זײַט, מיט די מוסטערן פֿון די קאָרעספּאָנדענצן אין יוד, זעט מען דעם מוראדיקן באַרגאַראָפּ אין אונדזער געדרוקטן וואָרט. לדוגמא: אין איינעם פֿון זײַנע „בריעף פֿון אַרגענטינאַ” (העכער 250 שורות)[9] האָט מאכלדיק געשריבן וועגן „ייִדישקייט און תּרבות צווישן ייִדן אין בוענאָס־אײַרעס” יעקבֿ בן יוסף (דער פּסעוואָדאָנים פֿון יעקבֿ יאָסעלעוויטש, פֿון די ערשטע ציוניסטישע מנהיגים אין אַרגענטינע און רעדאַקטאָר פֿון יודישע האָפֿנונג, ציוניסטישער אָרגאַן, דער בעסטער און דער פֿײַנסטער, דער ליטעראַרישסטער פֿון אַלע, וועלכע זײַנען דערשינען אויפֿן ציון־פֿעלד אין ב״א. ער קריטיקירט, אָבער ער זעט אויך דאָס פּאָזיטיווע, דעם קערן פֿון לעבן, פֿאַר וועלכן ס׳זאָל כדאַי זײַן צו קעמפֿן.

און אַחרון אַחרון חבֿיבֿ — ליטעראַטור. דער יוד האָט געוויזן, אַז גוטע ליטעראַטור איז די בעסטע וויזיט־קאַרטע פֿאַר דער ייִדישער פּרעסע, דער לאָקנדיקסטער שטאָף צו געווינען לייענערס און... נשמות. ליטעראַטור וואָס דערהייבט איז אַ ברכה פֿאַרן מאָרגן, בעת

[9] דער יוד, נ׳ 3, יאַנואַר 1900.

ליטעראַטור וואָס דערנידעריקט קען ברענגען עולם־הזה, אָבער האָט נישט קיין עולם־הבא.

דער יוד האָט זיך פאַרבונדן מיט ליטעראַטור וואָס דערהייבט. ער האָט אַרײַנגעצויגן מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם און י. ל. פרץ, אַבֿרהם רייזען, דוד פינסקי און ש. אַנ—סקי, משה־לייב ליליענבלום, דוד פרישמאַן און שלום אַש, בעל־מחשבֿות, א. וואַלט (א. ליעסין) און מאָריס ראָזענפעלד, ש. פרוג, יהואָש און י. י. שוואַרץ. און נאָך, און נאָך, און נאָך, פון אייראָפּע און פון דער גרינער אַמעריקע — שרײַבערס פון אַלערליי ריכטונגען, אָפּגערעדט שוין פון ח. נ. ביאַליק און לייב יפה, ראובֿן ברײַנין און נחמן סירקין.

דער יוד איז, בכן, אַ מוסטער פון אַ טריבונע פאַר אַלייִדישקייט און אַלוועלטלעכקייט. דער דאָזיקער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג נעמט־אַרײַן פאַר מיטאַרבעטערס שרײַבערס, וועלכע זײַנען גאָר רעוואָלוציאָנערן. אַנ—סקיס און רייזענס רעוואָלוציאָנערע לידער זײַנען צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין יוד...

יעדער נומער פון יוד איז געווען אַ מאָדעל, מיט וואָס אַ ייִד דאַרף זיך אינטערעסירן: 1) די אַחריות, וואָס יעדער ייִד דאַרף טראָגן פאַרן לעבן פון אַלע ייִדן אויף דער גאַנצער וועלט — כפי דער מימרא כל ישׂראל ערבֿין זה בזה; 2) דאָס בילד פון פאָלק, אָפּגעשפיגלט אין זײַן ליטעראַטור, שטאַרקט יעדן איינעם וואָס געניסט פון איר און דעם כלל וואָס זי פּרעזענטירט; 3) אַזוי ווי די גאַראַנטיע פאַר דער עקסיסטענץ פון יעדן פאָלק איז זײַן לאַנד, זײַן קולטור און זײַן לשון /אָדער לשונות, וואָס די ייִדן זײַנען נישט די איינציקע אויף דער וועלט וואָס האָבן עטלעכע לשונות/, איז זײַן גליק אָפּהענגיק פון זײַן זעלבשטענדיקייט, פון זײַן פרײַהייט ווי אַ סווערען פאָלק.

פאַקטיש, הייסט עס, האָט דער יוד פאַרענטפערט די אַלטע און אייביק נײַע פראַגע: ווער איז אַ ייִד. דער וואָס האַלט, אַז אַל דאָס געשאַפענע דורך אַלע דורות געהערט צו זײַן ירושה — דער איז אַ ייִד.

## דער פֿאָלקסקאַמף פֿאַר אויטענטישקייט

דאָס איז אייגנטלעך איינע פֿון די קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען אין דעם ייִדישן געראַנגל פֿאַר אויטענטישקייט און איבער הויפּט אין דעם ייִדיש־געראַנגל פֿאַר אויטענטישקייט. זײַן אויפֿריכטיק איז אַ סך שווערער ווי אָפּנאַרן זיך און די גאַנצע וועלט... פֿון דער דאָזיקער אָפּנאַרערײַ לײַדט ייִדיש ביז גאָר. דאָס זעט מען איבער הויפּט אין דעם, ווי גרויס עס איז די צאָל פֿון די וואָס זײַנען נאה דורש און ווי קליין עס איז די צאָל פֿון די וואָס זײַנען נאה מקיים...

אחד־העם איז טאָקע געווען צווישן די פֿון ציוניסטישן קאָמי־טעט, וואָס האָט געשטימט פֿאַרן אַרויסגעבן דעם 2טן פּאַרטיי־אָרגאַן אין ייִדיש, אָבער ווען ער האָט געזען עטלעכע נומערן פֿון דער צײַט־שריפֿט, האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו צום רעדאַקטאָר אונטערן טיטל „ווער איז דער יוד?" — דער אינטערעס צו דער צײַטשריפֿט האָט אים אי הנאה געטאָן אי ווײ געטאָן... דער על פּרשת דרכים־פֿילאָ־סאָף האָט געמיינט, אַז דער יוד וועט ריידן בלויז צום „גאַנץ פּראָסטן עולם", און דאָ האָט ער גאָר געזען, אַז די שרײַבערס פֿון יוד „מיינען גאָר נישט מיט זייערע רייד דעם פּראָסטן ייִדישן עולם באַהילפֿיק צו זײַן, אים געבן צו פֿאַרשטיין, וואָס ער פֿאַרשטייט נישט", און אַזוי אַרום קאָן נאָך, חלילה וחס, זיך אויסווײַזן, אַז „דער ליבער זשאַרגאָן קען און דאַרף ווערן אונדזערווירקלעכע נאַציאָנאַלע שפּראַך"[10]...

דאָס, וואָס איז געזאָגט מיט אַכזריותדיקער אויפֿריכטיקייט, טוען אַנדערע מיט סענטימענטאַלער נאַיִוויטעט פֿון די נישט־דערפֿאַרענע און ס'געלינגט זיי מיטצושלעפּן מיט זיך נישט־דערפֿאַרענע.

אין אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע זײַנען דעפֿינירט שוין בײַם אָנהייב פֿון 20סטן י"ה, איז דער יוד אַן אויסערגעוויינטלעך דעראײַ־געניש און זײַן רעדאַקטאָר, וועלכער איז נישט געווען דער מאַן וואָס האָט געזוכט צו זײַן אַ העלד, אַ וואָרטפֿולער אויפֿטוער.

שטילערהייט האָט ד"ר יוסף לוריע דורכגעפֿירט דאָס, וואָס אַנ־

[10] דער יוד נ׳ 7, אַפּריל 1899.

דערע האָבן אין פֿרײַערע באַדינגונגען נישט געפּרובירט צו טאָן. דערפֿאַר איז אין פֿאַרשיידענע זכרונות וועגן אים פֿאַראַן דאָ און דאָרט אַ סתּירה. וואָרן אויב ס'איז ריכטיק, אַז ער האָט זיך געשראָקן צו דרוקן לידער אויף רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון, אָבער זיי שפּע־טער יאָ געדרוקט, ווי אַבֿרהם רייזענס ווינטערליד, טאָר מען נישט פֿאַרגעסן, אַז הגם דער זשורנאַל איז געדרוקט געוואָרן אין אויס־לאַנד, האָט מען געקענט באַשטראָפֿט ווערן פֿאַר פֿאַרשפּרייטן אים אונטער די אויגן פֿון דער צאַרישער פּאָליציי. די באַלעבאַטישע ייִדן פֿון „אַחיאָסף" האָבן אַי מורא געהאַט פֿאַר דער בונטאַרשיקייט, אַי עס איז זיי נישט געגאַנגען אין לעבן אײַנצושטעלן זיך פֿאַר פּאָע־זיע... אַחד־העמס מורא איז אַוודאי נישט פֿרעמד געווען איניקע וואָס האָבן געהאַט אַ דעה איבערן זשורנאַל. און מ'האָט ווירקלעך באַדאַרפֿט האָבן מוט אויף אײַנצושטעלן זיך — טאָקע פֿאָרזיכטיק — אָבער אײַנגעשטעלט איז עס אַלץ געווען. און ווער שמועסט נאָך, אַז דער יוד האָט אָפּגעדרוקט מרדכי ספּעקטאָרס ענטפֿער קעגן אַחד־העמען, אַרויסהייבנדיק אַ לײַדנשאַפֿטלעכע פֿאַרליבטקייט אין לשון ייִדיש: „אַז דער ייִדישער זשאַרגאָן איז נייטיק פֿאַר אונדזער פֿאָלק ווי עסן, נייטיק ווי די אויגן אין קאָפּ".

דער יוד האָט, אַזוי אַרום, אײַנגעפֿירט אַ רירנדיקע טאָלעראַנץ צו מיינונגען, ווי דאָס איז אין צײַטונגען זעלטן צו געפֿינען.

למשל. שלום עליכם איז געווען פֿון די חשובֿסטע מיטאַרבעטערס אין יוד. ער איז זיכער געווען איינע פֿון די גרעסטע אַטראַקציעס פֿאַרן לייענער. פֿון דעסט וועגן האָט דער רעדאַקטאָר געגעבן די פֿו־לע פֿרײַהייט דעם יונגן יולי ענגעל אָפּצוענטפֿערן שלום עליכמען אויף זייער אַ שאַרפֿן און ביטערן אופֿן אין דער פֿראַגע וועגן מאַרק וואַרשאַווסקיס פֿאָלקסלידער. הערט, אַדרבה, ווי דער יונגער אַקאַ־דעמיקער פֿון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע האָט געשריבן אין זײַן תּשובֿה דעם הערן „שלום עליכם"! גאָר נישט אידל זאָגט ער דעם שוין באַרימטן מײַסטער פֿון ייִדישן הומאָר: „מיט דעם גאַנצן געוויכט פֿון אײַער ליטעראַרישן נאָמען שטופּט איר און טרײַבט

דאָס ייִדישע ליד אויף דעם וועג פֿון אויסאַרטונג, אַז אַפֿילו דאָס ביסעלע נאַציאָנאַלע, וואָס מיר האָבן געירשנט פֿון אָבֿות אַבֿותינו און האָבן עס גאַנץ און אומפֿאַרדאָרבן דערטראָגן ביז הײַנטיקן טאָג, זאָל אויך גיין צו גרונט!" [11].

ס'איז שווער אָפּצושאַצן, וואָס פֿאַר אַ ווירקונג עס האָט געהאַט דער צוזאַמענשטויס צווישן ענגעלן און שלום עליכמען, אָבער אַ ווירקונג לטובֿת דעם ייִדישן פֿאָלקלאָר האָט ער זיכער געהאַט. ענגעל, דער שפּעטערדיקער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט פֿאָלקלאָריסטיש אילוסטרירט מוזיקאַליש אַן—סקיס „דיבוק", האָט מיט דער רוגזהדיקער אַטאַקע געוויזן, וויפֿל לײַדנשאַפֿטלעכע ליבע ס'איז דאָ פֿאַרן פֿאָלקשאַפֿן, און אַז ס'איז שוין דאָ אַ יוגנט, וואָס קומט פֿון די גוייִשע אַקאַדעמישע קרײַזן, גרייט אײַנצושטעלן אַקאַדעמישע פּרינציפּן און קנאַיִשן ערנסט אויך אין ייִדישער מוזיק.

דער יוד, זעען מיר, איז די ערשטע ייִדישע אויסגאַבע, וואָס בויט זיך אויף זשורנאַליסטיק, מיט אַ ביז גאָר געהויבענער באַציִונג צו בעלעטריסטיק, אויך צו ערנסטער קריטיק.

געווינטלעך, אַז אַ חודשניק ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ וואָכנבלאַט, גייט ער אַראָפּ אויף אַ נידעריקערן ניוואָ. מיטן יוד האָט פּאַסירט דאָס פֿאַרקערטע. ער האָט מיט דעם געוויזן, אַז נישט בלויז די לומדישע קרײַזן זײַנען גוטע לייענערס, נאָר אויך עמך קאָן צושטעלן מחנות לייענערס און אַזוי אַרום הייבן דעם ייִדישן קולטור־ניוואָ בכלל. דאָס איז געווען יוסף לוריעס אויפֿטו. דערפֿאַר האָבן אונדזערע פּראָמינענטסטע ליטעראַטור־קריטיקערס, בעל־מחשבֿות און ש. ניגער, געהאַט פֿאַר אים אַ סך דאַנקשאַפֿט, לויב און צו מאָל אַנטציקונג.

און אויב די ערשטע טעגלעכע צײַטונג אין רוסלאַנד, דער פֿרײַנד, איז געווען אַ גרויס קולטור־געשעעניש, האָט דער יוד אין דעם זייער אַ גרויסן חלק.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[11] דער יוד נ' 40, אָקטאָבער 1901.

# 1

אלטנייַלאַנד

אילוסטרירטער חודש־זשורנאַל געווידמעט ארץ־ישראל

רעדאַגירט פון א׳ טריוואַקס

ALTNAJŁAND, miesięcznik, № 1, Sierpień 1919.

№ 1 אינהאַלט: אב תרע״ט.


תשעה־באב אין המשה־עשר באב     דער מקום המקדש (בילד)
מאַקס נאָרדוי (מיט׳ן בילד)
שטאָדט־בילדער פון ארץ ישראל (2 זאַץ)
פראָפ. ד״ר חיים ווייצמאַן: אונזער אוניווערזיטעט אין ירושלים
ד״ר א. רופין: דער מענשען־מאַטעריאַל פאַר א״י
אינזש. ווילבושעוויטש: די אינדוסטריע אין א״י
ד. טריטש: אַמעריקאַנישע ענטוויקלונגען און אָריענט
די נייע בריק איבע׳ן ירדן (בילד)
נ. סאָקאָלאָוו: די ענגלענדער און א״י (מיט סאָקאָלאָוו׳ס בילד)
מכרתי נוף מולדתי... (ליעד)
ש. ל. גאָרדאָן, יעקב דינעזאָהן, זרובבל, י. מערע־מינסקי, ד״ר ש. א. פאָזנאַנסקי, אברהם פאָדלישעווסקי, דוד פרישמאַן, נ. שוואַלבע: די שפראַכען־פראַגע אין א״י
א. י. טריוואַקס: די אנטוויקלונג פון א״י (I)
פראָפ. ד״ר ס. קלײַנמאַן: די געוויקסען פון א״י
יהואָש: מאַראַנצען־בוימער (ליעד)
לייטענאַנט ר. (פון׳ם יודישען לעגיאָנס־לעבען)
פון דער יודישער סאָלדאַטען־היים אין ירושלים (בילד)
אהרן אהרנסאָן (מיט זיין בילד)     זכרון יעקב (בילד)
אהרן אהרנסאָן: אונזערע פערלאַנגען
צו דער געשיכטע פון׳ם ציוניזם
ביבליאָגראַפיע (די ארץ־ישראל־ליטעראַטור 1915—1919)
דער חודש (ידיעות)     לואיס בראַנדייס (בילד)
א מאַפּע פון ארץ־ישראל מיט די נייע באַהנען


# דורך שוואַכלאַנד
# און פלאַכלאַנד
# צו דיר —

## אליה בחור

### סוף־פסוק פון „בבא־בוך"[1]

פֿון צער און פּײַן דערליײזן זאָל
אונדז גאָט, און גנאָד אַ סך אונדז געבן,
צו קאָנען זוכה זײַן אַ מאָל
משיחס צײַטן צו דערלעבן.
אין ירושלים צי אין טאָל
אונדז פֿירן, צי נ'אַ דאָרף דערנעבן.
מיר ס'בית־המקדש בויען וועלן,
וכן יהי רצון, אָמן סלה.

## אַן אַלט פֿאָלקסליד

### אויפֿן וועג שטייט אַ בוים...

אויפֿן וועג שטייט אַ בוים,
שטייט ער אײַנגעבויגן,
גייט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל
מיט פֿאַרוויינטע אויגן.

— גאָט, גאָט, גרויסער גאָט,
לאָמיר דאַווענען מנחה —
אַז ייִדן וועלן גיין קיין ארץ־ישׂראל,
וועט זײַן אַ גרויסע שׂמחה!

---

[1] געשריבן אין 1507 אין ווענעציע. דער סוף־פּסוק איז פֿון ב' 8 מוסטער־ווערק אין משה קנאַפּהייס' איבערדיכטונג.

י. ל. פּרץ

# די ערשטע מתנה

## פֿון „דרײַ מתּנות"

... גזלנים זײַנען אַ גבֿיר באַפֿאַלן. גזלנים מיט מאַסקעס אויף די פּנימער. איינער האַלט אַ ברענענדיקן שטורקאַץ אין דער האַנט און לײַכט; אַ צווייטער שטייט בײַם גבֿירס ברוסט מיט אַ בליצנדיקן מעסער און חזרט אים אַלץ אין איינעם איבער: „רירסטו זיך, ייִדל, איז דײַן סוף! גייט דיר דער שפּיץ פֿון מעסער פֿון יענער זײַט רוקן אַרויס"!... און די רעשט עפֿנט קאַסטנס און שרענק, און רויבט.

און דער ייִד שטייט בײַם מעסער און קוקט געלאַסן צו... קיין ברעם איבער זײַנע שמאָלע אויגן, קיין האָר פֿון דער ווײַסער באָרד ביז צו די לענדן רירט זיך נישט... נישט זײַן זאַך... „גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט גענומען — טראַכט ער — געלויבט איז זײַן הייליקער נאָמען!... מיט דעם ווערט מען נישט געבוירן און דאָס גיט מען נישט מיט אין קבֿר אַרײַן" — שעפּטשען זײַנע בלאַסע ליפּן.

און ער קוקט גאַנץ רויִק צו, ווי מען עפֿנט דעם לעצטן שופֿלאָד פֿון דער לעצטער קאָמאָדע און ווי מען שלעפּט־אַרויס זעקלעך מיט גאָלד און זילבער, זעקלעך מיט צירונג און אַלערליי טײַערע כּלים, — און ער שווײַגט...

און אפֿשר איז ער זיי גאָר מפֿקיר!

נאָר פּלוצלינג, אַז די גזלנים טרעפֿן צום לעצטן באַהעלטעניש און ציִען־אַרויס אַ קליין זעקעלע, דאָס לעצטע, דאָס באַהאַלטנסטע — פֿאַרגעסט ער זיך, ציטערט ער אויף, צעפֿלאַמען זיך אים די אויגן, ציט ער אויס צום ווערן די רעכטע האַנט, וויל ער אַ געשריי טאָן:

— „רירט נישט!"

נאָר אויפֿן אָרט פֿון אַ געשריי שפּריצט־אַרויס אַ רויטער שטראַל

פֿון רויכערדיקן בלוט — דאָס מעסער האָט זײַנס געטאָן... עס איז דאָס בלוט פֿון האַרץ און שפּריצט אויפֿן זעקל אַרויף!

ער פֿאַלט און געשווינד רײַסן די גזלנים אויף דאָס זעקל — דאָ וועט זײַן דאָס בעסטע, דאָס טײַערסטע!

זיי האָבן אָבער אַ ביטערן טעות געהאַט; אומזיסט בלוט פֿאַרגאָסן — נישט קיין זילבער, נישט קיין גאָלד און נישט קיין צירונג איז אין זעקל געווען; גאָר נישט פֿון דעם, וואָס איז טײַער און האָט אַ ווערט אויף דער דאָזיקער וועלט! עס איז געווען אַ ביסל ערד, ארץ־ישׂראל־ערד אין קבֿר אַרײַן, און דאָס האָט דער גבֿיר געוואָלט ראַטעווען פֿון פֿרעמדע הענט און אויגן, און מיט זײַן בלוט באַשפּריצט...

ר׳ מרדכילע

## העלדן

וועד רײַט עס אין דער שוואַרצער נאַכט,
ווי אַ קריגסהעלד אײַלט צו דער שלאַכט,
ברוסט און רוקן אײַנגעפּאַסט
אין קופּער בלאַנק און שטאָל?
וואָס יאָגט ער זיך אַזוי מיט האַסט,
שנעל גאַלאָפּ אויף באַרג און טאָל?

דאָס איז פֿון יענער וועלט אַ גאַסט,
דער גרויסער מכּבייער־העלד
און עלטסטער פֿון די ברידער חשמונאים!
ער קען נישט רוען אין זײַן אייביק שטיל געצעלט
אין פֿאַמיליען־מערה בײַ מודעים,
און שלאָגט די שעה אים

צום ערשטן ליכטל האַלבע נאַכט —
ווערט דער אָרון אויפֿגעמאַכט
שפּאַלט זיך אויף די ערד;
יהודה טרעט־אַרויס, גורט־אָן זײַן שווערד
און זעצט זיך רײַטן אויף זײַן פֿערד.

אַ פֿערד — אַ לייב, אָן זאָטל, צוים,
פֿאָלגט זײַן רײַטער אויפֿן ווונק;
עס זעצט פֿון מויל אַ ווײַסער שוים
און פֿון די קלאָען — פֿײַערפֿונק.
און פֿײַער שפּריצט פֿון יהודהס אויגן;
עס בלאַנקט און בליצט דאָס בלויזע שווערד פֿון שייד געצויגן
אין זײַן רעכטער האַנט,
און מיט דער לינקער — פֿײַל־און־בויגן,
שטײַף געשפּאַנט.
ער רײַט פֿון לאַנד צו לאַנד,
פֿון שטאָט צו שטאָט,
אין אַלע ווינקעלעך פֿון גלות,
ווו אַ נעסט
פֿון שאַנד און שפּאָט,
און זוכט דאָס רעשט פֿון זײַנע העלדישע חיילות:
אַ פֿונק פֿון יענער גלוט,
אַ שפּור פֿון יענעם מוט,
אַ טראָפּן וואַרעם בלוט
פֿון לעבעדיקע מענטשן,
וואָס קענען זיך שוין ניט באַניגן
בלויז מיט ליכטלעך בענטשן
און זאָגן על הניסים
מיט אַן אומעטיקן ניגון.
עס איז געווויס אים:

ערגעץ ווו ליגן
נאָך קרעפּטן פֿאַרבאָרגן
אונטער די חורבֿות —
זיכערע ערבֿות
פֿון בעסערן מאָרגן!

און ער געפֿינט:
דאָ —אַ הויזגעזינד,
וואָס פֿירט זיך איראָפּעיִש אידל
און צינדט ליכטלעך אָן אויף יאָלקעס,
שענקט דעם קינד
אַנשטאָט אַ דריידל —
סקעטינג־שיכעלעך מיט ראָלקעס;
דאָרט — אַ הויז, אַ שטרענג נאַציאָנאַל,
פֿעסט בײַ ייִדישקייט געבליבן.
לכּבֿוד חנוכּה — אַ באַל
מיט לאַטקעס, פֿרישע גריוון,
דערצו די יערלעכע חזקה
אויף אַ טשאַקענדיקער אָקע...

רײַט ער ווײַטער,
ווערט ניט מיד:
עס מוז דאָך געבן
ערגעץ ווו אַ סימן לעבן
בײַם אייביקן ייִד!

פּלוצלינג דערהערט ער —
אַ העלדנליד!
האַלב באַקאַנטע ווערטער,
ער האָט אָבער אַ סימן
אין די שטימען —

יעקבֿס קול!
גבורי־ישׂראל
פֿינף און זיבעציק אין צאָל
מאַרשירן מיט אַ מאָל
אויסגעפּאַנצערט בלאַנק אין שטאָל!

רופֿט ער צו זיי פֿון דער ווײַטן:
קעגן מלכות יוון, ווי פֿאַר צײַטן,
מיר האָבן מיט זיי דאָך חשבונות אַ תהום
גאָר פֿרישע, אַחוץ די לאַנגגאַניקע:
פֿאַר אײַערע אויגן געמאַכט אַ פּאָגראָם
אויף ייִדן דאָ ערשט אין סאַלאָניקע!

און די העלדן מעלדן:
„מיר זײַנען העלענען
און זיי זײַנען טערקן!
מיר ווילן ניט קענען,
ניט וויסן, ניט מערקן.
ייִדן, מוסולמאַנען —
ביידע אונטערטאַנען
אָטאָמאַנען,
פֿאַר אונדז איז קיין חילוק!
און, שטאָלצע זין פֿון די באַלקאַנען,
גייען מיר פֿרײַוויליק
זיי ביידן פֿאַרטרײַבן פֿון דאַנען.

ווערט יהודהס האַרץ צעבראָכן,
קוים די בלאַסע ליפּן אויסגעשפּראָכן:
„אויף וועמען האָב איך דאָ געבויט
לופֿטשלעסער פֿון בטחון?
אויף אַ פֿאָלק, וואָס לאַנג שוין טויט?!

זײַנע העלדן — טויטע קנאָכן,
באַצויגן מיט אַ פרעמדער הויט!
פּגרים, מתים איבעראַל!
אויסגעלאָשן פון מײַן האָפן
שוין דער לעצטער שטראַל!״...

ער טוט אַ שלײַדער באַלד די וואָפן
מיט אַ גרילצנדיקן קנאַל
און זעט — דער קבֿר שטייט שוין אָפן,
דער קבֿר פון זײַן אידעאַל.

דוד פּינסקי

## דער שטומער משיח

### סצענעס פון 1טן אַקט

די האַנדלונג קומט־פאָר אין 1306 אין
דער צײַט פון אַ גרויסן גירוש (דורכן
קעניג פיליפ דעם 4טן)

בעטלער — ... אויף וואָס וואַרט מען?
שושן — וואָס ביסטו אַזוי אומגעדולדיק?
בעטלער — בײַם אָנהייב וויל איך וויסן שוין דעם סוף. און מוזן מיר גיין — וואָס זשע האָבן מיר פון זיצן?
דעם בלינדנס זון — און טאַקע, וואָס זיצן מיר דאָ נאָך?
שושן — מען האָט דאָס טויער דאָך נאָך אונדז ניט פאַרשלאָסן.
לוי — און וויס מען כאָטש, ווו מען גייט?
שושן — מיר גייען ביז צום ערשטן בעסטן לאַנד, און ווו מען וועט אונדז אַרײַנלאָזן, דאָרטן וועלן מיר בלײַבן.

בעטלער — אין גאַנצן מײַן געדאַנק.

ר׳ יוסף — איך האָב גענוג פֿון די קריסטן־לענדער. גענוג אויסגעשטאַנען בזיונות, געמוזט אויסהערן פֿון בלוטדאָרשטיקע גלחים שמד־דרשות אין מײַן אייגענער שול, באַשענקט געוואָרן מיט אַ געלן לאַפּיק [1]... קוקט־אָן מיט פֿאַראַכטונג און קאָפּשאָקלען דעם געלן לאַפּיק אויף דער ברוסט. צוגעזען, ווי זיי האָבן אונדז די הייליקע גמראָס פֿאַרברענט. און יאָרן לאַנג האָב איך שוין אין אַ גמרא נישט אַרײַנגעקוקט. אָך, אָך, אָך... איבערגעלעבט אַ פּאָר בלוט־בילבולים... יאָ, יאָ... גענוג פֿון די קריסטן־לענדער גענוג... איך האָב שוין לאַנג געטראַכט צו פֿאַרלאָזן זיי. בעסער צווישן מחמדאַנער צו לעבן אָדער מיט געצנדינערס. נאָר עפּעס האָט מיך שטענדיק צוריקגעהאַלטן. שווער געווען אײַך צו פֿאַרלאָזן. איצט אָבער בין איך שוין צו אַלט און וויל אַ ביסל רו און פֿרידן. כאָטש איין מאָל אָפּריכטן אונדזער הייליקן יום־טוב פּסח אָן מורא, אַז די מענטשן־ליבנדיקע קריסטן וועלן אונדזערע מצות מיט אונדזער בלוט פֿאַרמישן און זאָגן, אַז מיר האָבן אין זיי קריסטלעך בלוט אַרײַנגעקנאָטן. איך וועל גיין קיין אַפֿריקע, קיין מצרים, און אַז גאָט וועט וועלן, ברענגט ער מיך קיין ארץ־ישׂראל, דאָס לאַנד פֿון אַלע לענדער און דער ציל פֿון אַלע צילן.

ר׳ יחיאל — איך מיין, מיר דאַרפֿן נאָר אַריבערגיין די גרענעץ און בלײַבן. איר וועט זען, מען וועט אונדז באַלד צוריק רופֿן.

בלאַנש — אוי, הלוואַי! איך ריר מיך נישט אַוועק פֿון דער גרענעץ.

אַ מאַן — איך גיי קיין שפּאַניע. אין טאָלעדאָ איז איצט שאַצמײַסטער ר׳ שמואל. איך וואָלט געזאָגט, מיר זאָלן אַלע גיין אַהין.

אַ צווייטער — אויך איטאַליע איז איצט אַ רויִק אָרט פֿאַר ייִדן.

אַ דריטער — איך וואָלט געזאָגט, מיר זאָלן אַלע גיין קיין

---

[1] לאַטע.

דײַטשלאַנד. דער קייסער אַלברעכט איז צו אונדז גוט. איך גיי אַהין. מײַן טאַטנס ברודערס זון וווינט אין פֿראַנקפֿורט.

רחל — וועלכע האָט צוגעהערט מיט אַ ביטערן שמייכל, שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ. ישׂראל וויל צעשפּרייט זײַן און פֿאַרגרעסערן נאָך דעם גלות. אַלע ווערן אויפֿמערקזאַם און הייבן־אויף צו איר די אויגן. יעדער זוכט אַ ווינקל פֿאַר זיך און דאָס גאַנצע פֿאָלק בלײַבט אָן אַ הײם. די אויפֿמערקזאַמקייט וואַקסט. הלל קוקט זי אָן פֿון דער זײַט. עטלעכע טרעטן נענטער צו. נײַע היימען וויל מען גרינדן און די אַלטע האָט מען פֿאַרגעסן.

ר׳ יוסף — קרעכצט.

שושן — די אַלטע?

רחל — דאָס לאַנד פֿון אַלע לענדער, דער ציל פֿון אַלע צילן.

אביגדור — ווי? מאַכט־אַוועק מיט דער האַנט.

שושן און נאָך עטלעכע — ארץ־ישׂראל?

רחל — ארץ־ישׂראל.

שושן — ארץ־ישׂראל? צו ווײַט, מײַן טאָכטער. איך בין פֿאַר קורצע אָפּשטעלונגען. ויסעו ויחנו — דאָס איז אונדזער גורל. געצויגן, אָפּגעשטעלט זיך און ווײַטער געצויגן.

דער בעטלער — אַזוי בין איך מיך טאַקע נוהג.

רחל — איז בעטלער־מנהג ישׂראלס גורל?

שושן — דו הערסט עס ערשט, שטאָלצע טאָכטער? לאַכן און זיפֿצן אין עולם. מיר גייען שוין לאַנג אַרום, וווהין די אויגן טראָגן, גייען וווהין דער ווינט אונדז שטופּט. ווי בעטלערס קלאַפּן מיר אָן אין די טירן מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און אָנגעבויגענע רוקנס, און אונטערטעניק קושן מיר די האַנט, וועלכע מאַכט אונדז אויף אַ טיר. אָט איצט גייט אונדזער וועג קיין דרום, וועלן מיר גיין קיין דרום און אָפּשטעלן זיך בײַ דער ערשטער טיר. ארץ־ישׂראל איז ווײַט, ליבע טאָכטער. אַזוי ווײַט צו גיין וועט אונדזער עולם קיין געדולד נישט האָבן.

רחל — ווי, ווען איר וועט אַלע נאָענטע טירן געפֿינען פֿאַר־שלאָסן?

שושן — פֿונאַנדערפֿירנדיק מיט די הענט. יאָ־יאָ... זיי זײַנען דאָך אָבער נישט פֿאַרשלאָסן. איטאַליע, שפּאַניע, דײַטשלאַנד...

רחל — דאָס איז עס! ישׂראל וו י ל צעשפּרייט זײַן. פֿון אַלע זינד ישׂראלס איז דאָס די גרעסטע. זײַנע תּפֿילות זײַנען פֿול מיט ציון, אָבער וואָס ער זאָגט, דאָס מיינט ער נישט. ווי קאָן גאָט אויפֿנעמען זײַנע תּפֿילות?

ר׳ יוסף — רייד נישט, טאָכטער, אַזוי. ישׂראל איז שוין שווער באַשטראָפֿט. דאַרפֿסט זײַן שולד נאָך נישט פֿאַרגרעסערן. זײַן האַרץ איז אין זײַנע תּפֿילות. ער בעט צו גאָט און וואַרט.

רחל — אַך, פֿאַרשטאָפּט איז ישׂראלס האַרץ, און גאָטס צייכן פֿאַרשטייט ער נישט מער.

שושן — וועלכן צייכן?

רחל — דער גירוש. דאָס, וואָס מען האָט אײַך פֿון אײַערע אַל־טע אײַנגעזעסענע היימען אַרויסגעטריבן.

בלינדער — עס רעדט משיח מיט דער מיידלס ליפּן!

אַביגדור — ארץ־ישׂראל! דאָס לאַנד איז וויסט. די שטעט זײַ־נען חרובֿ. די ערד איז אַ מדבר. וואָס וועלן מיר דאָרטן טאָן? פֿאַר־אָרעמטע, באַרויבטע, אָן מיטלען אַ טאָג איבערצולעבן. זיפֿצן און קרעכצן אין דעם אַרום. וואָס וועלן מיר אין דעם מדבר אָנהייבן? פֿון וואָס וועלן מיר זיך דערנערן? פֿון וועמען וועלן מיר לעבן?

בעטלער — מײַן געשעפֿט איז אין סכּנה! איך גיי נישט אַהין.

רחל — איך רייד פֿון אַ לאַנד, וואָס מיר האָבן נישט אויפֿגע־הערט צו ליבן, פֿון אַ היים, ווו מיר וועלן דאָס היימגעפֿיל צום שטאַרקסטן האָבן.

הלל — אַך, דאָס היימגעפֿיל וועל איך אין ערגעץ שוין נישט האָבן. מײַן היים — אָט דאָ איז זי געווען. פֿון איצט אָן בין איך אין גלות; פֿון איצט אָן בין איך נע־ונד. קרעכצן און זיפֿצן צווישן עולם. ווו איך וועל זײַן, וועל איך אַהער דאָך בענקען. ווי ליב איך יעדעס

ווינקל דאָ, יעדעס גרעזעלע און ביימל! ווי טײַער איז מיר דער הימל פֿון איליריע! ווי האַרציק מיר איז די לופֿט! אַך, מען ליבט דאָס אָרט נאָר, וווּ מען איז געבוירן, דאָס לאַנד וווּ אונדזער וויג איז געשטאַנען.

רחל — *שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ.* איר קענט אַלע מײַן פֿאָטער. *איר שטימע ציטערט־אויף.* איר האָט אַלע אים געקאָנט. ער איז געבוירן געוואָרן אין איליריע און האָט איליריע שטאַרק געליבט, און איז איר שטענדיק טרײַ געווען און איבערגעגעבן. ער האָט זײַן ליבע נישט איין מאָל אַרויסגעוויזן ווי אַ שאַצמײַסטער און דאָקטער, און קיין קרבן איז אים נישט צו גרויס געווען פֿאַר איליריע. דאָך איז זײַן גרעסטע ליבע געווען אונדזער אַלטע היים. זײַן גרעסטע בענקעניש האָט ער געטראָגן צו דעם הייליקן לאַנד. דאָס איז געווען זײַן נשמה־יתירה און געגעבן אים אַפּילו דיכטער־פֿליגל. איך וועל פֿאָרזאָגן אײַך אַ מזמור, פֿון מײַן פֿאָטער לאַנג פֿאַרפֿאַסט, אַן אויסדרוק פֿון זײַנע האַרציקסטע געפֿילן. איך ווייס, ער וואָלט עס בעסער פֿאָרגעזאָגט. *איר שטימע ברעכט זיך.* ער וואָלט געוויס אײַערע הערצער געמאַכט הויך און מעכטיק שלאָגן, ווי ער האָט מײַן האַרץ אויפֿגערודערט מיט זײַן פֿאָרזאָג. דאָך... *קעמפֿט מיטן וויינען.* זײַן מויל, וואָס האָט גאָלד גערעדט... איז... אויף אייביק... שוין פֿאַרשלאָסן! *צעוויינט זיך.*

*עטלעכע פֿרויען צעוויינען זיך צוזאַמען מיט איר*

רחל — *שטאַרקט זיך און הייבט־אָן פֿאָרצוזאָגן, צו ערשט שטיל מיט אַ שטימע פֿון טרערן דורכגענומען, צו לעצט זייער פּאַטעטיש.*
וואָס מאַכט מיר ווייך מײַן האַרץ און מאַכט עס שמערצלעך שלאָגן?
שמערצלעך, ווײַל פֿון בענקעניש; בענקעניש, ווײַל פֿון ליבע. וואָס טרײַבט די טרערן מיר צום האַלדז און ברענט מיט נאַסקייט מיר די אויגן? טרערן, ווײַל פֿון בענקעניש; בענקעניש, ווייל פֿון ליבע.
דאָס איז אַ לאַנד אין ווײַטן מזרח. אַ שטאָט וואָס אין איר האָט גאָט גערוט. ווען זי גייט מיר אויף אויף מײַן זכּרון, ווערט מיט זיסן

שמאַרץ מײַן האַרץ מיר אָנגעפֿולט, און פֿון טיפֿן בענקען צעגיס איך מיך אין טרערן. איך זע זי אין איר פּראַכט, די פֿיל באַפֿעלקערטע, איך זע זי אין איר הערלעכקייט, די שטאָט, וווּ דוד האָט געקיניגט. איך קען דאָס לאַנד דאָך נישט און ליב עס דאָך אומענדלעך. איך האָב עס קיין מאָל נישט געזען, און האַרץ און אויגן זײַנען פֿון אים פֿול. דערהער איך נאָר איר נאָמען, ציטערט־אויף מײַן האַרץ. זי איז מײַן נשמהס חלום אין שלאָפֿן און אין וואַכן. ווי ציט מיך צו דיר, ירושלים, די שטאָט, וווּ אונדזערע נביאים האָבן גערעדט. ווי גאַר איך דיך צו זען, דו לאַנד, וואָס גאָט אַליין האָט פֿאַר אונדז אויס־געקליבן. ווען גאָט ברענגט מיך צו דיר, וועל איך פֿאַלן אויף מײַנע קני און קושן דײַן ערד, ווי אַ געליבטער האָט נאָך קיין מאָל נישט געקושט זײַן געליבטע. מיט מײַנע פֿריידן־טרערן וועל איך דיך זאַט מאַכן און מײַן האַרציק יויכצען וועט אויפֿדונערן דײַן לופֿט. ווער גיט מיר, איך זאָל דיך קאָנען אַרומנעמען און טוליען זיך צו דײַן ברוסט, ווי אַ קינד צו דער ברוסט פֿון זײַן מוטער! מײַן האַרץ ווערט מיר צעריסן. איך ווער דערשטיקט פֿאַר בענקעניש. זי וואַקסט אין מיר מיט יאָרן, ווערט גרעסער מיט מײַן עלטער. ציון, געליבטע מײַן! ירושלים, מײַן טײַערע געזעלין! זי בלײַבט שטיין פֿאַרקלערט, די אויגן אָנגעשטרענגט אין דער ווײַט און אָנגעגאָסן מיט טרערן. דער עולם איז גערירט. קיינער באַוועגט זיך נישט. שטיל געוויין.

אַביגדור — ווי פֿאַר זיך. נו, יאָ, אַ שיר.

רחל — לאָזט לאַנגזאַם אַראָפּ איר בליק אויף אַביגדורן. איז דאָס אַלץ, וואָס אַביגדור דע קארביי האָט צו זאָגן? איז אין זײַן האַר־צן ווירקלעך אָפּגעשטאָרבן יעדעס געפֿיל צו אונדזער אַלטן לאַנד?

ר׳ יוסף — ווישנדיק זיך די אויגן. ווילט איר מיר, אײַער אַלטן רבֿ, פֿאָלגן? לאָמיר גיין קיין ארץ־ישראל. אַלע צוזאַמען.

בעטלער — בײַ מיר געפּועלט. הײַזער וועלן דאָך דאָרטן זײַן, ווי ?

בלאַנש — ווי לאַנג קאָן אַהינצו נעמען?

שושן — דאָס איז די עיקר־פֿראַגע.

ר׳ יוסף — באַשליסן מיר צו גיין קיין ארץ־ישׂראל, וואָס מאַכט דער גאַנג אויס? מיר שטעלן זיך אַ ציל און מיר וועלן עס דער־גרייכן.

רחל — דאָס איז עס, ייִדן, ווילט נאָר, און מיר וועלן שוין אַהינצו קומען. איר האָט ערשט אַ גרויסע העלדישקייט אַרויסגעוויזן און פאַר אונדזער גלויבן אַ היימאַטלאַנד פאַרלאָזן. איצט האָט איין זיך דעם מוט צו דערגרייכן דאָס לאַנד, מיט וועלכן אונדזער גלויבן איז ענג פאַרבונדן. ווילט איר, ייִדן? ווילט איר?

געשריי — מיר ווילן! מיר ווילן!

רחל — אין עקסטאַז. דאַן, אין גאָטס נאָמען, אין וועג אַרײַן! באַוועגונג. מען נעמט זיך צום געפּעק. געשרייען: אין וועג אַרײַן! אין וועג אַרײַן! געוויין.

בלינדער — אין עקסטאַז. משיחס גײַסט איז צווישן אונדז!

שושן — שרײַט. שטייט! די טויערן זײַנען אָפן נאָך. מיר דאַרפן וואַרטן, ייִדן זײַנען געוויס נאָך אונטערוועגס.

ר׳ יחיאל — אָדער אפשר...

שושן — וואָס קאָן דאָ מערער זײַן?

ר׳ יחיאל — אפשר... בײַ גאָט קאָן אַלץ זײַן... אפשר האָבן זיי דאַרטן חרטה? אפשר האָט גאָט אומגעקערט דעם קעניגס האַרץ צו גוטן און מען וועט אונדז באַלד גאָר אומקערן צוריק. באַוועגונג. מור־מלען.

הלל — ווי אויפגעוואַכט. גאָט! הייבט־אויף די האַנט צום הימל

רחל — באַקוקט מיט שרעק דעם עולם. גאָט!

ר׳ יחיאל — אין דער גרעסטער נויט קומט שטענדיק אונדז די הילף. אַחשורוש האָט אַ נאַכט בלויז נישט געשלאָפן, און די ייִדן אין פּרס זײַנען ניצול געוואָרן.

שושן — דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער נס.

אַביגדור — איך גלייב אין אים נישט. דער קעניג דאַרף אונד־זער געלט. זײַן קעשענע איז מעכטיקער פאַר זײַן האַרץ.

ר׳ יחיאל — דאָס האַרץ פֿון מלכים און שׂרים איז אין גאָטס האַנט.

בלאַנש — אוי, ווען גאָט באַווײַזט זײַן חסד... איך בין עס נישט ווערט, ייִדן, איך בין עס גאָר נישט ווערט... שלעפּט אירע פּעק־לעך נענטער צום טויער.

דעם בלינדנס שנור — גאָטעניו, באַווײַז דײַן נס!

מרים — דו קאָנסט דאָך, גאָט! דו קאָנסט דאָך! מען הייבט זיך אָן צוצורוקן צום טויער. מען רעדט צווישן זיך אומרויִק און וואָרעם.

בלינדער — דאָס קאָן ניט זײַן. משיח מוז קומען! דאָס איז אויסגערעכנט אין דער משנה פֿון דעם הייליקן תּנאי רבי שמעון בר יוחאי, אין זײַן הייליקן ספֿר, וועלכער הייסט דער זהר. ווען דאָס זעכציקסטע אָדער זעקס־און־זעכציקסטע יאָר וועט איבערטרעטן די שוועל פֿון דעם זעקסטן יאָרהונדערט פֿון דער וועלט, וועט זיך משיח באַווײַזן. מיר ציילן איצט דאָס זעקס־און־זעכציקסטע יאָר. עס איז שנת ה׳ אַלפֿים ס״ו לבריאת העולם. משיח וועט קומען! אָבער איי־דער ער קומט וועלן זיך די צרות פֿאַרגרעסערן, נישט פֿאַרקלענערן.

שושן — איך וועל גיכער גלייבן אין גאָטס נס ווי אין דער אויסרעכענונג פֿון אַ בעל־מקובל.

מרים — אַך, גאָטעניו, גאָטעניו!

וידער אַ געמיש פֿון שטימען. פּלוצלינג ווערט שטיל. די צוויי סאָלדאָטן ברענגען־אַרויס אַ געבונדענע געשטאַלט, לייגן זי אַוועק און טרעטן־אַרײַן צוריק אין טויער.

ערשטער סאָלדאַט — דאָס טויער ווערט איצט אויף אייביק פֿאַר אײַך פֿאַרשלאָסן, ייִדנפֿאָלק. ווער פֿון אײַך וועט זיך אַרײַנמאַכן אין שטאָט, דער וועט געקעפּט אָדער מיט געוואַלט געטויפֿט ווערן. אַזוי וויל דער קעניג און די הייליקע קירך! ער טרעט־אָפּ. דאָס טוי־ער ווערט שווער צוגעמאַכט. אַ האַרציק געוויין ברעכט־אויס. הלל פֿאַרדעקט זיך דאָס געזיכט מיט ביידע הענט, שווער אָטעמענדיק.

רחל — **מײַן פֿאָטער! מײַן פֿאָטער!** פֿאַרדעקט זיך דאָס געזיכט און שליוכצט.

אַביגדור — **דאָס איז דער בטחון. איך האָב געוווּסט.**

בלינדער — **משיח וועט קומען.**

ר׳ יוסף — **ווּעמען האָבן זיי דאָ געבראַכט?** גייט מיט שושן און נאָך עטלעכע צום געבונדענעם. **פֿניני! ר׳ מנחם! ברוך מחיה המתים!**

רחל — שרײַט־אויף. **מײַן פֿאָטער!** לאָזט זיך לויפֿן. אירע באַגלייטערינס נאָך איר. דער עולם טיילט זיך פֿאַר איר פֿונאַנדער, גיט איר דעם וועג. זי לויפֿט־צו צום געבראַכטן. ר׳ יוסף און שושן האָבן אויפֿגעבונדן און האַלטן־אונטער די הענט. זי וואַרפֿט זיך אים אויפֿן האַלדז מיט טרערן און לאַכן. **מײַן פֿאָטער! דו לעבסט! דו לעבסט!** באַדעקט אים מיט ווילדע קושן געזיכט און הענט. **איך האָב געמיינט, דו ביסט שוין טויט!... אַך, ווי האָט עס געשריִען אין מיר, וואָס איך ווייס נישט, ווו דײַן געביין איז אַהינגעקומען!... איך האָב מיר די ציינער צונויפֿגעפּרעסט, כּדי נישט ווילד צו ווערן פֿון שמאַרץ!... מײַן פֿאָטער! מײַן פֿאָטער!**

פֿניני — מיט טרערן אין די אויגן. קושט די טאָכטער, דריקט־איַין אירע באַקן, רוקט־אָפּ איר געזיכט, קוקט זיך אין איר אײַן און רוקט זי ווידער צו און קושט זי. אַ טאָן פֿון אײַנגעהאַלטענעם כליפּען רײַסט זיך פֿון זײַן האַרצן. אַ מין מרוקען. ער טוליעט די צו זיך, דריקט זי צו, דאָ צו איין זײַט, דאָ צו דער אַנדערער, באַוועגנדיק זיך שריטווײַז נאָך פֿאָרנט. גערירט טרעט מען פֿאַר זיי אָפּ. רחלס באַגלייטערינס גייען־נאָך און קושן די פֿאַלדן פֿון זײַן מאַנטל.

רחל — **פֿאָטער! פֿאָטער! — אָ, לאָז מיך דיך אָנקוקן! — ווי גרוי ביסטו געוואָרן! זיי האָבן דיך געפּײַניקט! — דײַן געזיכט איז גאַנץ צעשלאָגן! — דײַן שיינע באָרד האָבן זיי דיר אויסגעצופּט!** שרײַט־אויף מיט גרויס שרעק. **ווײ!... דײַנע נעגל!...**

פֿניני — גלעט זי אויף צו באַרויִקן.

רחל — **ווי האָסטו געליטן! וועלכע יסורים! אָ, פֿאָטער! פֿאָטערל!**

פנינ׳ — אָטעמט שווער. בייַסט־אייַן זייַנע ליפּן, ווי אייַנהאַל־טנדיק זיך פֿון אויסצוברעכן אין אַ גרויס געוויין.

רחל — **זאָג! דערצייל! דערצייל!**

פנינ׳ — גיט־אַרויס אַ ווייַנערישן קוויטש פֿון דעם פֿעסט אייַנ־געשלאָסענעם מויל און פֿאַרדעקט זיך דאָס געזיכט.

רחל — ציִענדיק זייַנע הענט. **פֿאָטער! וואָס איז דיר? פֿאָטער!**

שושן — **ער האָט געמוזט דאָרטן גענוג אָנלייַדן זיך. איך ווייס דעם טעם.** קרעכצן און זיפֿצן: **יאָ, יאָ! יאָ, יאָ!**

מרים — **ער האָט דאָך נאָך קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, אַזוי האָבן זיי אים פֿאַרגעבן.**

פנינ׳ — לאָזט ווידער אַרויס דעם ווייַנערישן קוויטש.

רחל — **פֿאָטער! פֿאָטערל! זאָג מיך אַ וואָרט! לאָז מיך ווידער הערן דייַן קול! רייד־אַרויס, שרייַ־אַרויס פֿון דיר די שמאַרצן, די באַליידיקונגען... פֿאָטער!**

פנינ׳ — גלייַכט זיך פּלוצלינג אויס, עפֿנט ווייַט פֿונאַנדער דאָס מויל און לאָזט־אַרויס אַ מוראדיק געשריי, פֿעסט אָנכאַפּנדיק רחלען. **אָ—כ—ע!...** אַ שרעק לויפֿט־דורך עולם. מען טרעט־אָפּ מיט דער־שראָקענע בליקן.

רחל — טרייסלט זיך אין גאַנצן קערפּער, די הענט אויפֿן גע־זיכט, די אויגן אויסגעגלאָצט אויפֿן פֿאָטער.

פנינ׳ — שטאַרקער און ווייַנערישער, מיט די הענט צייַגנדיק אויפֿן מויל. — **אָ־כ־ע!...** צעווייַנט זיך. באַוועגונג אין עולם. מען טרעט־אָפּ פֿון אים מיט שרעק, שעפּטשעניש: **אַי, ווי, די צונג... די צונג... די צונג...**

רחל — שרייַט־אויף אין גרעסטער שרעק. **די צונג! די צונג האָבן זיי אים אויסגעשניטן!** פֿאַלט. הלל כאַפּט זי אונטער און לייגט זי פֿאַר־זיכטיק אַוועק. די באַגלייטערינס עוסקן זיך אַרום איר, מינטערן זי אויף, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן. בייַם אויפֿוואַכן צעשרייַט זי זיך היסטעריש. — ר׳ יוסף, שושן, אַביגדור, ר׳ יחיאל און אַנדערע שטיי־ען אַרום פנינין אין גרויס שרעק.

לאה — הייבט זיך פּאַמעלעך אויף, קוקט אַן רחלען און ווענדט איר בליק אויף פנינין, נישט אָפּווענדנדיק אים מער פון אים.

פנינין — הערט אויף צו וויינען, טריקנט זיך דאָס געזיכט, עפנט־אויף די אויגן, קוקט זיך אַרום, גייט־צו צו רחלען און לייגט אַרויף אויף איר אַ האַנט.

רחל — שוידערט־אויף. **פאַטער! פאַטער!** קערט זיך אום מיטן געזיכט צו דער ערד און וויינט.

פנינין — **אַ־כ־ע, גע־אר־גג! העך־ד־ך אויף־ף־ף!** ווען זי הערט נישט אויף, צייגט ער די אַרומיקע, אַז ער וויל שרייבן.

רחל — גייט־צו צו אַ קליינעם פעקל, נעמט פון דאָרטן אַרויס אַ שרייבברעטל מיט אַ גריפל און גיט עס פנינין.

פנינין — שרייבט עפּעס אויף, קלאַפּט־אָן רחלען און רוקט איר דאָס ברעטל אונטערן געזיכט.

רחל — צוקט צחאַמען און שרייט־אויף.

פנינין — גיט־איבער דאָס ברעטל הלל, ער זאָל עס איר אי־בערליי'ענען.

הלל — איבער רחלס קאָפּ, גערירט. **הער־אויף צו וויינען, שרייבט דיין פאָטער דיר. באַרויק דיך, קום צו דיר. פון היינט אָן און ווייטער מוזסטו זיין זיין צונג.**

פנינין — שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ. **מאַ־ן־ן אר־נ־ג־ג!** ער ברענגט־אַרויס די ווערטער זייער לאַנגזאַם, אַרויסרייסנדיק דעם נ פון דער נאָז, ג, ר, פון האַלדז, פ מער אַרויסגעבלאָזן.

רחל — האַלט גלייך איין איר וויינען, קעמפנדיק שטאַרק.

פנינין — קוקט זיך אַרום, באַטראַכט דעם עולם; זיין בליק פאַלט אויף אַביגדורן.

אַביגדור — איילט צו אים צו מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. **מיר זיינען געווען שונאים, מנחם פניני, אין פיינדשאַפט האָבן מיר אָפּגעלעבט אונדזער לעבן. קנאה האָט צווישן אונדז געהערשט...**

פנינין — מאַכט אַ פּראָטעסט־באַוועגונג.

אַביגדור — **עס מאַכט נישט אויס, ווער ווען איז מקנא גע־**

**וועז. עס מאַכט אויך נישט, ווער איז שולדיק אין אונדזער פֿײַנד־שאַפֿט. איצט הערט זי אויף. איצט איז אַלץ פֿאַרגעסן.**

פנינה — טרייסלט אים די האַנט זייער שטאַרק.

שושן — **שותּפֿותדיקע צרות ברענגען פֿרײַנדשאַפֿט און שלום.**

בעטלער — **ווען פֿון קריגן זיך קאָן קיין נוצן נישט אַרויס־קומען מער.**

פנינה — שאָקלט־צו מיטן קאָפּ מיט אַ ביטערן שמייכל.

ר׳ יוסף — ווי דערמאָנענדיק זיך עפּעס, פּירנדיק מיט דער האַנט איבערן געזיכט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַראָפּשאַרן עפּעס אַ שווערן דרוק. **נו, ברידער און שוועסטער! דאָס טויער איז אויף אייביק פֿון אונדז פֿאַרשלאָסן געוואָרן. לאָמיר גיין! מער האָבן מיר נישט וואָס צו וואַרטן. צעזעגנט אײַך מיט אײַער מוטערשטאָט, נאָר אָן טרערן, אויב איר קאָנט. מיט מוט און שטאָלץ. געדענקט, וווּהין מיר גייען איצט. בלײַב אין שלום, איליריע! אונדזער גרויסן דאַנק דיר פֿאַר דאָס גוטע, וואָס מיר האָבן אין דיר איבערגעלעבט, און פֿאַר דאָס בייזע וועסטו מוזן רעכנשאַפֿט אָפּגעבן פֿאַר דעם דיין אמת. מיר זײַנען דיר געווען טרײַ. פֿון גאַנצן האַרצן האָבן מיר דיך געליבט, נאָר דו האָסט אונדזער ליבע מער נישט געוואָלט. גאָט זאָל דיך משפּטן, אָבער מיט מער ליבע און רחמנות ווי דו האָסט אונדז גע־משפּט. בלײַב אין שלום!** געוויין צווישן עולם. באַוועגונג. מען נעמט זיך צום געפּעק.

פנינה — שטייט מיט פֿאַרגלייזטע אויגן, שווער אָטעמענדיק.

רחל — שטייט־אויף און פֿאַלט צו אים צו. **פֿאָטער!**

ר׳ יוסף — **ר׳ מנחם, דײַן טאָכטער האָט דאָ פֿריִער אין דײַן גײַסט גערעדט און אונדז צו ארץ־ישׂראל איבערגערעדט.**

פנינה — שרײַט איבערגעראַשט אויף. **גאָ־ק!**

ר׳ יוסף — **יאָ, זי האָט אונדז געזאָגט, וואָס דו וואָלטסט אונדז געזאָגט, און ווייליק האָבן מיר אונדז אויסגערופֿן צו גיין אין אונדזער הייליק לאַנד.**

פנינה — הייבט־אויף רחלס קאָפּ אין פֿריידיקער באַגײַסטערונג,

קוקט די אָן מיט אויגן פֿול ליבע, און רופֿט אויס אין עקסטאַז, די אויגן אויפֿגעהויבן צום הימל. **גאָ־ק! מאַ־ן־ן אר־נ־ג־ג!**

ר׳ יוסף — **דײַן צונג, יאָ, דײַן צונג. זײַ איצט אונדזער פֿי־רער, פֿיניני! ברענג אונדז אין דעם לאַנד פֿון אונדזער בענקעניש, אין אונדזער אַלטער היים.**

פֿניני — באַיאָט מיט אַ שטאַרקן שאָקל מיטן קאָפּ, די אויגן אַלץ נאָך אויפֿגעהויבן **אָ!** קוקט זיך אַרום. זײַן בליק פֿאַלט אויף דער ספֿר־תּורה אין ר׳ יוספֿס אָרעם. ער פֿאַלט צו איר צו, נעמט זי אַרום, דריקט זי צו זיך, הייבט זי אויף מיטביידע הענט און ווערט פֿאַרגלי־ווערט אין אַ שטילן געבעט. עס ווערט שטילער, ווי נישט צו שטערן אים.

לאה — גייט אַרום אים אַרום, אָנקוקנדיק אים מיט אַ מין אי־בערגעראַשטן בליק.

פֿניני — דרייט זיך אויס צום עולם, די ספֿר־תּורה האַלטנדיק אין דער הויך. און מיט פֿעסטע לאַנגזאַמע טריט גייט ער צום וועג לינקס.

רחל — אויסשפּרייטנדיק די הענט, מיט באַגײַסטערונג. **אין וועג אַרײַן!** ווענדט זיך צו איר קלומיק אין הייבט אים אויף אויף זיך. דער עולם הייבט זיך אָן צו רירן. שטיל, אײַנגעהאַלטן געווייִן.

רחל — **די ייִדן פֿון מצרים האָבן אַ שירה געזונגען. עס האָט אַן אייגענע היים פֿון דער ווײַטנס זיי געוווּנקען. די זעלביקע היים ווינקט אויך איצט צו אונדז. הערט־אויף צו וויינען! לאָזט דעם יאָ־מער אָפּ! זינגט, ייִדן, שירה, זינגט אַ לויב צו גאָט! זינגט אַ לויב צו גאָט!**

פֿאָרהאַנג פֿאַלט לאַנגזאַם בעת זי רעדט

נ״י 1912

אורי־צבי גרינבערג

## איך און מיין ברודער פון פּאָרטוגאַל

וואָלט גאָט מיך געבענטשט, וואָלט געלעבט מיט מיר דאָ אין מײַן דור
שלמה מולכו, מײַן ברודער פֿון לאַנד פּאָרטוגאַל,
וואָלט׳ מיר בײדע געשטראַלט און בײדע געגאַנגען אין וועג.
ער וואָלט אַ זעונג געזען און וואָלט מלכות געשפּילט אויף
זײַן ריטער־גיטאַר

און איך וואָלט געגעבן דעם חיתוך־הדיבור פֿון ליד
פֿאַר אונדזערע בײדנס משיחישער זעונג.

און ווען ער וואָלט געפּרוווט אַ פֿאַרהייב טאָן דעם פּרגוד [1],
וואָס פֿאַרהוילט פֿאַרן פֿלײשיקן אויג די געשטאַלט
פֿון אַ צווייטער פֿאַראַנענערווירקלעכקייט,
וואָלט איך אים געטאָן אַ פֿאַרכאַפּ בײַ דער האַנט,
זי זאָל נישט אַ ריר טאָן דעם פּרגוד, וואָס איז
גאָלע עלעקטער־געוועב פֿון אוראייביק.

און וואָלט שלמה מײַן ברודער באַשטײַגן געפּרוווט
דעם לײטער, וואָס גייט אין די הימלען אַרײַן,
וואָלט איך אים געטאָן אַ פֿאַרכאַפּ בײַ דער פּאָלע,
נישט שטײַגן געלאָזט אים אַרויף אין די הימלען.
און גערעדט וואָלט איך דעמאָלט צו אים אָט די רייד:

שלמה, מײַן ברודער און פֿרײַנד, ס׳וועלן ייִדן נישט לאָזן זיך גיין
מיט די לײטערס אין הימלען.

זייער מלכות איז דאָרט נישט געווען
און דאָרט וועט נישט זײַן זייער מלכות.

---

[1] קוטאַר, שפּאַניש ווענטל.

ס'איז די תּורה דעם פֿאָלק נישט געגעבן געוואָרן אין וואָלקנס,
נײַערט אויף ערדישן באַרג.
און ס'האָט דער מחוקק באַצייכנט די גרענעץ פֿון יִדישן מלכות
אויף באַרגיק און טאָלישן שטח,
פֿאַר ווייץ און פֿאַר ווײַנשטאָק און ברונעם.
און צו דעם טאַקע לעכצן די יִדן —
צום שטח פֿון ווייץ און פֿון פּירות.
קום מיט מיר צו די נאַלעווקעס, קיין ווײַטשעפּל קום און אויף איסטסײַד ;
און אין אַלע מקומות וואָס ליגן צווישן באַלטישן ים און דעם שוואַרצן ;
און זע זיך דאָס גאַנצע יִדישע הויזגעזינד אָן אויף־דער־נידער ;
און שמעק מיט די נאָזלעכער דײַנע צום יִדישן פֿאָלקס־גוף אין נויט,
און וועסט וויסן בתּכלית הפּשטות : וואָס זייער נויט און באַדאַרף איז.
ווער זיי אַ פּירשט פֿון נבֿואה און פֿעלדהאַר־דערצי:ער פֿון זייערע שטאַמיקע זין פֿאַר אַ קריגסטאָג.
און איך — וועל זײַן דײַן משורר. איך — דער אויסדרוקן־געבער.
זײַ אַזוי פֿאַרן פֿאָלק, ווי געוועזן דו ביסט אינעם לאַנד פּאָרטוגאַל :
דאָן פּירעס אין ריטער־לבֿוש, געגורט מיט אַ שווערד אויף די לענדן,
מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און אַ שטערן אַזאַ, אונטער וועלכן
עס שרײַען אַוודאי די אָדלערס פֿון איבער די פֿעלדער פֿון גבֿורה.
צו וואָס זאָלסטו טרינקען פֿון פֿלאַקערן פֿײַער מיט אַזאַ מין צעכראַסטעטן גוף ?
ער וועט ווערן פֿאַרברענט, אָט דער גוף, און אדומישער ווינט וועט פֿאַרווייען
דיך, ברודער שלמה, דײַן אַש !
איז דאָך בעסער, אַז מיר זאָלן לעבן און שטראַלן אויף־צו־לאַנגע־יאָר אינעם פֿאָלק.
איך וועל זאָגן אַ שיר און דו וועסט אים שפּילן אויף סטרונעס — —

*

כ׳בין געבוירן געוואָרן פֿאַרשפּעטיקט, מער ווי דרײַ הונדערט יאָר
שפּעטער,
און ס׳האָט מײַן משיחישער ברודער, שלמה פֿון לאַנד פּאָרטוגאַל,
נישט קיינעם געהאַט בײַ דער האַנט, וואָס זאָל היטן זײַן גוף
פֿאַרן פֿײַער.
וואָלט איך דאַן געוועזן אין צפֿת, דעמאָלט ווען ער איז געוועזן דאָרט,
וואָלט איך אים אין צפֿת דאַן געזאָגט:
ברודער, איז דאָ אין דער וועלט אַזאַ לאַנד, וואָס איז שיין ווי דער
גליל?
אָבער אויף פּלייצעס פֿון בערג און אויף זייערע שויסן און קני׳עס,
ביז צום גינוסר־לאַנדס טיפֿקייט, זײַנען קיין גרויסשטעט און דערפֿער
פֿון ייִדישן אַרבעטס־ און קריגס־פֿאָלק נישטאָ, נײַערט פֿעלדזן
און וויסטקייט

און ווו איז געוועזן דאָ יודפֿת,
און ווו איז געוועזן דאָ גוש־חלבֿ[2]?
און ווו זײַנען די מקומות פֿון אַלע, וואָס האָבן בונטאַריש געבליט?
ברודער, מיט סוד פֿון קוילפֿײַער, וואָס טלי׳עט בײַ דיר אינעם מויל,
וועלן זיך נישט אונטערצינדן אונדזערע טרויערן, נײַן.
און די אײַזנבערג, די וואָלקנס פֿון שטן, וועלן דורך דעם נישט צעגיין.
און ס׳וועלן באַזאַלטן[3] בײַ טבֿריה נישט טריפֿן מיט האָניק און מילך.
מיט סוד פֿון קוילפֿײַער אין מויל איז גוט דו זאָלסט קומען צום פֿאָלק,
צו די בעסטע פֿון זײַנע בחורים זאָגן דאָס וואָרט וועסטו: קראַפֿט!
לערנט אײַערע הענט צו כלי־זיין!
זײַט גרייט און מאָביל[4], מײַנע יונגעין!
און צו זייערע עלטערן זאָלסטו קומען און זאָגן, ווי משה
געזאָגט האָט צום פֿאָלק אין מצרים:
זיך לאָזן אַ גאַנג גיין צום ים — —

---

[2] יודפת־יטבת, אַ שטאָט אין גליל, אין צײַט פון בית שני, און גוש־חלב — באַר־מט פון אויפשטאַנד קעגן רוים. — [3] וולקאַן־פעלדזן. — [4] באַוועגלעך.

כ׳בין געבוירן געוואָרן פּאַרשפּעטיקט... און שלמה איז געוואָרן פאַרברענט
אויפן שייטער אין לאַנד פּאָרטוגאַל.
פאַראַן נעכט און איך ווער נישט אַנטשלאָפן, און טעג ווען איך פיל, אַז איך בין
גוואַלדיק אַליין אין דער וועלט:
ווייל מיט מיר איז נישטאָ דאָ מיין ברודער.

1934

קהל חסידים *

## בעת דער בעש״ט איז געפאָרן קיין ארץ-ישראל

בעת דער בעש״ט איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, איז ער געווען אין סטאַמבול מיט זיין טאָכטער און מיט ר׳ הירש סופר, נאָר ווייל מען האָט אים דאָרטן נאָך ניט געקענט, האָט ער גאָר ניט געהאַט אויף פסח, קיין שום זאַך.

אַז עס איז געקומען ערב פסח, האָט זיין טאָכטער אים געפרעגט:

— וואָס וועלן מיר טאָן פסח? עס איז ניטאָ דאָ קיין שום זאַך.

זאָגט ער:

— השם יתברך וועט אונדז העלפן.

און ער איז געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין בית־המדרש און זיין טאָכ־

---

* אונטער דעם טיטל קהל חסידים עם סיפורי אַנשי שם זיינען דאָ מעשיות, געדרוקטע צום ערשטן מאָל אין 1815, וואָס עס האָבן צונויפגעקליבן ר׳ ישראל בעל שם טובס תלמידים א״ט שבחי הבעש״ט: דוב־בער המגיד (דער מעזריטשער מגיד), פנחס פון קאָרעץ, לייב שרהס, שניאור־זלמן (הרב מליאַדי), אלימלך מליזשענסק, שלום־זישא מאַניפּאָל, לוי־יצחק מבאַרדיטשעוו, משה־לייב סאַסאָווער, אַברהם־יהושע העשל פון אַפּט, צבי־הירש דער זדיטשעווער א״אַנד.



דאָס עולה־רגל־זײַן צום קבר פון ר׳ שמעון בר־יוחאי

טער איז געווען אין זײַן דירה, וואָס ער האָט געהאַט געדונגען אין סטאַמבול.

עס איז געווען גאַנץ פֿאַר נאַכט, גאַנץ שפּעט. איז געפֿאָרן אַ ייִד פֿון פּוילן און פֿרעגט זיך:

— ווו שטייט דאָ ר׳ ישׂראל פֿון פּוילן?

האָט מען געוויזן דעם בעל שמס דירה. איז ער צוגעפֿאָרן מיט זײַן ווײַב און האָט געפֿרעגט דעם בעל שמס טאָכטער: ווו איז דער בעל שם?״. זאָגט זי זיי: „אין בית־מדרש״. פֿרעגט ער: „איז מעגלעך, איך זאָל דאָ אײַנשטיין? איך האָב אַלץ אָנגעגרייט אויף פּסח, נאָר איך וויל זײַן פּסח מיט דעם בעל שם אין אײנעם״. האָט זי געענט־פֿערט: „איר קענט דאָ אײַנשטיין, מײַן פֿאָטער וועט דערויף ניט מקפּיד זײַן״.

האָט ער באַלד געהייסן אַראָפּטראָגן זײַנע זאַכן און מען האָט אָנגעצונדן לכּבֿוד יום־טובֿ אַ סך ליכט און מען האָט געבעט אַ שיין הסבה־בעט און דער אורח איז געגאַנגען דאַווענען. אַז ער איז געקומען האָבן זיי געוואַרט אויף דעם בעש״ט. ער איז נאָך געווען אין בית־מדרש. ער האָט לאַנג געדאַוונט. און דער בעש״ט איז געקומען שפּעט פֿון בית־המדרש און האָט גישט צו קיינעם גערעדט, האָט באַלד גע־מאַכט קידוש, האָט זיך געזעצט צום סדר אַזוי ווי עס געהערט צו זײַן און ערשט נאָך דעם אַנדערן כּוס האָט ער געגעבן שלום דעם אורח און זאָגט:

— איך וויס דײַן בקשה. דו האָסט ניט קיין קינד. נאָר דער־פֿאַר וואָס דו האָסט מיך אַצינד מחיה געווען, שווער איך דיר, אַז דו וועסט האָבן דעם הײַנטיקן יאָר אַ קינד פֿון דײַן ווײַב, וואָס זיצט דאָ מיט דיר.

זאָגט דער אורח:

— איך וואָלט האַלב פֿאַרמעגן אָפּגעגעבן דערפֿאַר.

און זיי זײַנען זייער פֿריילעך געוואָרן.

אַזוי דערהערט דער בעש״ט אַ כּרוז[1] מן השמים, אַז ר׳ ישׂראל

---

[1] רוף, אויפרוף.

בעל שם טובֿ האָט אָנגעווירן עולם־הבא, דערפֿאַר וואָס ער האָט געשווירן, אַז ער וועט האָבן אַ קינד.

און דער מענטש איז געווען אַן עקר מטבֿע. און זײַן ווײַב איז געווען אַן עקרה. נאָר ווײַל ער האָט געשווירן, ווײַל מען וויל נישט מן השמים, אַז זײַן שבֿועה זאָל בטל ווערן חס־ושלום, מוז מען משנה טבֿע זײַן. און ער האָט אָנגעווירן עולם־הבא.

נו, ווי דער בעש״ט האָט דאָס דערהערט, איז ער גאָר נישט אַראָפּ־געפֿאַלן בײַ זיך. אַדרבה, ער האָט זיך נאָך געפֿרייט. ער האָט גע־זאָגט: „הײַנט איז מיר די בעסטע צײַט צו דינען השם יתברך, גאָר אָן שום מיינונג, ווי עס שטייט — היו כעבֿדים המשמשין את הרבֿ על מנת שלא לקבל פרס". דאָס איז טײַטש: „זײַט אַזוי ווי די קנעכט וואָס דינען זייער האַר אָן לוין". און האָט געזאָגט צום אורח:

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז דו ביסט אַן עקר בטבֿע. נאָר פֿון דעסט וועגן זאָרג נישט. מײַנע רייד וועלן מיט גאָטס הילף מקוים ווערן. און דורך דעם, וואָס דער בעש״ט האָט בײַ זיך רעכט געמאַכט צו דינען גאָט אָן געצאָלטס, און האָט זיך נאָך געפֿרייט דערפֿון וואָס ער וועט דינען גאָט אָן מיינונג, האָט ער ווידער געהערט אַ כרוז, אַז מען האָט אים צוריקגעקערט אַלע זכיות.

און זיי האָבן זיך די ערשטע טעג פסח זייער געפֿרייט און לוס־טיק געווען. דער בעש״ט האָט געזאָגט אַ סך תורה זייער שיין און דעם ערשטן טאָג חול־המועד איז געפֿאָרן דער אורח מיט גרויס פֿרייד אַהיים. און דער בעש״ט האָט דאָך געוואָלט פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל טאַקע דעם ערשטן טאָג חול־המועד, איז גראָד נישט געווען קיין שיף. זאָגט דער בעש״ט צו ר' הירש סופֿר:

— אויב דו ווילסט, וועל איך פֿאַרשפּרייטן מײַן פֿאַטשיילע אויפֿן ים, וועלן מיר קומען קיין ארץ־ישׂראל גלײַך גיך און באַלד, נאָר דו וועסט אָבער מוזן אין זיבעט האָבן דעם שם, וואָס איך וועל דיר מוסר זײַן, נאָר דו זאָלסט ניט אָפּלאָזן אַ רגע (פֿון) דײַן זין, וואָרן ווי דו פֿאַרגעסט איין רגע, זײַנען מיר פֿאַרפֿאַלן. נאָר איך וועל מוזן אײַנשטעלן פֿון ארץ־ישׂראל וועגן.

אָבער ר׳ הירש האָט ניט געוואָלט אײַנשטעלן דעם בעל שם טובס לעבן און זאָגט:

— איך וויל ניט. מיר מוזן וואַרטן ביז עס וועט זיך מאַכן אַ שיף.

זײַנען זיי ווײַטער געגאַנגען אויפֿן באָרטן[2] זוכן אַ שיף און האָבן גראַד געטראָפֿן אַ גוטע שיף. האָבן זיי באַצאָלט דעם שיפֿס־קאַפּיטאַן און זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אַלע אין דער שיף דעם ערשטן טאָג חול־המועד פֿאַר נאַכט.

אויף מאָרגן איז געוואָרן אַ גרויסער שטורעמווינט און עס האָט געטראָגן די שיף פֿון דעם וועג אַראָפּ. זיי האָבן גאָר ניט געוווּסט וווּהין זיי גייען. מען האָט ניט געקאָנט בשום אופֿן אַנקערן.

האָט דער בעש״ט זייער מתפּלל געווען. בקיצור, עס האָט גע־דויערט צוויי טעג, זײַנען זיי געקומען צו אַ קעמפּאָ[3]. דער שיפֿס־קאַפּיטאַן האָט געאַנקערט די שיף נעבן דעם קעמפּאָ און אַלע זײַנען געגאַנגען שפּאַצירן. דער בעש״ט ור׳ הירש זײַנען אָבער ווײַט פֿאַר־גאַנגען און האָבן ניט געקאָנט צוריק טרעפֿן. זיי זײַנען פֿאַרבלאָנ־דזשעט געוואָרן. זאָגט דער בעש״ט:

— עס איז ניט אומזיסט. עס מוז עפּעס זײַן.

אַזוי ווי זיי רײדן, זײַנען אָנגעפֿאַלן אויף זיי גזלנים און האָבן זיי בײדע געבונדן, און האָבן זיי געוואָלט אומברענגען. אין דעם האָט זיך אָבער פֿאַרגלוסט די גזלנים צו עסן. האָבן זיי די געבונ־דענע אַנידערגעלייגט איינעם נעבן דעם אַנדערן און האָבן זיך גע־זעצט עסן קעגן זיי.

זאָגט ר׳ הירש צום בעש״ט:

— וואָס טוט איר עפּעס ניט אַזוי ווי איר קענט? איז דען אַצינד די צײַט פֿון שווײַגן?

ענטפֿערט אים דער בעש״ט:

— איך ווייס גאָר ניט וואָס צו טאָן. מען האָט בײַ מיר צוגענומ־

[2] ים־ברעג. — [3] אינדזל.

מען דעם גאַנצן כּוח. אפשר געדענקסטו נאָך עפּעס פֿון דעם וואָס איך האָב דיך געלערנט. דערמאָן מיך.

האָט אים ר' הירש געענטפֿערט:

— איך געדענק גאָר נישט. נאָר אַלף־בית געדענק איך.

זאָגט דער בעש"ט:

— וואָס (זשע) שווײַגסטו? זאָג מיט מיר גיך דעם אַלף־בית!

האָט ר' הירש אָנגעהויבן צו זאָגן: א, ב, ג, ד, און דער בעש"ט זאָגט מיט אים מיט גרויס ליאַרעם און מיט גרויס ברען, און זאָגט: „דאָס זײַנען די הייליקע אותיות, וואָס השם יתברך האָט מיט זיי געגעבן די הייליקע תּורה". ער האָט אַזוי לאַנג געליאַרעמט ביז וואַנען עס האָבן זיך אים אומגעקערט אַלע קרעפֿטן. ער האָט שוין נאָר וואָס געוואָלט צערײַסן די שטריק פֿון זיך, האָבן זיי דערהערט אַ גלאָק קלינגען.

זײַנען זיך די גזלנים צעלאָפֿן געוואָרן און עס איז אָנגעקומען אַן אַלטער שיפֿס־קאַפּיטאַן און האָט זיי אויפֿגעבונדן, און האָט זיי אַרײַנגענומען צו זיך אין שיף אַרײַן און האָט זיי אָפּגעפֿירט קיין סטאַמבול.

דעמאָלט האָבן זיי געזען בחוש, אַז מ'לאָזט אים מן השמים ניט פֿאָרן קיין ארץ־ישראל. האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק אַהיים.

זײַן זכות זאָל אויף אונדז מגין זײַן.

דב סדן

## כותל מערבי

שפּינוועבס אויף דער אַלטער מויער,
אַלטע קרעכצן, אַלט געוויין;
און אַ הויפֿן גרויער טרויער
וואַלגערט זיך אויף יעדן שטיין.

אײַנגעהילט אין גרײַזע יאָרן
שלאָפֿט די טויטע, שטומע וואַנט,
אַלצדינג איז שוין אָפּגעפֿאָרן:
סײַ דער לויב און סײַ די שאַנד.
קומט אַ מאָל די גסיסה שטערן
אַ צעבראָכן־אַלטער ייִד,
לאָזט־אַראָפּ די מויער טרערן,
אַלט און קאַלט און שוואַך און מיד.
דאָך דערציילן יונגע ספֿרים:
קומען וועלן יונגע הענט,
קומען וועלן יונגע אָרעמס
אויפֿצובויען נאָך דרײַ ווענט.

לייב יפה

## אַהיים

איך בלאָנדזשע הימלאָז ווי מײַן פֿאָלק. פֿאַר יעדן ווינט,
אויף יעדן ים איז אויסגעשפּרייט מײַן זעגל
צו דער אַלטער היים, ווי צו דער מוטערס שויס אַ קינד,
גיי איך אַ מידער עולה־רגל.

איך ברענג דיר מיט אַ האַרץ באַלאָדן און פֿאַרקלעמט
מיט אַלטן טרויער, טרוימען און פֿאַרלאַנגען;
די לידער אָנגעזאַפּט מיט טרערן פֿון דער פֿרעמד —
די נײַע העלע הימאַט־קלאַנגען.

איך ברענג די נײַע האָפֿ׳נונג דיר, וואָס שטראַלט און בליט
אין ליידן און אין בענקעניש געבאָרן;
איך וויל דיר זינגען איצט מײַן לעצטע טרויערליד
פֿון גלות, פֿון די וואַנדער־יאָרן.

1919

הלל צייטלין

## פון בוך „ר׳ נחמן בראַצלעווער״

### דער אָפּפאָר פון דער היים

ערבֿ פּסח תקנ״ח איז ר׳ נחמן אַרויס פון מקווה און האָט געזאָגט צו איינעם, וואָס האָט אים באַגלייט: „היינטיקס יאָר וועל איך געוויס זיין אינעם הייליקן לאַנד״. פּסח האָט ער געזאָגט תורה אויפן פּסוק: „ושבֿילך במים רבים ועקבֿותיך לא נודעו״ (דיין שטעג גייט דורך פיל וואַסערן און דיינע טריט זיינען נישט קענטיק) און ער האָט געפרעגט אַ ווידעראַנאַנד פונעם אָנהייב פּסוק אויפן סוף פּסוק: ווען עס איז אָנצווען אַ שטעג אין די פיל וואַסערן — ווי אַזוי זיינען קיין טריט נישט קענטיק? ער האָט דערויף געענטפערט וואָס ער האָט געענטפערט, און דער קורצער אינהאַלט פון דער גאַנצער תורה איז געווען, אַז ער, ר׳ נחמן, פאָרט ווי צום שנעלסטן קיין ארץ־ישׂראל.

ווען זיין ווייב האָט עס דערהערט, האָט זי געשיקט אַ טאָכ־

ש. צ. זעצער

## די נסיעה פון ר׳ נחמן בראַצלעווער

### אין חיפה

אין דער נאַכט פון זכור־ברית איז די שיף אָנגעקומען אין דער עיר הקדושה חיפה. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם הר־הכרמל, אַנטקעגן דער מערת אליהו. פאַר טאָג האָבן אַלע געזאָגט סליחות מיט גרויס שׂמחה. נאָך דעם האָבן זיי אָפּגעדאַוונט שחרית און זיי זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער הייליקער שטאָט חיפה.



אויך אין די ווייטערדיקע זייטן איז דער 1טער קאָלום — הלל צייטלין, דער 2טער — ש. צ. זעצער.

טער פֿרעגן אים: „אויף וועמען וועסטו אונדז איבערלאָזן? ווער וועט אונדז מפֿרנס זײַן?“ — האָט ער אַזוי געענטפֿערט:

— דו וועסט פֿאָרן צו דײַן מחותּן. דײַן עלטערע שוועסטער וועט זײַן אַן אַם בײַ עמעצן. דײַן קלענערע שוועסטער וועט זײַן בײַ איינעם, וואָס וועט זי צונעמען פֿון רחמנות־וועגן. און דײַן מוטער וועט זײַן אַ דינסט, אַ קעכין. אַלצדינג, וואָס איך האָב אין שטוב, וועל איך פֿאַרקויפֿן אויף הוצאות־הדרך.

ווען די בני־בית האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. ער האָט אויף אַלע בכיות און יללות געענטפֿערט נאָר איינס: „עס קאָן אַנדערש נישט זײַן“. די גרעסטע העלפֿט מײַנע איז שוין דאָרט — און דער מיעוט מוז גיין נאָכן רובֿ“...

ער האָט אויך געזאָגט: „איך ווייס, אַז איך וועל האָבן עכּובֿים און מניעות גאָר אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך, נאָר כּל־זמן די נשמה איז אין מיר, כּל־זמן עס וועט אין מיר זײַן אַ לעבעדיקער אָטעם, וועל איך מיך מוסר נפֿש זײַן און פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל און זאָל

דעמאָלט איז דער רבי הקדוש ז״ל אַרײַנגעקומען אין הייליקן לאַנד. ער איז דעמאָלט אַרײַנגעקומען אין דעם אָרט, צו וועלכן ער האָט געגלוסט און געגאַרט מיט גרויס גלוסטונג און שטאַרקע בענקשאַפֿט און האָט זיך וועגן דעם טויזנטער מאָל מוסר־נפֿש געווען.

און די גרויסע שׂמחה, וואָס דער רבי האָט געהאַט אין דער רגע, וואָס ער איז אַרײַנגעקומען אין ארץ־ישׂראל און האָט זיך אַנידערגעשטעלט אויף דער הייליקער ערד, קען מען זיך גאָר אין מוח ניט משער זײַן. ווען אַלע טײַכן זאָלן זײַן טינט, וואָלט אַלץ ניט געווען גענוג צו באַשרײַבן אַפֿילו אַ ביסל דערפֿון. וואָרעם תּיכּף ומיד האָט דער רבי משׂיג געווען די אַלע השׂגות, וואָס ער האָט דאָרט משׂיג געווען. וואָרעם דער רבי האָט געזאָגט, אַז תּיכּף ווי ער איז געגאַנגען פֿיר איילן אין ארץ־ישׂראל האָט ער באַלד געפּועלט, וואָס ער האָט געוואָלט משׂיג זײַן.

נאָך האַלבן טאָג זײַנען זיי געגאַנגען אין מקווה. דערנאָך זײַנען זיי געגאַנגען אין שול אַרײַן און

גאָט טאָן, וואָס אים וועט וויל געפֿעלן".

און ער האָט אויך געזאָגט: „אויף יעדן טראָט קיין ארץ־ישׂ־אל וועל איך האָבן מסירת־נפֿש"...

דערנאָך האָט ער געזאָגט אַזוי:

— איך וויל פֿאָרן תּיכּף, ווי עס זאָל זיך נישט מאַכן, אַפֿילו אָן געלט. וויל עמעצער אויף מיר רחמנות האָבן, זאָל ער מיר עפּעס געבן אויף הוצאות".

די חסידים האָבן זיך באַלד אַ לאָז געטאָן אין די אַרומיקע שטעטלעך און האָבן אויף דער גיך צוזאַמענגענומען אַ ביסל געלט, ער זאָל כאָטש האָבן מיט וואָס אָפּצופֿאָרן פֿון דער היים. די נסיעה איז געווען אין גרויס אײַלעניש און זיי האָבן געזען, אַז מען קאָן אים שוין לענגער נישט פֿאַרהאַלטן.

ח"י אייר פֿון יאָר תקנ"ח איז ר' נחמן אָפּגעפֿאָרן פֿון מעדוויע־דיווקע קיין ניקאָלאַיעוו אין דער באַגלייטונג פֿון איינעם פֿון זײַנע חסידים, וואָס האָט אײַנגעשטימט מיטצומאַכן מיט אים די לאַנגע, ווײַטע, געפֿאַרפֿולע נסיעה[1]. אין האָבן זיך געזאַמט דאָרטן ביז אין אָוונט. און אַז דער רבי איז געקו־מען אויף זײַן סטאַנציע, איז ער געווען פֿריילעך גאָר אָן אַ שיעור. אַלע רגע האָט ער געזאָגט צו זײַן מענטשן: „אַז וויל איז דיר, וואָס דו האָסט זוכה געווען דערצו, דו זאָלסט זײַן מיט מיר דאָ". און ער האָט אים געהייסן דערמאָנען די אַלע נעמען, וואָס זײַנען פֿאַר־צייכנט אויף זײַן צעטל. וואָרעם אַלע זײַנע מקורבֿים האָבן אים געגעבן אַ צעטל פֿון זייערע נע־מען.

האָבן זיי אָפּגעגעסן אויף דער סטאַנציע די נאַכט־סעודה פֿון ראש־השנה. און אַלץ האָט דער רבי דעמאָלט מיט גרויס שׂמחה געטאָן ביז נאָך דער סעודה. נאָך דעם האָבן זיי זיך געלייגט שלאָ־פֿן. אין דער פֿרי זײַנען זיי גע־גאַנגען אין שול אַרײַן. אַז זיי זײַנען געקומען פֿון שול איז נתעורר געוואָרן פֿיל דאגה בײַם רבין. זײַן האַרץ איז אים אָן אַ שיעור צעבראָכן געוואָרן און ער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט.

תּיכּף נאָך ראש־השנה האָט זיך

[1] מען דאַרף געדענקען, אַז די נסיעה פֿון פּוילן־רוסלאַנד קיין ארץ־ישראל

ניקאָלאַיעוו האָבן זיי געטראָפֿן אַ שיף, וואָס האָט געפֿירט ווייץ קיין אָדעס. פֿון אָדעס זײַנען זיי אָפּגעפֿאָרן מיט אַ שיף קיין סטאַמבול. פֿריִער פֿלעגן משולחים און אַנדערע, וואָס פֿאָרן פֿון פּוילן און רוסלאַנד קיין ארץ־ישׂראל, מורא האָבן צו פֿאָרן דורך אָדעס, ווײַל זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער ים איז דאָרט אומרויִק. פֿלעגן זיי פֿאָרן דורך גאַלאַץ, כאָטש ס'איז פֿיל ווײַטער געווען ווי דורך אָדעס, און ס'איז גראָד שווער געווען אויסצומײַדן סכּנות אויף יענעם וועג. ר' נחמן האָט זיך נישט צוגעהערט צו די רייד פֿון דער וועלט און איז געפֿאָרן פֿון ניקאָלאַיעוו קיין סטאַמבול דווקא דורך אָדעס.

ווען זיי זײַנען אָפּגעפֿאָרן פֿון אָדעס, זײַנען מענטשן געקומען צום ים־ברעג געזעגענען זיך מיט דער רבי געוואָלט אומקערן אַהיים. ער האָט אין ערגעץ ניט געוואָלט פֿאָרן, ניט קיין צפֿת, ניט קיין טבֿריא. נאָר דער מענטש, וואָס איז געווען מיט אים, האָט זייער געוואָלט אָנזעטיקן זײַנע אויגן מיט די ערטער פֿון ארץ־ישׂראל. איז ער געקומען צום רבין און האָט אים געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ שיירא [1], וואָס מען קען מיט זיי פֿאָרן קיין טבֿריא.

האָט אים דער רבי געענטפֿערט:

— אַז דו האָסט חשק צו פֿאָרן קיין טבֿריא, גיי דינג אייזלען.

האָט ער אַזוי געטאָן. ער האָט זיי, די לײַט פֿון די אייזלען, שוין אויך אַן אָדערויף געגעבן.

אַז ער האָט זיך אומגעקערט פֿון

[1] וואָגן (?).

אין יענער צײַט איז געווען פֿאַרבונדן מיט גוואַלדיקע שוועריקייטן, בפֿרט אַז ס'איז אויסגעפֿאַלן גראָד אין רעכטן פֿײַער פֿון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות אויפֿן מזרח. ווער איז געווען דער מענטש, וואָס האָט זיך געלאָזט מיט ר' נחמנען אין ווײַטן וועג, האָט מיט אים מיטגעמאַכט אַלע געפֿאַרן און נסיונות און אויסגעשטאַנען אַלערליי מעגלעכסטע קאַפּריזן פֿונעם גאונישן משיח־זוכער? ר' נחמנס נאָכפֿאָלגערס, אין זייערע כּתבֿים, שווײַגן וועגן דעם. די בעל־פּה־קוואַלן שווײַגן אויך וועגן דעם. כּפֿי אַלע סימנים איז אָט דער מענטש געווען נישט קיין אַנדערער ווי ר' נחמנס יוגנט־חבֿר און ערשטער תּלמיד, ר' שמעון,

זיי, ווער אויף פֿורן און ווער צו פֿוס. מען האָט זיי אַרויסבאַגלייט מיט גרויס פּאַראַד.

איידער ר׳ נחמן האָט זיך געזעצט אויף דער שיף האָט ער געהייסן זײַן מענטשן קויפֿן פּאַפּיר און טינט. באַלד ווי זיי זײַנען אַרויף אויף דער שיף, האָט ר׳ נחמן אָנגעהויבן שרײַבן תּורה. דעם מענטשן האָט ער פֿאַרזאָגט, ער זאָל נישט אַרײַנקוקן אין דעם, וואָס ער שרײַבט. ער האָט אַפֿילו געפֿאָדערט, יענער זאָל אים מבֿטיח־זײַן אויף זײַן הן צדק, אַז ער וועט אין די כּתבֿים נישט אַרײַנקוקן. ערשט ווען דער מענטש האָט אים די הבֿטחה געגעבן, האָט ער אים פֿאַרטרויט דעם שליסל פֿון זײַן כּתבֿים־קעסטל.

דעם ערשטן טאָג פֿון זייער פֿאָרן אויף דער שיף קיין סטאַמבול האָט זיך דער שוואַרצער ים צערוגזט. אַ גרויסער שטורעם האָט געהויבן די כוואַליעס: זיי זײַנען אַזש אין שיף אַרײַנגעשפּרונגען.

אין דער גאַנצער צײַט פֿון ר׳ נחמנס נסיעה קיין סטאַמבול האָט געבליצט און געדונערט. די בליצן, די דונערן און די שטורעמ־

דעם בעל־החמורים, האָט ער צו אים תּיכף געזאָגט:

— האָסט געדונגען אייזלען?

האָט ער געענטפֿערט:

— יאָ.

האָט צו אים דער רבי געזאָגט:

— תּיכף־ומיד זאָלסטו גיין און אָפּנעמען בײַ זיי דעם אָדערוף. און אַז זיי וועלן אים דיר ניט וועלן אומקערן, זאָלסטו דעם אָדערוף לאָזן פֿאַרפֿאַלן ווערן. וואָרעם איך וועל ניט פֿאָרן קיין טבֿריא.

אין צוויי אָדער דרײַ שעה אַרום איז דעם רבינס מענטש שטאַרק קראַנק געוואָרן, און ער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס דער רבי האָט אים ניט געלאָזט גיין מיט דער שיירא.

נאָר באַלד ווי די ארץ־ישׂראל־ייִדן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין צפֿת און אין טבֿריא, האָבן געהערט, אַז דער רבי איז אין חיפֿה, האָבן די גדולים וצדיקים פֿון דאָרט געשיקט מענטשן בעטן דעם רבין, ער זאָל פֿאָרן צו זיי. פֿון טבֿריא זײַנען געקומען מענטשן צו אים אויף יום־כּיפּור. זיי האָבן אים געבראַכט בריוו פֿון די גדולי־הצדיקים, אַז אַלע בעטן זיי

דיקע כוואַליעס האָבן אויף אַלע־מען אין שיף אָנגעוואָרפן גרויס פּחד.

אין מיטן רוח־סערה — דער־ציילט די בראַצלעווער אַגדה — האָט ר׳ נחמן דערזען פאַר זיך אַ געשטאַלט פון אַ מענטשן, וואָס איז נישט לאַנג געשטאָרבן. ר׳ נחמן האָט דאַן אַזוי געזאָגט צו זײַן באַגלייטער: „האָסט געזען? דער יונגער־מאַן פון וואָלכאָוויץ איז דאָך געקומען אַהער נאָך אַ תיקון״ [2].

ווען זיי זײַנען אָנגעקומען אין סטאַמבול נאָך אַ שווערער פיר־טאָגיקער רײַזע, האָבן זיי זיך אַני־דערגעזעצט בײַם פּאָרט. זיי האָ־בן נישט געקענט קיין וואָרט טערקיש און צו קיין ייִדן האָבן זיי זיך אויך נישט געקאָנט ווענדן, מחמת זיי האָבן נישט געקאָנט מבחין זײַן לויט דער הלבשה צווישן אַ ייִדן און אַ טערק. ענד־לעך האָבן זיי דערזען אַ ייִדן, וואָס האָט פאַרשטאַנען זייער שפּראַך. דער ייִד האָט זיי געפירט אויף

[2] די אַגדה וועגן דעם וואָלכאָוויצער יונגן־מאַן באַשטעטיקט מײַן השערה, אַז ר׳ נחמנס באַגלייטער און באַדינער איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי זײַן בעסטער חבר און פרײַנד.

אים, ער זאָל קומען קיין טבריא אויף סוכּות. דער רבי האָט זיך אָבער גאָר ניט גערעכנט דער־מיט. ער האָט געהייסן זײַן מענ־טשן, מען זאָל קויפן אתרוגים.

איז ער געגאַנגען צום חכם, וואָס האָט געוווינט דאָרטן און האָט אים געגעבן צוואַנציק פּאַ־ראַס [2]. איז געגאַנגען דער חכם אויפן פעלד פון אַ ישמעאלי און האָט אים געבראַכט דרײַ שיינע אתרוגים מובחרים.

*

און בתוך־כּך, וואָס דער רבי איז געזעסן אין חיפה, איז געקו־מען אַ יונגער ישמעאלי און האָט זיך געזעצט נעבן רבין און גע־שמועסט מיט אים אַ סך. דער רבי האָט אָבער ניט געוווסט, וואָס ער רעדט צו אים.

און אַזוי איז געווען אין דער פרי און אויף דער נאַכט, בײַ יע־דער סעודה דעמאָלט.

און דער ישמעאלי האָט אַרויס־

[2] מטבע.

אַ סטאַנציע אין דעם קוואַרטאַל גאַלאַטע.

ווען זיי זײַנען אַרײַן אַהין, האָט ר׳ נחמן געזאָגט, אַז די סטאַנציע געפֿעלט אים נישט. האָט אים דער פֿאַרמיטלער געזאָגט: „אפֿשר ווילט איר זײַן אין האַרץ פֿון קרוינשטאָט סטאַמבול, דאָרט ווו עס וווינט דער תּוגר אַליין? קיין שום פֿאָרל טאָר דאָרט נישט ווױנען, בלויז זכרים אַליין מעגן דאָרט וווינען“.

— יאָ! — האָט ר׳ נחמן געענטפֿערט — אָט דאָס געפֿעלט מיר טאַקע!

זײַנען זיי אַוועק אין צענטער פֿון סטאַמבול, צו זוכן דאָרט אַ נײַע דירה. אויפֿן וועג האָט דער פֿאַרמיטלער דערציילט, אַז דאָרט זײַנען איצט דאָ צוויי שדרי״ם פֿון ארץ־ישׂראל און מיט זיי — רוסיש־פּוילישע ייִדן, וואָס קערן זיך אום פֿון ארץ־ישׂראל קיין חוץ־לאָרץ.

— אָט אַהין פֿירט מיך! — האָט ר׳ נחמן געזאָגט צום פֿאַרמיטלער, און צו זײַן מענטשן האָט ער געזאָגט — איך בין דיך שטרענג מזהיר, דו זאָלסט בשום אופֿן נישט אויסזאָגן פֿאַר לײַט

געוויזן צום רבין אַ גרויסע ליבשאַפֿט. נאָר איין מאָל איז ער געקומען זייער אין כּעס מיט כּלי־זיין און האָט אָנגעהויבן שרײַען אויף דעם רבין. האָט דער רבי ניט געוווּסט, וואָס ער רעדט. נאָר דאָרט איז געווען אַן אישה פֿון וואָלאַחיין. האָט זי געזאָגט צום רבין, ווען דער ישמעאלי איז פֿון דאָרט אַוועקגעגאַנגען: למען־השם ער זאָל פֿון דאָרט אַנטלויפֿן, וואָרעם דער ישמעאלי האָט געזאָגט, ער וועט מיט אים מלחמה האַלטן, פֿעכטן.

איז דער רבי תּיכּף פֿון דאָרט אַנטלאָפֿן לבית־החסיד המפֿורסם מו״ה זאב מטשאַרנע אוסטרא הנ״ל, און מען האָט אים באַהאַלטן דאָרטן בחדרי־חדרים.

דערנאָך איז דער ישמעאלי געקומען אויף דעם רבינס סטאַנציע. ער האָט געפֿרעגט:

— ווו איז דער מענטש? ער זאָל וויסן, אַז איך האָב אים זייער ליב. איך וועל אים געבן מײַנע אייזלען און אויך מײַן פֿערד וועל איך אים געבן, ער זאָל גיין מיט דער שיירא קיין טבֿריא. ער האָט זיך פֿאַר מיר גאָר ניט וואָס צו שרעקן.

ווער איך בין, וויפֿל זיי זאָלן צו דיר נישט צושטיין.

ווען ר׳ נחמן איז אָנגעקומען מיט זײַן מענטשן אויף דער נײַער אַכסניא, האָט איינער פֿון די צוויי, וואָס זײַנען צוריקגעפֿאָרן פֿון ארץ־ישׂראל, דערקענט ר׳ נחמנס מענטשן. האָט ער אים געפֿרעגט:

— וואָס טוסטו דאָ?

האָט ר׳ נחמנס מענטש געענט־פֿערט:

— איך פֿאָר מיט דעם יונגגן־מאַן קיין ארץ־ישׂראל.

— ווער איז דער יונגער־מאַן?

— דער יונגער־מאַן האָט אַ בילעט פֿון דעם עסטרײַכער קאָר־דאָן.

— האָט ער עפּעס בריוו מיט זיך?

— ניין! ער האָט מיט זיך קיין שום בריוו נישט.

— צו וואָס פֿאָרט דער יונגער־מאַן קיין ארץ־ישׂראל?

— איך ווייס נישט.

— מיר קענען דיך אַפֿילו פֿאַר אַן ערלעכן מאַן פֿון שטענדיק אָן — האָבן די צוריקגעפֿאָרענע גע־זאָגט צו ר׳ נחמנס מענטש — אַצינד אָבער ווײַזט־אויס, אַז דו גאַרסט־אָפּ. מיר ווייסן נישט, צי

און כּך־הוה. אַז דער רבי איז געקומען אויף דער סטאַנציע, איז דער ישמעאלי געקומען. און ער האָט ניט גערעדט, דער ישמעאלי, נאָר ער האָט געשוויגן און גע־לאַכט. און דערנאָך האָט ער אַ־רויסגעוויזן זייער אַ גרויסע ליב־שאַפֿט צום רבין.

*

און דער ענין פֿון ישמעאלי איז געווען זייער אַ גרויסער וווּנדער; און דער רבי האָט געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט מער יסורים פֿון דעם ישמעאליס ליבשאַפֿט ווי פֿון זײַן פֿײַנדשאַפֿט און כּעס. און ווער־ליך מען האָט געהערט פֿון דעם רבין איז ער דורך דער דאָזיקער געשיכטע, וואָס ער האָט צוטאָן געהאַט מיט דעם ישמעאלי, געווען אין אַ גרויסער סכּנה. דאַכט זיך, אַז מען האָט געהערט פֿון דעם רבין, אַז דער ישמעאלי איז גע־ווען דער סמ״ך מ״ם [3] אַליין. אָ־בער ברוך־השם, ער איז פֿון אים דורך דעם גרויסן חסד זײַנעם ניצול געוואָרן בשלום.

*

חול־המועד סוכות איז געגאַנ־

[3] סמאל, שטן.

דו ביסט אַזוי ערלעך ווי געווען.

נאָך דעם האָבן זיי אים ווידער געפֿרעגט:

— האָסט געפֿרעגט דײַן רביןָ, ר׳ נחמן פֿון מעדוועדיווקע, צי דו זאָלסט פֿאָרן מיטן יונגן־מאַן?

— יאָ! — האָט דער מענטש געענטפֿערט.

די צוריקפֿאָרערס זײַנען צוגעשטאַנען צו ר׳ נחמנס מענטש מיט זייערע פֿראַגעס נישט מחמת הוילער נײַגעריקייט, נאָר ווײַל זיי האָבן חושד געווען, אַז דער יונגער־מאַן, וואָס זעט־אויס ווי אַ רבי, פֿאָרט קיין ארץ־ישׂראל אָנצומאַכן דאָרט קריגערײַען.

פֿון וואַנען האָט זיך אַזאַ חשד גענומען?



טאַנצנדיק חי געלעבט, אַז אַלע בײנער זאָלן ריידן !...

געגן דער גאַנצער עולם, און אויך דער רבי איז געגאַנגען מיט זיי, צו דער מערה פֿון אליהו הנבֿיא. און דער גאַנצער עולם האָט זיך דאָרטן זייער משׂמח געווען און געטאַנצט אַ סך. אָבער דער רבי איז גאָר ניט געווען פֿריילעך, נאָר ער איז געזעסן דאָרטן מיט הכנעה און אַ צעבראָכן האַרץ.

האָט רבי זאבֿ געפֿרעגט:

— מה זה ועל מה זה? וואָס איז די מעשׂה, וואָס דער רבי איז אין עצבֿות פֿון ראש־השנה ביז איצט?

און אויך שׂמחת־תּורה האָבן זיי געמאַכט הקפֿות ברקודין ושׂמחה כנהוג. בפֿרט אַז חסידים זײַנען דאָרט געווען.

און אויך דער רבי איז דאָרט געווען אין שול. ער האָט אָבער ניט געוואָלט מאַכן קיין שום הקפֿה. נאָר ער איז געזעסן דאָרט בהכנעה און מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, אַזוי ווי זײַן שטייגער איז געווען על־פּי־רובֿ, אַז איידער ער האָט זוכה געווען צו פּועל זײַן, וואָס ער האָט געוואָלט בכל עת ובכל שעה, האָט ער פֿריִער געהאַט זייער אַ צעבראָכן האַרץ.

משה קולבאַק

## ירושלים

### פֿון דער פּאָעמע „משיח בן אפֿרים"

ירושלים, ירושלים,
מיר האָבן אויפֿגעהאָנגען אונדזערע הערצער אויף דײַנע מויערן,

פֿון טרערן האָבן מיר דיך אויסגעבויט.
דײַנע שטיינער זײַנען די גופֿים אונדזערע.

ירושלים, ירושלים,
שטאָט פֿון כּהנים, פֿון מלכים און נבֿיאים,
דו יאָמערסט ווי אַ שטורעם איבער אונדז
און רײַסט־אַרויס דאָס בלוט פֿון אויסגעברענטן האַרצן.

מיט טראָגן אויף די ביינערדיקע פּלייצעס דעם יאָך
פֿון דײַנע טורעמס און בריקן,
און מיט די פֿוקסן פֿון דײַנע חורבֿות קלאָגן מיר:
ירושלים! ירושלים! ירושלים!

ווילנע 1924

# 2



דער אַמאָליקער ייִדישער קאָלאָניסט

# פּנים אל פּנים מיט אראבער



אַראַבישעליימשטיבלעך

שמואל־יעקב אימבער

## און לייקענען טויזנט...

און לייקענען טויזנט דיר, טויזנט דיר ליב —
אין מיר איז קיין ליגן נישטאָ,
אָ, לאַנד מײַנס!
מײַן האַרץ געהערט דיר ביז דער אַללעצטער שעה,
אָן דיר איז מײַן זעלע טויטטריב.

און ציִען זיך וועגן אַריבער דער ערד
צען טויזנט צו פֿרייד און צו גליק,
אָ, לאַנד מײַנס!
מײַן וועג איז נאָר דער וואָס צו דיר פֿירט־צוריק
מיט הייליקע מיִען באַשווערט.

איך וואַנדער מיט לידער, איך וואַנדער פֿול מוט
דורך שוואַכלאַנד און פֿלאַכלאַנד צו דיר —
אָ, לאַנד מײַנס!
בײַ דיר אויף די בערגער דאָרט זינגט עס זיך גוט
און בלוט וויל דאָס פֿעלד דײַנס פֿון מיר.

אָ, דיר זאָל געהערן מײַן בלוט און מײַן ליד,
מײַן טאָגמי און מײַנע פֿיר ווענט —
אָ, לאַנד מײַנס!
קיין רויז אין דער פֿרעמד אַזוי שיין פֿאַר מיר בליט,
אַזוי ווי דײַן דאָרן וואָס ברענט.

א. ראובני

# ירושלים אין שאָטן פון שווערד

## אַ קאַפּיטל פֿון ראָמאַן

דעם נאַכטוועכטער פֿון דער שכונה נחלת יהודה האָט מען גערופֿן כאַדזש יוסף. נישט אַלע האָבן געוווּסט זײַן נאָמען. מען האָט פּשוט געזאָגט: דער כאַדזש. עס איז געווען אַן אָנגענומענע זאַך אין שטאָט, אַז „כאַדזש" הייסט אַ נאַכטוועכטער און בפֿרט איינער פֿון אַפֿריקע — אַ מאַראָקאַנער אָדער אַלזשירער. אויף אַן אמתן האָט גאָר דאָס וואָרט „כאַדזש" באַטײַט אַן עולה־רגל, אַ מענטש וואָס האָט אַ נדר געטאָן צו גיין תּפֿילה טאָן אויף די הייליקע ערטער. אַ סך פֿון זיי זײַנען געווען צפֿון־אַפֿריקאַנער. זיי זײַנען געגאַנגען דורך מצרים קיין מעקאַ און מעדינאַ און פֿון דאָרטן צום דריטן הייליקסטן אָרט — קיין ירושלים. דורות נאָך דורות האָבן דורכגעמאַכט דעם וועג. יעדעס מאָל איז פֿון זיי געבליבן אַ טייל אָרעמע אין ירושלים. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מיטלען אויף דער ווײַטערדיקער נסיעה אָדער זיי האָבן נישט געהאַט צוליב וואָס צוריקצופֿאָרן אינעם לאַנד, פֿון וועלכן זיי זײַנען געקומען אָדער זיי זײַנען מיד געווען פֿון וואַנדערן.

ווי מענטשן, וואָס האָבן מקיים געווען אַ גרויסע מצווה, האָבן זיי געהאַט דאָס רעכט צו באַזעצן זיך אין די הקדש־הײַזער, וואָס נעבן דעם מקום־קדוש און וואָס געהערן צום מסגד [1]. דאָ האָבן זיי געפֿונען לאַנדסלײַט, גאַנצע שכונות פֿון „מוגראַבער", וואָס זײַנען שוין פֿריִער געקומען מיטן זעלביקן וועג. און זיי האָבן געפֿונען אַ פּרנסה, וואָס איז געוואָרן בײַ זיי אַ חזקה, גלײַך ווי די הקדש־שכונות אַרום דעם כותל המערבֿי. זיי זײַנען געווען שטאַרקע און מוטיקע מענטשן, וואָס

[1] מעטשעט, מוסולמענישער טעמפּל.

זײַנען דורכגעגאַנגען צו פֿוס מדבריות און ווילדערנישן, אויסגעשטאַנען די סכּנות פֿון בעדויִנער־אָנפֿאַלן, פֿון בייזע חיות און גיפֿט־שלאַנגען, די פּלאָגענישן פֿון הונגער און דאָרשט, פֿון היץ און קעלט. די שוואַכע זײַנען אומגעקומען אויפֿן וועג, און די וואָס זײַנען דערגאַנגען זײַנען געווען שטאַרקע און מוטיקע מענטשן — זיי האָבן געטויגט צו זײַן נאַכטוועכטערס אין ירושלים. עס איז געוואָרן אַ כּלל, אַז די „מוגראַבער" זײַנען זייער געפֿערלעכע מענטשן. דער אָרטיקער אַראַבער — אַ געמיש פֿון שיטער־האַרציקן סיריער און לעוואַנטינער, אָן כאַראַקטער, און דער דערשלאָגענער ייִד — אַ געמיש פֿון מזרחישן געטאָ און רוסישן גלות, זיי האָבן שטאַרק מורא געהאַט פֿאַרן ווילדן, אַלע מאָל צו טויטשלאָג גרייטן אַפֿריקאַנער.

כאַדזש יוסף האָט געוווינט אין אַ בלעכענעם שטיבל, וואָס איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו אַ פֿעלדז אויפֿן פֿעלד, אין עק פֿון דער שכונה, נאָך דעם אַפּטייקערס הויז. דאָ איז ער געשלאָפֿן אַ גאַנצן טאָג, און בײַ נאַכט האָט מען אים געהערט פֿײַפֿן אָדער קלאַפּן מיטן שטעקן אין אַ ברעט, האָט מען געוווּסט: דער כאַדזש וואַכט. ער איז געווען הויך און טרוקן אין לײַב — די מדבר־זון האָט אים אויסגעטריקנט — און שוואַרץ איז ער געווען — די נעכט, אָן אַ שײַן, האָבן געפֿאַרבט זײַן פּנים. אין אַ פֿינצטערן אָוונט, געוויקלט אין זײַן ברוינער אַבײַע, דער קאָפּ און פּנים אַרומגעבונדן מיט דער קעפֿיע (קאָפּ־טיכל), נאָר די אויגן קוקן־אַרויס פֿון צווישן דעם טוך, ווי דורך אַ קוקלאָך, איז ער געשטאַנען אין אַ ווינקל, צוגעטוליעט צו אַ וואַנט, און איז געווען ווי אַ טייל פֿון דער וואַנט — מען האָט געקאָנט צוויי מאָל פֿאַרבײַגיין אָן צו באַמערקן אים. אָבער ווען מען האָט אים באַמערקט, האָט מען זיך געאײַלט גיכער דורכגיין, און ער איז אַרויס פֿון זײַן ווינקל, האָט געפֿײַפֿט, האָט ווידער גענומען אַרומשפּאַנען צווישן די הײַזער — ביז ער איז נאָך אַ מאָל פֿאַרשוווּנדן געוואָרן ערגעץ אין אַזאַ ווינקל. נישט נאָר אין די ווינקעלעך פֿלעגט ער שטיין. בײַ נאַכט איז די גאַס געווען זײַנע. די הײַזער און די פֿענצטער זײַנען געווען זײַנע. קיינער איז דאָ נישט געווען אויסער אים.

ס׳איז קיינעמס עסק נישט וואָס ער טוט, און ס׳איז זײַן עסק וואָס אַלע טוען.

די שויבן פֿון די נידעריקע, אין דר׳ערד אַרײַנגעקראָכענע, פֿענצטער פֿון די קעלער־וווינונגען זײַנען בײַ טאָג געווען מוטנע־שטויביק און גלאָזיק־שוואַרץ. דער חושך פֿון אינעווייניק האָט גע־קוקט דורך זיי מיט פֿינצטערע אויגן צו דער ווײַסער וועלט. נאָר בײַ נאַכט איז דער חושך אַריבער אין דרויסן און פֿון הינטער די שײַבלעך האָט זיך אָפּט דורכגעזײַט אַ בלאַסער שײַן. דער שײַן האָט געצויגן צו זיך דעם כאַדזש, דעם נאַכטמענטש, ווי דאָס ליכט פֿון אַ לאָמפּ ציט אַ בײַנאַכטיק זומער־פֿייגעלע. ער האָט זיך געגליטשט אין דער לענג פֿון דער וואַנט און אָן גערויש. ווי אַ פֿלעדערמויז האָט ער זיך צוגעשאַרט דאָ צו איין פֿענצטער און דאָ צום אַנדערן. אונטן־אינעווייניק האָט ער געזען מוטנע געשטאַלטן — אַ מאָל דײַטלע־כער, אַ מאָל אומדײַטלעך. ס׳האָט זיך געווענדט אין דער באַלײַכטונג און אין דער זויבערקייט פֿון די שויבן. ער האָט געהערט דאָס גע־זשום פֿון רייד, דעם טומל פֿון ווערטער, וועלכע ער האָט נישט פֿאַר־שטאַנען, אַ מאָל געשרייען און זידלערײַען, אַ מאָל אַ געלעכטער, אַ מאָל אַ קרעכצן פֿון אַ קראַנקן, אַ מאָל — אַ קינדער־געוויין, נאָר אָפֿטער — טענות און טענות, ביטערע און שטעכעדיקע. ער האָט קיין מאָל נישט געטראַכט וועגן וואָס די מענטשן ריידן, וואָס פֿאַר אַ נויטן און פֿאַרלאַנגען, וואָס פֿאַר אַ דאגות און האָפֿענונגען עס גע־בערן אָט די אַלע אומפֿאַרשטענדלעכע רייד, די מאָדנע תּנועות און העוויות.

נאָר איין זאַך איז געווען, וואָס האָט אים נישט געגעבן קיין רו: די ווײַבער, די מיידלעך. די ווייכקייט פֿון די לײַבער, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אים אַזוי פֿרײַ, ווי פֿאַר אַ סריס אין אַ האַרעם, האָט אים געבלענדט און האָט געצונדן אַ פֿײַער אין זײַנע געדערעם און אינעם אינעווייניק פֿון זײַן טרוקענער ברוסט. זי האָט אים נאָכגעיאָגט ביז אין זײַן בלעכענעם וועכטער־שטיבל, זי האָט גע־שטערט די רו פֿון זײַן בײַטאָגיקן שלאָף, ווען די היץ אין דרויסן איז

געוועזן גרויס און די לופֿט אין זײַן בלעכלאָך איז געווען אָנגעברענט און פֿאַרשטיקט, און ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט אָפּגעגאָסן מיט שווייס, מיט אַ שטורעמדיק־קלאַפּנדיק האַרץ.

ער איז שוין געווען נישט יונג, כאַדזש יוסף. זײַן בערדל, שיטער און ווי געצופּט, האָט באַוויזן מער גרויע האָר ווי שוואַרצע. גרוי איז אויך געווען די האָריקע וואָל אויף זײַן ברוסט. אָבער זײַנע גלידער זײַנען נאָך געווען בייגיק און פֿול מיט כּוח. זײַן בלוט איז געווען הייס און האָט אים ניט זעלטן אָנגעפֿולט דעם קאָפּ מיט אַ נעפּל פֿון זעונגען און פֿאַרלאַנגען, וואָס האָט אים געמאַכט שיכּור, וואָס האָט אים באַוועלטיקט ווי אַ כאַשיש. און בײַ נאַכט האָט זי אים פֿאַרפֿאָלגט, די ווײַסקייט פֿון פֿרויענלײַב, און אָנגעוויזט אויף אים מאָדנע געדאַנקען און בילדער, טרוימען אויף דער וואָר. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז ווען ער וואָלט געווען דער סולטאַן, וואָלט ער גענומען ווײַבער נאָר פֿון צווישן די ייִדישע טעכטער, די ווײַסלײַביקע, די אײדלהויטיקע, די ווייכע און קײַלעכדיקע... ער וואָלט געזעסן אויף אַ גאָלד־געוועבטן טאַפּעט, ווי דער וואָס ער האָט געזען בײַם אַרמענער, דעם טאַפּעטן־הענדלער, אויף אַ ווייכן קישן, הינטערן רוקן אַ קישן — און וואָלט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט... און זיי וואָלטן אַרײַנגעגאַנגען, אין אײנע העמדער וואָלטן זיי געווען, קורצע, די פֿיס — ווײַסע, דיקע, קײַלעכדיקע... מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן וואָלטן זיי געשטאַנען פֿאַר אים, זייער הערשער, דעם פּאַדישאַך, ציטערדיקע, צניעותדיקע... און זיי וואָלטן אַלע געווען פֿאַר זײַן גענוס!...

אָפּטער ווי ערגעץ אַנדערש האָט זיך דער כאַדזש אײַנגענורעט אין פֿענצטער פֿון דער צעלניקערײַ, טויבע פּעטשעניק. דאָ זײַנען קיין מאַנספּאַרשוינען נישט געווען, נאָר די אַלטע צעלניקערין און נחמהקע, די טויב־שטומע יתומה, וואָס האָט זיך בײַ איר אויפֿגעהאָדעוועט פֿאַר אַ טאָכטער. דאָס מיידל איז אַלט געווען אַ יאָר זעכצן אָדער זיבעצן, נידעריק געוואַקסן, דין, שלאַף. די אַלטע האָט אַרויפּ־

געשטעלט אירע גראָבע פּיס אויף אַ הילצערנעם פּוס־בענקעלע. זי האָט גערעדט מיט דער טויבשטומער אויפֿן ווונק און מיט די פֿינגער, און אויפֿן קול אויך, און יענע האָט געענטפֿערט מיט אַ משונהדיקן בילן. זי האָט געבראַכט אַ שיסל וואַרעם וואַסער. די אַלטע האָט גע־פּאַרעט די פּיס און געקרעכצט פֿאַר תּענוג. און נחמהקע האָט דער־נאָך זיך אַליין גענומען וואַשן. זי האָט געוואַשן דעם האַלדז, די ברוסט, דאָס גאַנצע מאָגערע און ווײַסע לײַב, און האָט דערבײַ געבילט מיט אַן אוממענטשלעכן קול, און געווען ווילד־צופֿרידן, און האָט גאָר נישט געפֿילט ווי דער שוואַרצער כאַדוש עסט זי מיט די אויגן, ווי דאָס בלוט אין זײַנע אָדערן ווערט אַ פֿײַערשטראָם, ווי די אײַזערנע גראַטעס אין פֿענצטער זײַנען די איינציקע זאַך, וואָס האַלט אים אָפּ פֿון אויסזעצן די שויבן און אַרײַנשפּרינגען אין שטוב.

נאָר די זעונגען האָבן נישט לאַנג געדויערט — נישט בײַ דעם פֿענצטער, נישט בײַ אַנדערע. די מענטשן זײַנען געווען אָרעם. אויל האָט געקאָסט טײַער און איז געווען מער נייטיק צום עסן מיט ברויט ווי צום ברענען. ס'איז נאָך ווײַט געווען פֿון שפּעט, ווען אַלע פֿענצ־טער זײַנען שוין געשטאַנען שוואַרץ־פֿאַרלאָשענע, שוואַרצער ווי בײַ טאָג. און יוסף איז אַרומגעגאַנגען אַהין און אַהער, נישט גע־פֿונען זיך קיין אָרט און געטרוימט אויף דער וואָר שווערע און שטור־רעמדיקע טרוימען, טרוימען פֿון בלוט און פֿאַרגוואַלדיקונג.

אַזוי איז געווען אַ סך מאָל. דאָס מאָל האָט ער געזען אַ נײַס: שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַלע זײַנען שוין לאַנג געשלאָפֿן, האָט פֿון טויבעס פֿענצטער ווידער אַ שלאָג געטאָן אַ שײַן. יוסף איז צוגע־גאַנגען. די אַלטע איז געלעגן אין בעט מיט אַן אַרומגעבונדענעם קאָפּ, מיט אַ גלײַענדיקן פּנים, און נישט אויפֿגעהערט צו קרעכצן. „קראַנק!" — האָט צו זיך געזאָגט דער כאַדוש. די אַלטע האָט עפּעס פֿאַרלאַנגט פֿון נחמהקען. דאָס מיידל האָט געבילט און אָנגעטאָן זיך פּאַמעלעך, מיט תּנועות פֿון נישט־וועלן. זי האָט זיך אומגעקערט צום פֿענצטער און האָט אַ ציטער געטאָן: די נאַכט איז געווען אַ העלע לבֿנה־נאַכט און איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי זעט אין

פּענצטער אַ שוואַרצן שאָטן. זי האָט זיך אומגעקוקט נאָך עטלעכע מאָל, נישט וואַגנדיק, אויף גיך — קיין זאַך האָט זיך נישט גערירט, ס'איז אפשר געווען אַ שאָטן פון אַ שטיין. נאָר דער באָבעס קרעכצן האָט איבערגעשלאָגן איר שרעק. זי האָט אויסגעזוכט אַ פלעשל און אַרויס פון שטוב. „צום אַפּטייקער" — האָט געזאָגט צו זיך דער כאַדזש.

שטיל, ווי אַ פלעדערמויז, האָט ער זיך געגליטשט פאַרביי די פאַרשלאָפענע הייזער, פון זייער צווייטער זייט, צום עק פון דער שכונה. ער האָט אַרומגעקרייזט דעם אַפּטייקערס הויז, מיטן גרינ־געפאַרבטן שטאַכעטן־צוים, און אַרויס איר אַנטקעגן.

— ווער איז? — האָט ער געפרעגט שטרענג, אָבער נישט מיט קיין הויכן קול.

זי איז געבליבן שטיין אַ פאַרציטערטע. נאָר באַלד האָט זי אים דערקענט, דעם הויכן און שוואַרצן כאַדזש, און האָט געמאַכט אַ שריט צו אים, און אומרויִק געבילט עפּעס, וואָס האָט געזאָלט הייסן: „איך, נחמהקע, איך גיי צום אַפּטייקער. די באָבע איז קראַנק". ער איז צוגעגאַנגען צו איר גאָר נאָענט. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אָפגעשטעלטע, גרויסע אויגן.

— קום! — האָט ער געזאָגט און גענומען זי פאַר דער האַנט.

זי האָט געמאַכט מיט אים עטלעכע טריט. די טריט האָבן גע־פירט לינקס, צום בלעכענעם קעמערל, אַוועק פון אַפּטייקער. אין מיטן דערינען האָט זי זיך גענומען רייסן ווילד און וואָיען, ווי אַ הינטל, וואָס יינגלעך שלעפּן־אַרום צוגעבונדן מיט אַ שטריקל פאַר אַ פוס. דעמאָלט האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן מיטביידע הענט, אויפ־געהויבן ווי אַ קינד, און געלאָפן מיט איר איבערן פעלדזנפעלד, אַוועקגעטראָגן זי צו זיך אין באַהעלטעניש, ווי אַ וואַלדיעגער, וואָס האָט אַרויסגעגנבעט אַ מיידל פון אַ פרעמדן שטאַם, — און איר פּנים האָט ער צוגעדריקט צו זיין ברוסט, כּדי זי זאָל נישט קאָנען וואָיען.

יהושע פּעלאָוויץ

1936—1875

## די שבועה

מיר הייבן די הענט קעגן מזרח און שווערן
בײַ ציון, איר פּאָן, בײַ איר הייליקער ערד,
בײַ אַלץ וואָס מיר ליבן, וואָס הייליק מיר ערן,
בײַ אונדזערע העלדנס צעבראָכענער שווערד.

בײַ אונדזער געשיכטע, וואָס איז אָנגעשריבן
מיט אונדזערע טרערן, מיט אונדזער בלוט,
בײַ אַלץ וואָס מיר שווערן דאָס פֿאָלק הייס צו ליבן
און קעמפֿן פֿאַר אים מיט ענערגיע, מיט מוט.

מיר שווערן אים ליבע, מיר שווערן אים טרײַהייט,
צוריק דאָס געווער ניט צו לייגן פֿון האַנט,
ביז וואַנען מיר וועלן אויסקעמפֿן אין פֿרײַהייט
אַ רויִקעס לעבן אויף אייגענעם לאַנד.

מיר שווערן צערײַסן די קייטן אויף שטיקער
פֿון זײַנע געבונדענע וווּנדיקע הענט,
אַרונטערצוּוואַרפֿן דעם יאָך פֿון די דריקערס,
פֿאַרלאָזן דעם גלות, די פֿינצטערע ווענט.

און אויך ווען צו שטאַרבן אין מיטן דעם שטרעבן
איז אונדז דאָ באַשערט, ניט ברענגענדיק אים דאָרט,
דאַן וועלן מיר אַנדערע דעם גײַסט איבערגעבן,
זיי זאָלן פֿאַרטרעטן אין שטרײַט אונדזער אָרט!

ז. ברכות

## פון „אונטערן שאָטן פון חרמון"

ער איז אין פעלד געלאָפן. נאָר דאָרט האָט ער שוין קיינעם ניט געטראָפן. סאָלימען האָט מען אין די בערג אַוועקגעשיקט. רחל האָט זיך ביי חלימהן באַהאַלטן.

— ווו איז אַבימלך? — איז ער אין הויף אַריינגעלאָפן. אַלע שווייגן.

— איך וועל זיי הרגענען! — הערט ניט אויף יעקב איבער־חזרן, אַרומשפּאַנענדיק איבערן הויף מיט דער ביקס אין האַנט...

אויף דער נאַכט האָבן זיך אַלע ביי יעקבן פאַרזאַמלט. די שייכס פון דאָרף זיינען אויך געקומען. מיט די פיס אונטער זיך זיצט מען אין אַ רונדקרייז. אין מיטן שטייט אַ לימענע איוועלע, אַ טאָפּ אָנגעשאָטענע קוילן, אויף וועלכע עס זידט אַ קאַווע־קאָכער. יעקב זיצט ניט. ער הערט ניט אויף אַרומצושפּאַנען אין הויף, האַלטנדיק די ביקס. מיט געוואַלט האָט מען אים אַוועקגעזעצט.

— וועמען וועסטו הרגענען? — האָט זיך איינער פון די שייכס אָנגערופן — סאָלים איז אַוועק אין די בערג און ווער ווייס ווו ער איז...

— אָ, איך וועל אים געפינען... איך ווייס ווו ער איז... צו אים אין דאָרף וועל איך גיין... — האָט יעקב מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן געזאָגט.

— מיר האָבן אים שוין געשיקט זוכן... — טרייסט אים דער שייך — ווי נאָר מען וועט אים געפינען, וועט מען אים דער רעגירונג איבערגעבן...

— און רחל איז ניט שולדיק! — האָט נאָך איינער צוגעגעבן.

— ווו איז זי, די... ווען איך געפין זי נאָר... — האָט יעקב אַ פינגער פאַרביסן.

— רחל איז ביי אונדז און מיר וועלן זי דיר ניט אָפּגעבן ביז

דו וועסט צוזאָגן, אַז דו וועסט איר גאָר נישט טאָן... אלא ניט, וועלן מיר זי אין טבריה דער רעגירונג איבערגעבן... דיר וועט ערגער זײַן...

— שיקט זי צו... מיר זײַנען אײַך ערבֿ פֿאַר איר... — האָבן זיך די קאָלאָניסטן אָפּגערופֿן...

*

און רחל זיצט בײַ חלימהן. חלימה דערציילט איר אַלץ, וואָס בײַ זיי טוט זיך און אויך ווו די שייכס זיצן בײַ זיי...

פֿאַרגליווערט, מיט אַן אוממענטשלעכן פּחד, זײַנען אירע אויגן אויף דער טיר אָנגעשטעלט. די ליפּן באַוועגן זיך.

— קום! — האָט זי חלימה פֿאַר דער האַנט אַ שלעפּ געטאָן — זי הערט ניט.

— קום! — האָט זי חלימה שטאַרקער געשלעפּט.

— וווהין? — האָט רחל אויפֿגעציטערט.

— צו דיר, אַהיים...

— איך גיי ניט! — האָט רחל מיט דער האַנט אַ מאַך געטאָן.

— וואָס הייסט, דו גייסט ניט? די שייכס האָבן נאָך דיר אַבדול־האַפֿעזן געשיקט און ער וואַרט...

— איך גיי ניט אַהין... זיי וועלן מיך הרגענען... — האָט זי עקשנותדיק מיט די אַקסלען אַ פֿיר געטאָן.

— קום, האָב נישט מורא!... איך בין דיר ערבֿ... מען וועט דיר גאָר נישט טאָן... די שייכס וואַרטן אויף דיר... האָט איר אויך אַבדול־האַפֿעז אײַנגערעדט.

— איך גיי ניט. זיי וועלן מיר הרגענען... — האָט זי ניט אויפֿגעהערט איבערצוחזרן מיט קאַלכווײַסע ליפּן.

— וואָס איז פֿאַראַן צו ריידן? — האָט שוין אַבדול־האַפֿעז צאַ־רנדיק אויסגעשריִען — זי נעמט זיך איבער, די סעקנאַדזיע... קום!

ער האָט זי פֿאַר דער האַנט אַ שלעפּ געטאָן און רחל איז מיט אַ שנײַדנדיקן קוויטש אַנידערגעפֿאַלן אויף דער ערד.

*

— ווו איז זי? — איז מלכּה מיט אַ צעכראַסטעטן בוזעם און צעוואָרפֿענע האָר אַרויסגעלאָפֿן, ווי מען האָט נאָר רחלען אין הויף אַרײַנגעפֿירט.

— אַהאַ, דו ביסט דאָ?... — האָט זי זיך צו איר אַ וואָרף געטאָן, און אָנכאַפּנדיק זי פֿאַר די לאַנגע האָר, האָט זי זי איבערן הויף אַרומגעשלעפּט.

מען האָט זי קוים אָפּגעריסן. און ווי נאָך אַ טויטן, מיט צעלאָזענע האָר, האָט זי זיך אויף דער ערד קעגן רחלען אַוועקגעזעצט.

מיט טרוקענע אויגן, אונטער וועלכע עס האָבן געציטערט די באַקמוסקלען, איז רחל געזעסן.

ערשט שפּעט בײַ נאַכט זײַנען זיך אַלע צעגאַנגען.

בײַ זיך אין שטוב האָט אַ קאָלאָניסט רחלען פֿאַרשפּאַרט.

— לאָזט זי אַרויס... איך וועל איר גאָר ניט טאָן! — האָט פּלוצלינג יעקבֿ אָנגעהויבן שרײַען און קלאַפּן אין טיר פֿון דער שטוב, ווו רחל איז געזעסן.

— מיר וועלן זי ניט אָפּלאָזן... מיר זײַנען פֿאַר איר ערבֿ געווען — האָט אים דער קאָלאָניסט פֿון דאָך געענטפֿערט. ער האָט נאָך אַ ביסל געקלאַפּט און איז אַוועקגעגאַנגען.

עס איז געוואָרן שטיל. נאָר יעקבֿ הערט ניט אויף אין הויף אומשפּאַנען און מורמלען. און מלכּה וויינט.

אַלע שלאָפֿן. זייער טרויעריק האָט זיך אַ שאַקאַל צעוויינט, אַזוי ווי ער וואָלט באַקלאָגט עפּעס זייער אַ טײַערע פֿאַרלוירענע זאַך, פֿון וועלכער נאָר ער אַליין ווייס.

*

— וואָס האָסטו געטאָן?... וואָס האָסטו געטאָן?... — האָט מלכּה מיט אַ שטילן געוויין אויפֿן צווייטן טאָג רחלען באַגעגנט.

יעקבֿ איז ניט געווען.

— אוי, רחל, רחל... — האָט זיך מלכּה אַלץ שטאַרקער אין האַרצן געקלאַפּט און פֿאַר די האָר געריסן, מיט פֿאַרשוואָלענע אויגן קו־

קנדיק אויף רחלען, וועלכע איז ווי אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע אָן באַוועגונג געזעסן.

— אַהאַ, דו ביסט טאַקע געקומען! — האָט זיך פּלוצעם יעקבֿ אין טיר געוויזן און האָט זי אויף דער ערד אומגעוואָרפֿן.

— וואָס ביסטו געקומען צו מיר!... צו דײַן אַראַבער גיי!... — האָט ער אין איין רציחה געשריִען און איבערן פּאָל זי אומגעשלעפּט — איך וועל דיך הרגענען... דו ביסט ניט מײַן טאָכטער... — האָט ער זיך מיט אַ מאָל אַ וואָרף געטאָן צו דער וואַנט און די ביקס אַראָפּגעכאַפּט.

מיט אַ ווילד־גרילצנדיקן געשריי האָט זיך מלכּה צו יעקבֿן אַ וואָרף געטאָן.

— טאַטע, מען דאַרף ניט! — האָט זיך רבֿקה אויף זײַן האַנט אָנגעהאַנגען.

עס זײַנען אָנגעלאָפֿן קאָלאָניסטן, די ביקס צוגענומען און רחלען אַרויסגעפֿירט.

— צו סאַלימען זאָל זי גיין! — האָט יעקבֿ מיט שוים אויף די ליפּן געשריִען — איך וועל זי דערהרגענען, אויב איך וועל זי דאָ נאָך אַ מאָל טרעפֿן.

און שטיל, אין אַ ווינקל, וויינט מלכּה דריקנדיק פֿעסט צו זיך רבֿקהן, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט, מען זאָל זי בײַ איר צונעמען.

מיט אַ צעבלוטיקטן פּנים, אַ פֿאַרשטיינערטע, זיצט רחל בײַ דעם קאָלאָניסט. צײַטנווײַז לויפֿט איר דורך אַ ציטער און ברייט עפֿנט זי און פֿאַרמאַכט די אויגן...

*

און בײַ דעם אַלטן יעקבֿ אין שטוב איז געוואָרן אַ גיהנום. אָן אַן אויפֿהער וויינט מלכּה און אויך רבֿקה:

— פֿאַר וואָס זיצט עפּעס רחל בײַ פֿרעמדע מענטשן?...

גאַנצע טעג איז יעקבֿ אין דער היים ניטאָ.

— אָט האָסטו דײַן טאָכטער!... איך וועל זי דערהרגענען, אויב

זי וועט זיך נאָר דאָ ווײַזן... — האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו שרײַען צו מלכּהן, ווען ער איז נאָר אין דער היים געווען.

מיט קיינעם רעדט ניט דער אַלטער יעקבֿ. אים ווײַזט זיך אויס, אַז אַלע לאַכן פֿון אים. און איין מאָל, ווען אַבֿימלך האָט אים עפּעס געזאָגט, האָט ער זיך אויף אים געוואָרפֿן מיט די פֿויסטן.

די צײַט שטייט ניט. מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג אַרבעט מען אויף די פֿעלדער. יעדער אײַלט זיך וואָס גיכער דעם „סעזאָם“ אַראָפּנעמען, ווײַל פֿון די היצן האָט ער זיך אָנגעהויבן אויסשיטן. און אייניקע האָבן שוין אַפֿילו אָנגעהויבן דרעשן. אַרום די אָנגעוואָרפֿענע קופּעס תּבֿואה דרייען זיך אַרום צוזאַמענגעשפּאַנטע אָקס און אייזל, פֿערד און קו, און אַז ניט, איז אַ קעמל און אַן אייזל, און ווײַט קלינגען די געשרייען פֿון די קינדער, זייערע אַנטרײַבערס. רבֿקה אַרבעט אויך דאָ. זי וויל ניט אָפּשטיין פֿון אַנדערע.

— ווען ביי אײַך טרעפֿט זיך דאָס, וואָלט זי אים פֿון אונטער דער ערד געבראַכט... און איך, אַ יאַהוד... וואָס?... אַ, פֿאַרפֿלוכט זאָלט איר זײַן... — טראַכט יעקבֿ ליגנדיק אין שאָטן פֿון די קופּעס תּבֿואה.

מיט אַלע מעגלעכקייטן מײַדט ער אויס די אַרבעטער. שטייענדיק אויפֿן „ברעט“, פֿאָרט רבֿקה איבער דער תּבֿואה. די פֿאַרבײַגייענדיקע אַראַבער בלײַבן שטיין און מיט אַ פֿײַערל אין די אויגן קוקן זיי איר נאָך.

— און וואָס וועט מיט איר דאָ זײַן? דאָס אייגענע, וואָס מיט רחלען... אָט ווי גרויס זי איז אויסגעוואַקסן... ווי געזונט זי איז... ניין, איך וועל ענדיקן דעם באַיאַדער און וועל זי אָפּפֿירן אין צפֿת... — ליגט יעקבֿ און טראַכט לאַנג, לאַנג, אַלץ דאָס אייגענע, אַזוי לאַנג ווי רבֿקה וועקט אים ניט אויף.

— טאַטע, עס איז שוין צײַט די „תּרכה“ [1] איבערקערן.

דער סעזאָן איז שוין אַראָפּגענומען און מען האָט אָנגעהויבן רײַסן דורע. נאָר איין יעקבֿ טוט גאָר ניט. ער אַרבעט ניט. אי די

[1] צעדראָשענע זאַנגען.

אַראַבער, אי די קאָלאָניסטן האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וואָס צו טאָן; דער „מולטאַזים״ [2] פֿאָדערט פֿון דעם דאָרף זיי זאָלן פֿאַר יעקבֿן צאָלן.

איין מאָל, אין אַ פֿאַרנאַכט, ווען אַלע זײַנען געזעסן און גע־טראַכט וואָס צו טאָן, ווײַל די בערג־שׂריפֿות האָבן זיך זייער גע־שטאַרקט און צו דעם האָט מען נאָך נעכטן געפֿונען אַ געהרגע־טן אַראַבער, האָט זיך פֿון דער ווײַטנס יעקבֿ געוויזן.

— היי, יעקבֿ, היי! — האָט אים גערופֿן אַ שייך.

— ברוך הבא! — איז געקומען יעקבֿ און זיך אויך געזעצט אין קרײַז.

— וואָס וועט זײַן, יעקבֿ? האָט איינער אַ פֿרעג געטאָן נאָך אַ קליין שווײַגן. נעכטן בין איך געווען אויף דײַן פֿעלד. דײַן סעזאַם איז שוין האַלב אויסגעשאָטן. ווער וועט פֿאַר דיר צאָלן דעם עשׂר? יעקבֿ האָט געשוויגן.

— דו אַרבעטסט ניט! — האָט ווײַטער גערעדט דער שייך — די גאַנצע אַרבעטערין איז רבֿקה און זי איז דאָך אַ פֿרוי... רחלען האָסטו פֿאַרטריבן... אַרבעטערס זוכסטו ניט...

— ער זוכט סאַלימען! — האָט זיך אָנגערופֿן אַן אַרבעטער פֿון סאַלימס דאָרף.

— יאָ, איך זוך סאַלימען — האָט יעקבֿ זײַן קאָפּ אויפֿגעהויבן — ווו איך וועל אים נאָר באַגעגענען, וועל איך אים ווי אַ הונט דער־שיסן...

שפּאָטיש שמייכלט דער אַראַבער און נידעריק האָבן די קאָלאָ־ניסטן זייערע קעפּ אַראָפּגעבויגן.

— איר וואָלט דען בעסער געווען?... מײַנע גרויע האָר האָט ער געשענדט... — האָט יעקבֿ זײַנע האָר געוויזן — ווען בײַ אײַך וואָלט זיך דאָס געטראָפֿן?... נאָר אַ יאַהוד!...

— אומזיסט רעדסטו אַזוי! — האָט זיך אַ זקן אָפּגערופֿן — סאַלים איז אין די בערג. זײַן משפּחה איז זייער אַ גרויסע און אַ

---

[2] וואָס האַלט דעם עשׂר, דאָס צעטל.

שטאַרקע. קענסט זיך פֿאַרקריגן מיט זיי?... רוף־צוריק רחלען און ענדיק די אַרבעט. — דו זעסט ? ! — האָט ער אויף די ברענענדיקע בערג אָנגעוויזן.

— ווו איז רבֿקה? — איז יעקבֿ מיט כּעס און רוגזה געקומען צו זיך אין שטוב, נאָך דעם געשפּרעך מיט די אַראַבער.

— ביי רחלען! — האָט מלכּה געענטפֿערט.

— אָ, אָ, אָ, ביי רחלען... — האָט יעקבֿ איבערגעקרימט — רוף זי גלייך און גיב וועטשערע!... צי ווילסטו ניט, אַז זי זאָל אויך אַזוי ווערן?... רבֿקה, רבֿקה! — האָט ער אָנגעהויבן שרייען.

באַגיסנדיק זיך מיט טרערן האָט מלכּה געגרייט צום טיש.

— וואָס גייסטו צו איר?... ווילסט אויך אַזוי ווי זי ווערן?... — האָט ער גראָב די אַריינקומענדיקע רבֿקה באַגעגענט.

— וואָס פֿאַלסטו־אָן אויף איר? — האָט זיך מלכּה אַריינגעמישט — אַפֿילו צו דער שוועסטער טאָר זי ניט גיין...

— יענע איז ניט מיין טאָכטער... זי האָט ניט וואָס צו גיין צו איר... קיין גוטס וועט זי זיך דאָרט ניט אויסלערנען...

— יעקבֿ!... — האָט שטיל מלכּה אָנגעהויבן — קער־אום רחלען... זע...

— ניין, פֿאַר קיין זאַך אין דער וועלט! — האָט יעקב געליאַרעמט — זאָל זי צו איר אַראַבער גיין...

— וואָס שרייסטו שטענדיק „אַראַבער״?... — האָט שוין מלכּה דאָס עסן ניט דערלאַנגט.

— ווער איז שולדיק? זי? ניין, דו, דו ביסט שולדיק... ער האָט זיך דערפֿרייט מיט סאַלימען און נאָך צוגעזאָגט אים רחלען פֿאַר אַ ווייב אָפּגעבן... — האָט שוין אַלץ העכער און שטאַרקער מלכּה געשריִען. פֿאַר אים איז שוין ניט געשטאַנען די שטענדיק פֿאַרוויינטע מלכּה, נאָר אַ מוטער... — דערהרגענען וויל ער זי... גאַנצענע טעג אַליין מיט דעם אַראַבער געלאָזן און נאָך ברוגז געווען, ווען זי האָט מיט אים ניט גערעדט... הער נאָר, יעקבֿ... זאָל זי צוריקקומען... מיר וועלן ענדיקן אַראָפּנעמען דעם סעזאָם, אַ ניט וועט ער זיך אין

גאַנצן אויסשיטן... אַן עבֿירה... און אויף יום־טובֿ וועלן מיר זי אָפּפּירן אין צפֿת...

— טאַקע אין דער אמתן, טאַטע! — האָט זיך אויך רבֿקה אָפּגערופֿן — לאָז זי קומען! איז דען גוט אַזוי?... די מאַמע איז קראַנק... איך אויך... דער סעזאָם איז אויסגעשאָטן, די דורע איז ניט אַראָפּגענומען... אַזוי וועלן מיר דאָך אַפֿילו אויף יום־טובֿים ניט ענדיקן...

— און דו אויך... — מורמלט בייז יעקבֿ — ווינציק איז איַיך, ווילט איר נאָך? ניין! ביז איך וועל דאָ זיַין, וועט זי זיך ניט אומקערן... זאָל אַלץ פֿאַרפֿאַלן ווערן... דער טיַיוול האָט מיך געטראָגן ווערן אַ קאָלאָניסט... שלעכט איז מיר געווען, ווען איך האָב אַלס מוקער[3] געוווינט אַן דאגות אין צפֿת...

— אַליין, מיט אונדזערע אייגענע הענט אַלעמען צעטריבן! — האָט מלכּה געוויינט און געשליוכצט — די זין אין אַמעריקע, און איצט די טעכטער... אוי, אַן אומגליק האָט מיך געטראָפֿן!... ווי איז צו מיר, ווי... קיינעם האָב איך ניט... איינע אַליין בין איך געבליבן...

— גוט! — האָט יעקבֿ אויסגעשריִען — ווילסט ביַי זיך האָבן דיַין טיַיער טעכטערל? גוט! אָבער וויס, אַז איך בין אין דער היים ניטאָ! — און פֿאַרהאַקנדיק די טיר הינטער זיך, איז ער אַרויסגעלאָפֿן...

*

רחל און חלימה — וועלכע איז איר געקומען העלפֿן אַרבעטן דעם גאַנצן טאָג אין פֿעלד — האָבן זיך געאיַילט ענדיקן אַראָפּנעמען דעם סעזאָם. די פֿעלדער זיַינען ליידיק. קיינעם זעט מען ניט. דעם סעזאָם האָבן שוין אַלע אַראָפּגענומען.

צוויטנוועז בלײַבט שטיין רחל און לאַנג קוקט זי צו דעם באַרג, ווו עס שוואַרצט זיך דער גרויסער בוים אין דער זיַיט פֿון סאַלימס דאָרף. שווער לעבט זיך איר איצט.

יעקבֿ מיַידט זי אויס. מלכּה הערט ניט אויף צו וויינען און איז

---

[3] אייזל־אָנטריַיבער.

קראַנק, אַלט און שוואַך געוואָרן. רבֿקה רײַסט זיך אונטער בײַ דער אַרבעט; קיין אַרבעטער האָבן זיי ניט. און אויף דער נאַכט ליגט זי מיט רבֿקהן אויפֿן דאַך. שטיל איז אַרום־און־אַרום. דער גריל הערט ניט אויף זײַן זינגען. דאָס שווערע כריפּען פֿון די שעפּסן הערט זיך פֿון הויף. מלכּה קרעכצט אין שלאָף. פֿעסט דריקט זיך צו רחלען רבֿקה, וואַרעמט זי מיט איר הייסן קערפּער און פֿרעגט־איבער אָן אַן אויפֿהער:

— ווי איז דאָס געווען, רחל?... ווי איז עס געווען?.. .

מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, ווי שלאָפֿנדיק, ליגט רחל און זי זעט עפּעס אַ שוואַרצער קריכט איבערן דאַך גלײַך צו איר... די אויגן ברענען... דער קערפּער גלאַנצט... אָט איז ער שוין נעבן איר...

— דו וועסט ניט גיין... דו וועסט ניט גיין... — ציטערט מיט איר קערפּער רחל.

*

קומענדיק אין אַ פֿאַרנאַכט פֿון דער אַרבעט, הערט רחל ווי אויפֿן דאַך רעדט מען און מען דערמאָנט אירן און אַבֿימלכס נעמען. זי גייט־אַרויף און דערזעט דעם מלמד. אַלע זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן און גלײַך האָט זיך דער מלמד אויפֿגעהויבן:

— זעט, לאָזט דאָס ניט אָפּ... בעסערס דאַרפֿט איר איצט ניט... און וואָס גיכער איז בעסער... — הערט זי ווי דער מלמד צעזעגנט זיך מיט די עלטערן.

פֿילנדיק זיך עפּעס מיד און ניט געזונט, האָט זיך רחל צוגע־לייגט אָפּרוען און זי הערט ווי דער פֿאָטער מיט דער מוטער ריידן עפּעס שטיל. נאָר ווי זיי באַמערקן, אַז זי קוקט אין זייער זײַט, ווערן זיי גלײַך אַנטשוויגן.

אויף מאָרגן איז רחל צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. זי האָט זיך געפֿילט קראַנק. מיט אַ באַזונדערער ליבע און אויפֿמערקזאַמ־קייט גייט אַרום איר אום מלכּה. און אַפֿילו יעקבֿ איז אין מאָל צו־געגאַנגען און געפֿרעגט, וואָס זי מאַכט.

פֿאַרנאַכט־צו איז זי אויפֿן דאַך אַרויף. הערט זי, ווי יעקבֿ זאָגט מלכּהן:

— איצט זאָג איר.

— ניין! — ענטפֿערט מלכּה — זי איז נאָך קראַנק, מיר וועלן וואַרטן ביז מאָרגן.

—הייבסט שוין אָן... מאָרגן, מאָרגן... הײַנט, גלײַך זאָג איר! זאָל זי אויך וויסן...

מער האָט זי שוין ניט געהערט. די שטימען האָבן זיך דער־ווײַטערט.

מיט דער אָנקומענדיקער נאַכט קעמפֿט נאָך דער טאָג. דאָס פֿינצטערע און דאָס ליכטיקע ווערן שאָטנס. די בערג, פֿאַרשׂרפֿהט פֿון דער זון פֿון אַ גאַנצן טאָג, האָבן מיט פֿרייד די נאַכטפֿרישקייט באַגעגנט.

אין הויף שרײַען די קינדער און פֿרויען, אַרײַנטרײַבנדיק די געקומענע טשערעדע. רײַטנדיק אויף איזלען, האָט זיך אַ גאַנצע חבֿרה מיט הילכיקע געשרייען אַרומגעטראָגן אין הויף. מיט אַ לײדנ־שאַפֿטלעך און בייז מעקען לויפֿט נאָך דער צאַפּ דעם ווײַסינקן ציגעלע, וואָס אַנטלויפֿט שטיפֿעריש־קאָקעטיש יעדן מאָל, ווען ער דערנענטערט זיך, ביז וואַנען מען פֿאַרטרײַבט זיי ביידן, אי די קאָקעטקע, אי דעם דאָן זשואַן אין שטאַל, וווּ ער זעצט־פֿאָר מיט מער דערפֿאָלג זײַן אַרבעט.

איינער נאָך דעם צווייטן צינדן זיך אָן איבערן הימל די העל־שימערירנדיקע שטערן. ערגעץ פֿון ווײַט, פֿון די בערג, הערט זיך דאָס טרויעריק־אָפּגעהאַקטע איבערגעחזרטע געשריי פֿון דער בו־מע [4]. אין יענער זײַט האָט רחל זיך אײַנגעקוקט.

*

— רחל, גיי עסן! — האָט זיך רבֿקה אָנגערופֿן. זי איז אין שטוב אַרײַנגעגאַנגען.

---

[4] נאַכטפֿויגל.

אַ קלייניק לעמפּל, אָן אַ גלעזל, האָט קוים באַלויכטן דעם צימער. ווי סודנדיק האָבן זיך אין די ווינקלען די שאָטנס באַהאַלטן. עפּעס אַ שווערע שטילקייט, ווי פון אַ שטורעם, האָט אַלעמען באַ־הערשט. פון אונטער זײַנע געדיכטע ברעמען האָט יעקבֿ געקוקט אויף רחלען.

— ווייסט, רחל? — האָט ענדלעך מלכּה דאָס שטילשווײַגן אי־בערגעריסן — אַבֿימלך האָט ווײַטער אַ שדכן געשיקט און מיר האָבן אים צוגעזאָגט...

— וואָס? — האָט זיך רחל פאַרהוסט און איז אין גאַנצן רויט געוואָרן.

— אַבֿימלך האָט אַ שדכן געשיקט... — האָט ווײַטער מלכּה איבערגעחזרט — און מיר האָבן אים צוגעזאָגט. איצט איז דאָס אַ גליק פאַר דיר.

— איך וויל ניט חתונה האָבן! — האָט רחל שטיל אַרויסגע־רעדט, קוים וואָס מען האָט געהערט.

— ווער פרעגט בײַ דיר? — האָט זיך יעקבֿ אָפּגערופן מיט זײַן גראָבן הייזעריקן קול — דו נעמסט זיך איבער... — האָט ער ווײַ־טער גערעדט צאָרנדיק — געגנוג האָסטו אונדז פאַרשעמט... אומע־טום, אין אַלע ווינקעלעך, טײַט מען מיט די פינגער אויף אונדז... אַלע האַלטן אונדז אין די מײַלער... זאָג נאָר, איך בעט דיך, ווער וועט דיך נעמען, אַזעלכע?... פאַר אונדז איז אַ גליק אַבֿימלכס שדכע־נען זיך... מען קען דאָך אונדז פון דער חלוקה אָפּזאָגן... און ווי אַזוי, מיט וואָסערע אויגן וועל איך זיך צו ר' חיים דעם דיין ווײַזן?...

— איך וועל פאַר אַבֿימלכן ניט גיין... איך קען אים ניט אַרי־בערטראָגן...

— וואָס האָסטו געזאָגט ? ! — איז יעקבֿ אונטערגעשפּרונגען — זאָג, זאָג נאָך אַ מאָל, חזר־איבער...

— יעקבֿ! אָבער מען קען דאָך דאָס אייגענע אָן געשריי אויך...
— האָט זיך מלכּה אַרײַנגעמישט.

— קוק, נעם זיך איבער מיט דײַן טעכטערל... פאַר אַבֿימלכן

וויל זי ניט... און פֿאַר וועמען ווילסטו?... פֿאַרן אַראַבער?... פֿאַר סאַלימען?... וואַרט־צו אַ ביסל, באַלד ברענג איך אים דיר צו פֿירן...

— איר קענט טאָן וואָס איר ווילט. פֿאַר אַבֿימלכן גיי איך ניט!...

— וואָס? — האָט יעקבֿ אַ שטעקן געכאַפּט — און מיט די אַראַ־בער שורי־מורי פֿירן ווילסטו יאָ? איך וועל דיר... — האָט ער איבער איר דעם שטעקן אויפֿגעהויבן.

— טאַטע!... יעקבֿ!... וואָס טוסטו?... זי וועט זיך נאָך באַטראַכטן...

— האָט אים מלכּה און אויך רבֿקה פֿאַר די הענט אָנגעכאַפּט.

אַ וואַקס־געלע איז רחל געזעסן.

— לאָז מיך! האַלט מיך ניט אָפּ! — האָט ווי אַן אָקס יעקבֿ גע־שריִען — איך וועל איר שוין ווײַזן... זי וויל נאָך ניט, די שליוכע[5]?... ווער וועט עס אַזעלכע נעמען?... אויף איר אַראַבער האָפּט זי?... וואָס האַלטסטו מיך!... איך וועל דיך דערהרגענען!... — האָט ער זיך פֿון מלכּהס הענט אַרויסגעריסן און געכאַפּט רחלען פֿאַר די האָר.

— דזיי, יאַ, נאַס דזיי[6]... ער וועט זי דערהרגענען — איז רבֿקה אַרויסגעלאָפֿן אין הויף.

גלײַך זײַנען זיך מענטשן צונויפֿגעקומען. מען האָט רחלען פֿון יעקבֿס שטוב אַרויסגעפֿירט און אָפּגעמינטערט די געחלשטע מלכּה.

אָבער אַלע טאָג חזרט זיך דאָס איבער:

— אַזאַ איינע דאַרף מען דערהרגענען! — מישן זיך ניט די קאָלאָניסטן.

די שייכן פֿון דאָרף האָבן זיך יאָ געפּרוּווט אַרײַנמישן, נאָר יעקבֿ האָט זיי אָפּגעשניטן:

— מײַן טאָכטער, וואָס איך וויל, טו איך מיט איר! און אַ טאָכ־טער, וואָס פֿאָלגט ניט, האָט אַליין מחמד געהייסן לערנען...

פֿון סאַלימען האָט מען דערווײַל ניט געהערט, ניט געזען. אַזוי ווי אין וואַסער אַרײַן. סאַלים, ווען מען האָט אים אָנגעזאָגט, וואָס זײַן נאָכטרײַזע האָט אָנגעטאָן, איז צו זיך אין דאָרף אַוועק. דאָרט האָט

---

[5] די וואָס שלעפּט זיך אַרום מיט אַבי וועמען... — [6] קומט, מענטשן, קומט!

ער געטראָפן די, וואָס זיינען געגאַנגען אויף הזאַ, און איז מיט זיי געפאָרן. ווען חלימה האָט געגעבן צו וויסן אין דאָרף, וואָס דאָ טוט זיך, האָט מען איר געענטפערט, אַז ער האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט.

און רחלס לעבן איז גאָר ניט גוט. לעבן לעבט זי ביי אַ קאָלאָניסט, וועלכער האַלט זי אויס מורא, אַז יעקב זאָל זי ניט דערהרגענען, און שטענדיק הערט זי פון זיי: „טויטן דאַרף מען אַזעלכע... פאַר די אַראַבער האָט זי אונדז פאַרשעמט, אין צפת זי אָפּפירן...״

און אויך די אַראַבער שמייכלען שפּאָטיש, ווען זיי דערזעען זי. איינע אַליין זיצט זי די גאַנצע צייט. נאָר ווען ניט ווען, נאָך דער אַרבעט, קומט צו לויפן רבקה, שטיל, קיינער זאָל ניט זען, גנבעט זי זיך אַריין און זעצט זיך נעבן רחלען, און אַריינקוקנדיק איר טיף אין די אויגן, פליסטערט זי:

— ווען וועט ער קומען, רחל? ווען וועט ער קומען?

מיט טיף־איינגעפאַלענע אויגן באַקוקט זי רחל און שווייגט. שטאַרקער קלאַמערט זיך רבקה צו רחלען, וועלכע נעמט־אַריין אין אירע הענט רבקהס קאָפּ און בייסט זיך איין מיט אַ לאַנגן קוש אין אירע ליפּן, וואָס ווערן באַנעצט פון טרערן. ווען־ניט־ווען קומט אויך מלכּה צו לויפן און אויס מורא פאַר יעקבן זעצט זי זיך אין אַ ווינקעלע, קיינער זאָל זי ניט זען, און גלעטנדיק רחלס האָר שעפּטשעט זי מיט געוויין:

— וואָס וועט זיין... וואָס וועט זיין, רחל?... וואָס האָסטו געטאָן?... אומגליקלעך זיינען מירביידע...

רחל שווייגט, נאָר אַ בלאַסקייט באַדעקט אירע גרויסע, גראָבע, תאוהדיקע ליפּן.

*

און דער אַלטער יעקב קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. ער גייט אויפן באַיאַדער — אַ זומערקלוב פון די אַראַבישע דערפער — און פון דאָרט הערט עס דאָס אָפּלאַכנדיקע ווערטלען זיך: „אַ ווילער יונג, סאַלים, אַ סעקנאַדזיע געפּאַקט״...

— אַ, פֿאַרפֿלוכטע! — טראַכט ער אַוועקגייענדיק פֿון דאָרטן און אין וועג גיט ער אַ פֿאָר גוטע קלעפּ מיטן פֿוס דעם געלן גרויסן אייזל, וואָס ער האָט אָנגעטראָפֿן.

— וואָס וועט זײַן, יעקבֿ? אַבֿימלך וואַרט... מען דאַרף זיי אָפּ־פֿירן אין צפֿת און דאָרט שטעלן אַ חופּה?... — פֿרעגט אים שטענדיק דער מלמד.

— שלום!... — באַגעגנט אים אויך אַבֿימלך.

— וואָס דאַרפֿסטו?... ווער בעט דײַן שלום?... — שרײַט ער צאָרנדיק.

אויך די קאָלאָניסטן לאָזן ניט צו רו. שטענדיק פֿרעגן זיי אים איבער וואָס טוט מען. סאָלים וועט זיך אומקערן, וועט זײַן זייער שלעכט. מען דאַרף זי אין צפֿת אָפּפֿירן.

— וואָס ווילן זיי?... איך וועל דאָך די אַרבעט ביז יום־טובֿים ניט ענדיקן... — גייט ער אום איבערן הויף.

— זע, וואָס דו האָסט אויפֿגעטאָן!... וואָס וועלן מיר איצט טאָן?... גיי, רייד איר אײַן, זי זאָל פֿאַר אַבֿימלכן חתונה האָבן... — האָט ער זיך צעשריִען אויף מלכּהן, אַרײַנגייענדיק אין שטוב.

בײַ רחלען האָט מלכּה געטראָפֿן אַלע קאָלאָניסטן. מען זיצט ווי די טערקן אויף דער ערד, די פֿיס אונטער זיך. הינטער זיי די ווײַ־בער. און קינדער שפּילן זיך.

אָנגעשטרענגט, אַזוי ווי בײַ אַ געפֿאַר, אָנגעצויגן, זיצט רחל אין ווינקל. די געמבע ציטערט בײַ איר עטוואָס. מיט טרערנפֿולע אויגן און געבעטן האָט אויף איר מלכּה געקוקט. זי האָט זיך נעבן איר געזעצט.

— וואָס וועט זײַן, רחל? זאָג דו אַליין... לאַנג קען דאָס גע־דויערן? — האָט אַ קאָלאָניסט פֿאַרגעזעצט דאָס געשפּרעך, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן מיט מלכּהס אַרײַנקומען — מיר קענען ניט קוקן די אַראַבער אין די אויגן... און אין שטאָט, וואָס רעדט מען?... ווי אַ דערשלאָגענער גייט־אַרום דײַן טאַטע... דײַן מאַמע איז אַלט

און גרוי געוואָרן... — האָט ער אויף מלכהן אָנגעוויזן — און אייער באַלעבאַטישקייט?... און אַלץ איבער דיר...

מיט ווייט אויסגעגלאָצטע גלעזערנע אויגן זיצט רחל און מען קען ניט וויסן, צי הערט זי אָדער ניט.

— האָב חתונה מיט אַבימלכן! — האָט אויך דער מלמד געזאָגט.

ציטערנדיק האָט רחל מיט איר בליק איבערן צימער געבלאָנקעט.

— וועסט חתונה האָבן מיט אַבימלכן... — האָט ער ווייטער גערעדט — און מיט גאָטס הילף וועט אַלץ פֿאַרגעסן ווערן. אַלץ וועט זיין גוט. אי צווישן לייטן וועט מען זיך קענען ווייזן, מיטן טאַטן וועסטו שלום ווערן.

— וואָס דאַרפֿט איר? וואָס ווילט איר האָבן פֿון מיר! — האָט זיך פּלוצלינג רחל צעשריִען — איך וויל ניט אַבימלכן...

— אַך, די אייזערנע נשמה דיינע... אַך, דו אומפֿאַרשעמטע...

— האָט איר איבערגעשלאָגן די צערודערונג און דאָס קוויטשעריי פֿון די ווייבער.

— וואָס איז דאָ מיט איר וואָס צו ריידן? — האָט זיך שוין משה, אַבימלכס פֿאָטער אָפּגערופֿן, אַ הויכער ייִד מיט אַראָפּגעלאָזענע ברעמען — איר זעט דען ניט, אַז זי איז משוגע געוואָרן? מען דאַרף זי בינדן און אָפּשיקן אין צפֿת... אַן אַראַבער האָט זי ליב... זי וועט נאָך אַן אַראַבקע ווערן...

— זי האָט זיך אויסגערעדט... — האָט אַלעמען דער מלמד באַרויִקט — זי וועט זיך נאָך באַטראַכטן... מיר וועלן איר געבן אַ פּאָר טעג אויף דעם...

— וואָס האָסטו צו אונדזער לעבן?... וואָס האָסטו צו אונדזערע יאָרן?... — האָט ניט אויפֿגעהערט מלכה צו קלאָגן.

שטאַרקער ציטערט ביי רחלען די געמבע.

— אוי, מאַמעלע... ווי שווער איז מיר... ווי ווי איז מיר... —

האָט זי זיך מיט אַ האַרצרײַסנדיקן געוויין געוואָרפֿן אויף מלכּהס האַרץ.

אַלע זײַנען אַרויסגעגאַנגען...

*

און רחלען האָט מען געלאָזן צו רו. מען קוקט איר ניט נאָך וווהין זי גייט, מיט וועמען זי רעדט. מען מוסרט זי ניט, מען רעדט צו איר ניט... און גאַנצענע טעג געפֿינט זי זיך ניט אין קאָלאָניע.

פֿון גאַנץ פֿרי גייט זי אויף איר ליבלינגאָרט, בײַ דעם גרויסן פֿעלדז, ניט ווײַט פֿון קאָלאָניע, ווו עס וואַקסט דער גרויסער פֿײַגנבוים. קיינער קומט ניט אַהער. אַלע זײַנען אויפֿן באַיאַדער.

מיטן געזיכט אין דער זײַט פֿון סאַלימס דאָרף ליגט זי און מיט די אויגן בלאָנדזשעט זי אין די בערג, אַזוי ווי זי וואָלט אויף עפּעס געוואַרט. צײַטנווײַז קומט־צו חלימה און ברענגט פּתות, ציבעלע, זיטונעס [7]. און איין מאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, אַ באַהערשטע פֿון דער האַלבטאָגיקער מידקייט, איז רחל אויף איר אָרט געלעגן. אין די צווײַגן פֿון דעם פֿײַגנבוים פֿליען־אום קליינע פֿייגעלעך. יאָגנדיק איינע די צווייטע זײַנען פֿאַרבײַגעלאָפֿן צוויי שוואַרצע יאַשטשערקעס. פֿון וואַסער ציען זיך די טשערעדעס, אונטערגעטריבן מיט די פֿריילעכע פּאַסטעך־געשרייען. אַ פּאָר באַטשאַנעס גייען־אום גדלות־דיק, בייגן־אָן יעדע ווײַלע די לאַנגע העלדזער צו דער ערד, זוכן עפּעס און הייבן זיי גלײַך אויף. הויך, איבער די בערג, מיט צעשפּרייטע פֿליגלען, פֿלאַטערט אַן אָדלער, ניט רירנדיק זיך פֿון אָרט. אַ טרוקן צווײַגל איז איר אויפֿן פּנים געפֿאַלן. רחל האָט אויפֿגעציטערט.

— זיי שעמען זיך אין שטאָט ווײַזן... פֿון דער חלוקה וועט מען זיי אָפּזאָגן... — טראַכט זי מיט רוגזה — פֿון מיר טראַכטן זיי? אויף מיר האָבן זיי רחמנות... און ווען זיי וועלן זיך נאָך דערוויסן, אַז איך בין טראָגעדיק?... מיט אַבימלכן חתונה האָבן, מיט אָט דעם

---

[7] אָליוון.

מיט די פֿערדישע ציין... און ווו איז איצט סאַלים?... וואָס טוט מען?... און מאָרגן דאַרף מען זיי דאָך געבן אַן ענטפֿער...

און פלוצלינג האָט זיך אַ ליד צעטראָגן:

„אויף די אַקסלען פון באַרג בין איך געשטאַנען...
קעגן טאָל אַזאַוויע מײַן פנים געווענדט...
און דערזען האָב איך דאָרט..."

רחל האָט אויפֿגעציטערט, דאָרשטיק אײַנהערנדיק זיך אין דעם ליד, און מיטן גאַנצן קערפּער געצויגן זיך אין יענער זײַט.

— סאַלים! — האָט זי אויסגעשריִען — דאָס איז ער! — זי האָט זײַן קול דערקענט און זי האָט דאָס ליד אונטערגעכאַפּט — ער ווייס ניט, אַז זי ליגט דאָ:

„געשריִען האָב איך, דיך גערופן...
די בערג האָבן פון מײַן קול געציטערט...
די טאָלן אויף מײַן רופן געענטפערט...
דײַן נאָמען האָבן די בערג איבערגעחזרט..."

פֿון דעם נאָענטסטן קליינעם בערגל האָט זיך אין אַ שוואַרצער אַבאַיע אַן אַראַבער געוויזן און, צוהאַלטנדיק אַ שווערד בײַ דער זײַט, איז ער געלאָפֿן צו איר:

— סאַבאַחאַק על חער[8]!...

רחל האָט זיך ניט געקענט אויפֿהייבן פֿון אָרט. מיט טרערן זײַנען איר די אויגן געווען פֿאַרגאָסן.

— וואָס מאַכסטו? וואָס ווייםסטו? — ער האָט זיך נעבן איר אַוועקגעזעצט.

רחל שווײַגט. איר גערזיכט ציטערט.

— וואָס הערט זיך בײַ אײַך אין דער היים? דו ביסט ניט געזונט? ווו ביסטו געווען די גאַנצע צײַט?

---

[8] גוט־מאָרגן!

— איך בין געזונט... — האָט זי זיך ענדלעך געשטאַרקט און שטיל געענטפֿערט — און דו ביסט געזונט? ווו ביסטו געווען די גאַנצע צײַט?

— מיר זײַנען הײַנט מיטן פֿרימאָרגן געקומען פֿון חאַזאַ... מען האָט מיר געזאָגט, אַז חלימה האָט נאָך מיר געשיקט, בין איך געקו־מען... איך ווייס פֿון אַלעם. דאַוד האָט מיר דערציילט... אָ, איך וועל זיי אָפּצאָלן! — האָט פֿײַערדיק סאַלים אויסגעשרי̇ען.

— דו ווייסט? זיי ווילן, איך זאָל מיט אַבימלכן חתונה האָבן...

— איך וועל אים שיסן! — איז ער פֿון זײַן אָרט אויפֿגע־שפּרונגען.

— זיי ווייסן נאָך ניט, אַז איך בין טראָגעדיק... — האָט זי שטיל צוגעגעבן.

— סטאַפֿאַר, אַללאַ ליאַזים[9]! — האָט סאַלים אויסגעשרי̇ען — און דו האָסט די גאַנצע צײַט געשוויגן, מיר ניט געזאָגט?

— איך האָב ניט געוווּסט ווו צו זוכן דיך.

— אָ, איך וועל זיי שוין ווײַזן... זיי ווייסן דאָך ווער איז סאַלים... אַבו־על־האַראַב.

— זיי ווילן מיך בינדן און אָפּפֿירן אין צפֿת. און וואָס קענסטו טאָן?... לאָמיר אַנטלויפֿן צו דיר, אין די בערג...

— צו מיר קען מען ניט! — האָט נאָך אַ קליין שווײַגן, נאָכ־טראַכטנדיק, סאַלים געזאָגט — זיי וועלן אָנשיקן חאַיאַלן און מאַכן פֿון אונדז אַ תּל. נעם בײַ מיר געלט און פֿאָר־אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט...

— און אין אַן אַנדער שטאָט וועלן זיי מיך ניט געפֿינען? — האָט אים רחל איבערגעשלאָגן — וווהין איך וועל ניט פֿאָרן, וועלן זיי מיך געפֿינען... לאָמיר אין די בערג אַנטלויפֿן! וואָס איז מיט דיר?... דו האָסט מורא פֿאַר די ייִדן?...

*

---

[9] אַ פֿאַרוווּנדערונג־אויסגעשריי.

אויפֿן צווייטן טאָג אין דער פֿרי: רחל איז ניטאָ. אין דאָרף, ביי די אַראַבער, אויף איר געליבטן אָרט — זי איז ניטאָ.

— זי שלאָפֿט ערגעץ... — האָט מען אַרויסגעזאָגט אַ סבֿרא.

עס איז מיטאָגצייט, רחל איז נאָך ניט געקומען. מען פֿרעגט חלימהן און יענע האָט זי אויך ניט געזען.

— מיט אונדז גלײַך איז זי נעכטן שלאָפֿן געגאַנגען און זייער פֿריילעך געווען. איך האָב איר וועגן אַבֿימלכן געזאָגט, האָט זי נאָר געלאַכט — האָט זיך דער קאָלאָניסט דערמאָנט, ביי וועמען זי איז געשלאָפֿן.

— זי האָט זיך עפּעס אָנגעטאָן? — קלאָגט מלכּה און אויך רבֿקה.

אייניקע קאָלאָניסטן האָבן געזאָטלט די פֿערד און זײַנען געפֿאָרן זי זוכן אין די בערג. אָבער פֿאַרנאַכט־צו האָבן זיי זיך מיט ליידיקע הענט אומגעקערט.

— ווו איז רחל? — פֿאָדערן די אַראַבער ביי די קאָלאָניסטן.

— נעכטן איז זי געווען און היינט קענען מיר זי ניט געפֿינען!

— קוועטשן זיי מיט די פּלייצעס.

די אַראַבער גלייבן ניט און דראָען צו רופֿן די רעגירונג. ביז עס איז אָנגעקומען אַ פּאַסטעך פֿון די בערג און האָט דערציילט, אַז נעכטן האָט ער געזען סאַלימען. אַלע האָבן פֿריי אָפּגעאָטעמט. מען האָט פֿאַרשטאַנען ווו רחל איז.

— אַלע זאָלן די פֿערד זאָטלען! — האָט דער שייך געגעבן אַ באַפֿעל און מען איז געפֿאָרן זיי נאָכיאָגן.

די גאַנצע נאַכט האָט מען זיך אַרומגעדרייט אין די בערג און, ניט זעענדיק קיינעם, האָט מען זיך שוין געוואָלט אומקערן, ווי יעקבֿ האָט פֿאָרגעלייגט צו פֿאָרן צו אַבדאַלאַ־סחורי, וועלכער האָט דאָ זײַן ביידל געשטעלט. אפֿשר וויס ער?

מיט פֿרייד האָט אַבדאַלאַ באַגעגנט די רײַטערס: געמאַכט קאַ־ווע, געהייסן קוילען אַ שעפּס. נאָר דער שייך האָט זיך אָפּגעזאָגט, און יעקבֿ האָט אים אַלץ דערציילט אין קורצע ווערטער.

— איך פֿאָר מיט אײַך! — האָט אַבדאַלאַ געגומען זײַן געווער און געהייסן ברענגען אַ שקאַפּע.

— נעכטן, אויף דעם וועג קיין אַפּטעכע, בײַ דעם קוואַל אונ־טער די דרײַ סידרעס [10], האָב איך אַ פֿרוי מיט אַ מאַן געזען — האָט געזאָגט די פֿרוי, וואָס האָט אים דאָס פֿערד צוגעפֿירט.

— אַהאַ!... — זײַנען אַלע צו די סידרעס געפֿאָרן. אָבער דאָרטן האָבן זיי נאָר געפֿונען אַ קופּקע וואַרעמע אַש. ערשט זײַנען דאָ גע־ווען מענטשן!

ווי אַ גוטער שפּורן־ווייסער, איז אַבדאַלאַ נאָכגעגאַנגען די טריט, וואָס האָבן געפֿירט אויפֿן באַרג. און ווען זיי זײַנען אויפֿן צווייטן שפּיץ געקומען, האָבן זיי צווישן די שטיינער צוויי מענטשן דערזען, אַ מאַן מיט אַ פֿרוי. זיי האָבן סאַלימען דערקענט.

— היי, יאַ סאַלים! — האָט דער שייך גערופֿן.

יענער האָט זיך אומגעקוקט. אַלע האָבן די פֿערד אַ טרײַב גע־טאָן. סאַלים האָט אָנגעהויבן אַנטלויפֿן, אויסשיסנדיק אַ פּאָר מאָל אין דער לופֿטן פֿון זײַן רעוואָלווער. נאָר דערזעענדיק, אַז אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַרום רחלען, וועלכע איז געבליבן זיצן אויף דער ערד, אַ פֿאַרוויקלטע אין איר שוואַרצן טוך, האָט ער זיך אויך גע־לייגט הינטער אַ שטיין, זען וואָס וועט דאָ זײַן.

— איך האָב דיך געפֿונען!... איצט וועל איך זיך מיט דיר אָפּ־רעכענען... אַהיים זאָלסט דו מיר גיין! — האָט זיך צו איר יעקבֿ אַ וואָרף געטאָן — אַנטלויפֿן מיט אַן אַראַבער?!...

— איך וועל ניט גיין!... — האָט ער דערהערט אַ שטילן ענט־פֿער.

— וואָס הייסט דו וועסט ניט גיין?! — איז יעקבֿ געוואָרן מלא רציחה — וואָס דען?... צו דעם אַראַבער ווילט זיך דיר?... איך וועל דיך דערהרגענען, דו נפֿקא [11]!... — האָט ער זי פֿאַר די האָר אָנ־געכאַפּט און אָנגעהויבן שלעפּן, טרעטן און שלאָגן.

---

[10] ווילדע ביימער. — [11] גאַסנפֿרוי.

מיטן רעוואָלווער אין האַנט איז סאַלים פֿון הינטער די שטיינער אַרויסגעלאָפֿן.

— וואַרף דעם רעוואָלווער! — האָט דער שייך זײַן ביקס אָנ־געשטעלט.

ווײַט האָט סאַלים דעם רעוואָלווער אָפּגעוואָרפֿן און מיטן געשריי „אַ טראַגעדיקע פֿרוי שלאָגן?״ — האָט ער זיך אין קרײַז אַרײַנגע־ריסן און יעקבֿן אָפּגעוואָרפֿן.

— אַהאַ, דו ביסט דאָ? — האָט יעקבֿ מיט די ציין אַ סקריפּע געטאָן און פֿון זײַן ביקס אין סאַלימען אויסגעשאָסן. נאָר מיט אַ זשומען איז איבער זייערע קעפּ די קויל איבערגעפֿלויגן. אַן אַראַ־בער האָט זײַן האַנט אונטערגעשלאָגן.

— איך וועל אים שיסן! — האָט יעקבֿ מיט שוים אויף די ליפּן געשריִען, ווען מען האָט בײַ אים די ביקס אָפּגענומען.

— מיר וועלן אים בינדן און אין סאַראַיאַ אָפּשיקן! — האָט דער שייך געענטפֿערט.

— דו גייסט אַהיים אָדער ניט? — האָט ער זיך אויסער זיך צו רחלען געוואָרפֿן — דו וועסט שוין גיין בײַ מיר, וואַרט! — האָט ער זי ווײַטער געשלאָגן. נאָר מען האָט אים אָפּגעשטעלט.

אַ צעכראַסטעטע, אײַנגעדרייט דעם קאָפּ אין די הענט, האָט רחל נאָר איינס געטענהט:

— איך וועל ניט גיין... איך וועל ניט גיין...

— רחלי! — רייִדן איר אײַן די קאָלאָניסטן — זע, וואָס דו טוסט מיט אונדז... זע, ווי מיר זעען איצט אויס בײַ די אַראַבער... האָב קיין מורא נישט... קום אַהיים... מיר זײַנען דיר ערבֿ!...

— איר וועט מיך הרגענען! — זי האָט אַפֿילו ניט געוואָלט הערן.

— ניט שייך, רחל, אַז אַ פֿרוי זאָל אַזוי טאָן... — איז אויך דער שייך צוגעגאַנגען — גיי אַהיים, האָב קיין מורא נישט. מיט מיר וועסטו גיין...

— איך וועל ניט גיין... זיי וועלן מיך הרגענען. — האָט רחל געשריִען, קלאַפּנדיק זיך אין קאָפּ און דראַפּענדיק זיך דאָס פּנים.

— קום, רחל! — האָט צו איר אַבֿימלך גערעדט — אָט זאָג איך פֿאַר אַלעמען, אַז איך וועל פֿאַר דיר חתונה האָבן...

ער איז פֿון אַ שטאַרקן שטויס אומגעפֿאַלן.

— קום צו מיר אין בײַדל! — איז אַבדאַל־סחורי צוגעגאַנגען — בײַ מיר האָסטו דאָך ניט וואָס מורא צו האָבן...

אָבער רחל קלאַפּט זיך אין האַרצן, רײַסט פֿון זיך די האָר און שרײַט אײנס:

— די ייִדן וועלן מיך דערהרגענען.

— אַ טראַגעדיקע פֿרוי... וואָס טוט מען? — האָבן זיך אַלע געזעצט אין אַ קרײַז, מידע פֿון די אומזיסטע פּרוּוון אײַנצוּריידן רחלען. סאַלים אַ געבונדענער ליגט ניט ווײַט. מען זיצט און מען שווײַגט.

— מען דאַרף זי בינדן און אַפּפֿירן אין קאָלאָניע! — האָט מוסה איבערגעריסן דאָס שווײַגן.

אין דער צײַט האָבן זיך פֿון דער ווײַטן געוויזן רײַטערס און מען האָט איבראַהים בעק דערקענט. ער איז געווען דער שטאַרק־סטער אין דער געגנט, אַ מין קליינער מלך.

— סעליאַם אַלייקום! — איז ער צוגעפֿאָרן.

— אַלייקום איל סעליאַם! — זײַנען אַלע פֿון די ערטער אויפֿ־געשטאַנען.

— וואָס טוט איר דאָ? וואָס איז דאָס? — האָט ער אויף דעם גע־בונדענעם סאַלים און אויף רחלען אָנגעוויזן.

אין קורצע ווערטער האָט אים דער שייך אַלץ דערציילט. און ניט געענדיקט האָט ער זײַן ריידן; אַז פּלוצלינג איז רחל אויפֿגע־שפּרונגען, צוגעלאָפֿן צו איבראַהים־בעק, אַרויפֿלייגנדיק אויפֿן קאָפּ דאָס פֿוס־אײַזנדל פֿונעם זאָטל, און געשריִען:

— דאַך איליאַק, יאָ שייך, דאַך איליאַק[12]... איך וויל ווערן אַן אַראַבקע און די יידן לאָזן ניט! דאַך איליאַק!

דער בעק האָט געהייסן איינעם פון זיינע מענטשן אַראָפּקריכן פון פערד און אויף זיין אָרט אויפזעצן רחלען, און איז אַוועקגעפאָרן.

לאַנג האָבן אַלע נאָכגעקוקט די רייטערס. די אַראַבער האָבן זיך שטיל איבערגערעדט: „פאַר דער תאווה בייטן דעם גלויבן"...

דער שייך האָט אַ ווונק געטאָן אין דער זייט פון סאַלימען און מען האָט אים פונאַנדערגעבונדן.

און אַלע האָבן זיך אויף די פערד אַרויפגעזעצט.

יעקבֿ, אַ בלייכער, מיט אַ נידעריק געבויגענעם קאָפּ, איז געשטאַנען און זיינע ליפּן האָבן עפּעס געשטאַמלט. ער האָט אַפילו ניט אַ קוק געטאָן, ווען סאַלים איז פאַרבייגעגאַנגען. ווי אַן אויטאָמאַט האָט ער זיך אויך אויף זיין פערד געזעצט און איז אַלעמען נאָכגעפאָרן. און עס איז עפּעס אַזוי אויסגעקומען, אַז די אַראַבער פאָרויס, אין איין גרופּע, און די יידן פון הינטן, אין אַ צווייטער גרופּע, זיינען שטיל געפאָרן, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַ טויטן געפירט.

צופאָרנדיק צום דאָרף, האָבן זיי פון דער ווייטנס דערהערט מלכהס געוויין און דאָס געזאַנג פון די פרויען, וואָס האָבן זי געטרייסט.

מיט אַ פריילעכן אויסגעשריי האָבן זיך די אַראַבער צעשאָטן איבערן דאָרף און איינער נאָכן אַנדערן זיינען די קאָלאָניסטן אין הויף אַריינגעפאָרן.

— נו, וואָס? ווו איז זי? — האָבן זיך אין איין קול מלכה מיט רבֿקהן געוואָרפן צו יעקבֿן.

— וואָס! וואָס! — האָט זיך יעקבֿ אויף זיי צעשריִען און איז אַרויפגעגאַנגען אויפן דאַך, ווו ער האָט זיך איינגעדרייט מיטן קאָפּ אין קאָלדרע. און לאַנג איז ער אַזוי געלעגן.

---

[12] איך שטעל זיך אונטער דיין שוך.

אין הויף האָט מלכּה געוויינט און עס האָט זיך געהערט דאָס דערציילן פֿון די קאָלאָניסטן, ווי די מעשׂה איז געווען.

פֿון דאָרף האָט מען געהערט געשרייען, געזאַנג, געלעכטער.

מיט אַ מאָל האָט זיך יעקבֿ פֿון זײַן אָרט גערירט, אויפֿגעשטאַנען, אין אַלע זײַטן זיך אומגעקוקט און, אויסצי'ענדיק זיך מיטן גאַנצן קערפּער, צאָרנדיק דעם דאָרף מיט דער פֿויסט געדראָעט. ער איז אַראָפּ אונטן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט יעקבֿ פֿאַרקויפֿט אַלץ, וואָס ער האָט געהאָט, און זיך אַריבערגעקליבן מיט זײַן משפּחה צוריק אין צפֿת.

י. פּאַפּיערניקאָוו

## ס'ליד פֿון בעדויִנער

מיר דאַרפֿן קיין היים נישט, מיר וווינען צווישן די שטיינבערג,
פֿאַר רעגנס און שטורעמס באַשיצן אונדז פֿעלדזיקע היילן,
און ליב האָבן מיר אַזוי זיצן די פֿיס אונטער זיך און צו הערן
לעגענדעס און מעשׂהס פֿון העלדן און העלדישקייט גרויסע דערציילן...

מיר לעבן פֿון רויב! דאָס כּלי־זיין בײַ אונדז איז דאָס מעסער
און ווייִ איז צו דעם וועמ עס שטעלט זיך דער שאַרף זײַן אַנטקעגן,
נישט איין מאָל געפֿינען שאַקאַלן אין הונגער־געוויין, אין דער נאַכט ווי,
אַ מאָלצײַט פֿון אונדזערס אַ קרבן אויף סטעפּישן וועג אויסגעצויגן...

מיר זײַנען גזלנים! מיר גזלנען הפקר בײַ פֿרעמדע
און — קענען דעם אייגענעם ביסן פֿון מויל אָוועקגעבן —
באַגלייטן מיר אונדזערס אַן אורח אויף יענער זײַט שוועל מיט אַ ברכה,
איז גרייט יעדער איינער פֿון אונדז צו באַצאָלן מיט טויט
פֿאַר זײַן לעבן...

תל־אָביב 1925

משה פינטשעווסקי

## יידישע לעגיאָנערן

צום לעצטן מאָל די שפּיז אין האַנט,
צום לעצטן מאָל — די שווערד!
אַ קאַמף פאַר אונדזער הייליק לאַנד,
פאַר אונדזער פאָלק און ערד!
צום לעצטן מאָל געבלוט, געקרענקט,
צום לעצטן מאָל — אַ קרעכץ!
צום לעצטן מאָל מיט בלוט פאַרשווענקט,
דאָס אומרעכט און דאָס שלעכטס!
און דאַן, מײַן פאָלק, און דאַן צעשטויס
די שפּיז דײַן און דײַן שווערד —
פאַר ווערקגעצײַג, געשיר אין הויז,
פאַר אַקערס — אויף דײַן ערד!
און ווי איר ווערט אין הייליק לאַנד,
שטעלן נאָר די פיס! —
צום לעצטן מאָל די שווערד אין האַנט!
צום לעצטן מאָל — די שפּיז!



אבא קלינער.

# דער אידישער לעגיאָן

א מתנה דער ערשטער גרופע לעגיאנערען

אין דעם כאהר פון פעלקער־שטימען,
אין דעם טאנץ פון דורות פרייע,
פלאטערט אויף א פאהן א נייע,
שטורעמט אויף א נייער הימען!

העלע טענער, העלער גלויבען,
טויזענד־יעהריגער בטחון — — —
ס'האט א אומה מיט נצחון
פון דעם שטייב זיך אויפגעהויבען!

איבער ווייטע, פרעמדע ים'ען,
ווי די שטאלצע אדלער־פליגעל—
צו דעם אלטען, אלטען וויגעל,
צו די אלטע גרויע שטאמען,

ציהען מחנית פון לעגיאנען,
פון די ווינטען ארומגעטראגען —
וואו די אלטע הימלען טאגען,
איבער בלוי־ווייסע פאהנען...

קומען העלדען דארט צושפאנען,
ברויזען לידער אין געזאנגען,
ס'איז דער מזרח אויפגעגאנגען!
ס'איז א אומה אויפגעשטאנען!

שטירעמט אויף א נייער הימען,
פלאטערט אויף א פאהן א נייע,
אין דעם טאנץ פון דורות פרייע,
אין דעם כאר פון פעלקער־שטימען!

(„די איר. צייטונג”, אויגוסט 1918.)



די פאהן וועלכע א ברייזלין־קאמיסיאן האט איבערגעגעבען די לעגיאנערען

פון זאמל־ביכל „דער לעגיאָנערן־אַלבום”, בועגאָס־אַירעס 1918

ז. ווײַנפּער

# פון בוך „מיטן ייִדישן לעגיאָן“

## דער ערשטער טראָט

ווען מײַן טראָט האָט צום ערשטן מאָל דערפּילט אונטער זיך די די פּאַלעסטינער ערד, האָב איך זיך שטאַרק געוווּנדערט, וואָס ער האָט נישט קיין ציטער געטאָן אָדער כאָטש נישט געבליבן אויף אַ ווײַל קיין צוגעשמידטער. אָט אַזוי ווי עס טרעפּט זיך אַ מאָל מיט אַ בליק, וואָס דערזעט ענדלעך אַ זייער שטאַרק באַגערטע זאַך און ער ווערט אויף אַ ווײַל אַזוי געפּלעפּט, אַז אויף אַ מאָמענט זעט ער גאָר נישט.

אַוודאי האָט אַ סך צו טאָן געהאַט די רויִקייט, מיט וועלכער איך האָב אויפגענומען די ערד אונטער זיך, דאָס וואָס אַרום איז געווען גוואַלדיק פּינצטער, ווען אונדזער באַן האָט דערגרייכט די סטאַנציע לוד.

— לוד!

דער נאָמען האָט מיר אַ קלונג געטאָן אין די אויערן מיט די „תגרי־לוד“, וועגן וועלכע עס רעדט זיך ערגעץ־ווו אין דער גמרא. אָבער איצט איז לוד אַזוי פּינצטער, אַז מען קאָן זי ניט זען. און אַנשטאָט זי זע איך פאַר זיך די גמרות אינעם בית־מדרש פון מײַן שטעטל... איז וואָס זשע איז דאָ צו ציטערן? פון וואָס ווערן געפּלעפּט? פון די גמרות אין מײַן שטעטלדיקן בית־מדרש? נו, זיי זײַנען דאָך פאַר מיר אייגענע און היימישע זאַכן.

אָבער דעם גאַנצן טאָג, איידער עס איז צוגעפאַלן די פינצטערע נאַכט, בין איך דאָך געווען אין אַ שטאַרקער אויפגעשרויפּטקייט. און נישט נאָר דעם גאַנצן טאָג, נאָר אויך דעם פריִערדיקן אָוונט.

פלוצלינג האָט אונדזער סערזשאַנט אין קאַנטאַרע אונדז אַרויס־

גערופֿן אויפֿן „פּאַראַד״, און קורץ און שאַרף געלאָזט וויסן, אַז אויף מאָרגן וועלן מיר איבערגעשיקט אין די באַטאַליאָנען אַכט און דרײַ־סיק און נײַן און דרײַסיק. אונדזער אויפֿרעגונג איז גלײַך געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן אַפֿילו נישט געשענקט קיין אויפֿמערק־זאַמקייט דער זון, וואָס איז אין פֿלאַמענדיקע מאַראַנצן־קאָלירן פֿאַר־גאַנגען אין מערבֿ־זײַט צווישן הימל און זאַמד. די אויפֿרעגונג איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, ווען דער זעלביקער סערזשאַנט האָט געענ־מען אויסרופֿן די נעמען — ווער אין דעם אַכט און דרײַסיקסטן און ווער אין דעם נײַן און דרײַסיקסטן. און דאָס אויסרופֿעניש איז גע־ווען אַ מין „מי לחיים ומי למוות״. וואָרעם אין דעם אַכט און דרײַ־סיקסטן האָט געמיינט די געגנט פֿון ראַפֿע — מדבר, ווײַט פֿון ישו־בים, און אין דעם נײַן און דרײַסיקסטן האָט געמיינט צו שטיין אין דעם סאַמע האַרץ פֿון די ייִדישע קאָלאָניעס אין יהודה.

ווען איך האָב דערהערט אויסרופֿן מײַן נאָמען אין דעם נײַן און דרײַסיקסטן, האָט מיך אי געפֿרייט און אי אַ ביסל פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ. וואָרעם דאָס פּנים פֿון מײַן שכן, וועמען מען האָט אויס־גערופֿן אין דעם אַכט און דרײַסיקסטן, האָט זיך פֿאַרקרימט פֿון צער.

אין יענעם אָוונט האָט אויך ניט געפֿעלט קיין בייז בלוט.

עטלעכע פֿון די „אַכט און דרײַסיקטע״ האָבן באַשולדיקט, אַז עמעצער פֿון די „פּאָליטיקערס״ האָט זיי אונטערגעשטעלט אַ „פֿיסל״, און אויף מאָרגן אין דער פֿרי, ווען מען האָט זיך אַלע אַרײַנגעזעצט אין די אָפֿענע וואַגאָנען, אָפּגעפֿירט צו ווערן קיין פּאַלעסטינע, איז די שטימונג געווען אַ שווערע און אַן אָנגעצויגענע. און ווידער האָט די באַן זיך געשלענגלט דורך אַ זאַמדיקן מדבר. דאָס מאָל איז דער מדבר נאָך געווען פֿיל מער מדברדיק, ווי ווען מען האָט אונדז גע־פֿירט פֿון פּאָרט־סאַיִד קיין קאַנטאַרע. אַ ווײַטער שטח פֿון זאַמדיקע בערג און בערגלעך, איבער וועלכע מען האָט דאָ און דאָרט געזען די צייכנס פֿון קעמל־קלאָען און אויך פֿון מענטשלעכע טריט, און

איבער דעם אַלץ עפּעס אַזאַ שוויַיגנדיקע ליכטיקייט, וואָס האָט אָפּט מאָל געמאַכט דעם איַינדרוק פון בייזקייט.

עס האָט גענומען אַ לענגערע ציַיט ביז איך האָב זיך געקאָנט באַפרייַען פון דער אַרומיקייט און דערפילן זיך אַליין. עס איז געווען, ווי איך וואָלט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט פון אַ הינערפלעטע און צו־ריקגעקראָגן מיַין באַוווסטזיַין, אַז איך געפין זיך איצט אין דעם מדבר, וווּ די יידן האָבן אַמאָל און אַמאָל געוואַנדערט גאַנצע פערציק יאָר, געגעסן מן, וואָס האָט געהאַט אַלע טעמים, און דערביַי געהאַט שאַרפע טענות צו משהן, זייער פירער.

נעבן מיר איז געלעגן אויפן שטרויִ דאָס יונגע בחורל, וועמען איך האָב געהאָלפן אין ניו־יאָרק זיך אָנשליסן. איצט איז זיַין פּנים געווען פאַרברוינט און אַ סך מענלעכער. מיט דער ביקס נעבן זיך האָט ער באמת אויסגעזען ווי אַ מאַן מיט אַ סך דערפאַרונג הינטער זיך. ווען אָבער ער האָט עפּעס געזאָגט, איז פון זיַין מויל אַרויסגע־קומען אַזאַ קינדערשע נאַיִוויטעט.

— פאַר וואָס פאַרזעצט מען דאָ נישט קיין ביימער?

— מען וואָלט אַלע יידן פון דער וועלט געקאָנט אַריַינפּאַקן אָט דאָ און עס וואָלט נאָך געבליבן גענוג ליידיק פּלאַץ.

אָט אַזעלכע געדאַנקען האָט ער געוואָרפן פון זיך און צו מיר האָט ער זיך געווענדעט מיט אַזאַ מין באַמערקונג:

— אַ גרויס לאַנד, דיַין ירושלים.

מיט דעם נאָמען „ירושלים" האָט ער באַצייכנט גאַנץ פּאַלעסטי־נע און מיט דעם וואָרט „דיַין" האָט ער מיר געוואָלט געבן אַנערקע־נונג, אַז איך בין אַ שטיקל באַלעבאָס איבער דער מדינה.

דער טאָג איז אויך דאָ געווען זייער אַן אויסגעצויגענער. די באַן האָט זיך געשניטן פון האָריזאָנט צו האָריזאָנט, אָבער קיין נײַער האָריזאָנט האָט נישט געבראַכט קיין שום ענדערונג אין דער אַרו־מיקייט. וויַיס געבערגלט זאַמד און שוויַיגנדיק בלענדנדיק ליכט איי־בער אים און מער גאָר נישט מיט גאָר נישט. אָבער טיף אין געמיט איז דאָך געווען אַ שטאַרקע אויפרעגונג. דאָס באַוווסטזיַין, אַז מען

ווערט געפֿירט קיין פּאַלעסטינע, האָט דאָך געמישט דאָס בלוט און די אויגן האָבן געקוקט צום פֿאָרויס מיט גוואַלדיקער און אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג. סוף־כּל־סוף איז דאָך פֿאָרגעקומען אַ שטיקל ענדערונג!

עס האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן די זון אין מערבֿ־זײַט און פֿונעם פֿאָרויס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסשנײַדן פֿלעקעלעך גרינס, וואָס האָבן זיך גענומען קאָלירן פֿאַר די בליקן. דאָ און דאָרטן האָבן



אַ גרופּע ייִדישע לעגיאָנערן בײַם כותל־מערבי אין 1918

זיך דערזען פֿון דער ווײַטנס אַ פּאָר הויכע פּאַלמען. און אָט שיילט זיך אַרויס אַן אַראַבישער ישובֿ, טאַקע האַרט נעבן אונדז, אַ ווײַס טורעמדיק הויז אין דער מיט פֿון אַ גרויסן גאָרטן, איבער וועלכן עס שפּאַצירט זיך געמיטלעך אַ שלאַנקער טונקעלער מענטש מיט נאָך אַ טונקעלערער באָרד אַרום זײַן ברוינעם פּנים. נאָך דער שייִנער פֿאַרביקער אַבאַיע אויף זײַן פֿיגור, נאָך מער לויט דעם שיינעם פֿאַרפֿלאָכטענעם טורבאַן איבער זײַן קאָפּ, איז געווען קלאָר, אַז דאָס

איז דיר נישט אַבי ווער, נאָר עפּעס גאָר אַ געהויבענער מענטש — אַן עפּענדי.

ביי עפּעס אַן אימפּראָוויזירטער סטאַנציע האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט און די אַכט און דרייסיקער זיינען אַרויסגעשטיגן האַלב־ברוגזע מיט אונדז, וואָס האָבן געדאַרפֿט געפֿירט ווערן ווייטער. עפּעס האָבן חברים זיך יאָ געזעגנט און נישט געזעגנט. און ווען די באַן האָט זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין, האָט זי שוין אָנגעהויבן אַריינצופֿאָרן אין אָוונט אַריין. אַ ווייל האָט זיך נאָך געזען די לבנה, אָבער גאָר אין גיכן איז זי ווי אויסגערונען געוואָרן און די שטערן איבער אונדז האָבן דווקא יאָ געגלאַנצט און געפֿינקלט, אָבער די פֿינצטערניש אַרום איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ געדיכטער און אונדז, צוזאַמען מיט די וואַגאָנען, אין וועלכע מיר זיינען געווען, אין גאַנצן איינגעשלונגען.

איצט האָבן מיר שוין אַרום זיך גאָר נישט געקאָנט זען. האָט מען געקוקט דערפֿאַר צום הימל אויף די גלאַנציקע און פֿינקלדיקע שטערן און מען האָט אויך געקוקט אין זיך אַריין.

די גלאַנציקע, פֿינקלדיקע שטערן זיינען געווען שיין. אָבער ווי האָט אויסגעזען דאָס, וואָס מען האָט געזען דעמאָלט אין זיך גופֿא? מיר איז געווען ביז גאָר מאָדנע פֿון דעם, וואָס איך האָב דערזען אין זיך גופֿא.

אַן אָפּגעריסן צווייגל פֿון אַ שטאַם, וואָס ווערט געטריבן פֿון ווינטן איבער לענדער און קאָנטינענטן. בענקט נאָכן שטאַם אָט דאָס צווייגל. אָבער ווו איז דער שטאַם? איז ער דאָרטן אינעם לאַנד, וווהין די באַן פֿירט מיך איצט? איז דער שטאַם אַברהם אָבינו? אָבער עס איז ביז גאָר מאָדנע אָט דאָס, וואָס יעדעס מאָל, ווען איך שטעל זיך פֿאָר פֿאַר די אויגן אַברהם אָבינון, זע איך פֿאַר זיך דאָס אויסזען פֿון מיין זיידן, הערשעלע גבאי.

ליגט זיך דאָס געביין פֿון אַברהם אָבינו אין אָט דעם לאַנד, וווהין איך ווער איצט געפֿירט, און מיין זיידע ליגט גאָר אין דעם שטעטל קאַמין־קאַשירסק, ערגעץ־ווו אין וואָלין, און מיין טאַטע

ליגט אין טריסק, אויך אין וואָלין. און אַז עס בענקט זיך מיר אַזוי שטאַרק צום שטאָם, איז וווהין זשע בענק איך עס איצט אַזוי? בענק איך צו דער ערד ווו עס ליגט דאָס געביין פֿון אַבֿרהמען, יצחקן און יעקבֿן, אָדער איז די בענקשאַפֿט גאָר נאָך דער ערד פֿון וואָלין, ווו עס ליגט מײַן זיידע הערשעלע גבאי און מײַן טאַטע יצחק־לייב, דער טריסקער חזן?

פֿון ערגעץ ווו האָט זיך גענומען צעטראָגן אין דער פֿינצטע־רער אָרומיקייט אַ שאַרף ציטערדיק געוואָי — ווער זשע וויינט עס אַזוי אָט דאָ אין דער נאַכט? גייט דאָס געוויין אויף פֿון מײַן געמיט? ניין, דאָס געוויין איז פֿון דער פֿינצטערניש אַרום.

— מיר זײַנען שוין אין ארץ־ישׂראל! — זאָגט מיר מיט אַ צי־טערדיק קול אַוורונין.

— אין ארץ־ישׂראל? — פֿרעג איך איבער.

— וואָס זשע, דו הערסט נישט דאָס געוויין פֿון די שאַקאַלן? — פֿרעגט ער מיך און וווּנדערט זיך הלמאַי איך באַנעם דאָס נישט אַליין.

— זינט דעם חורבן וויינען דאָ אַלע נעכט די שאַקאַלן! — דערקלערט ער מיר און לייגט דערבײַ צו — די פֿרומע ייִדן זאָגן, אַז דאָס איז דאָס געוויין פֿון אונדזער מוטער רחל.

ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין לוד און מיר זײַנען אַרונ־טערגעשטיגן, האָב איך זיך געוווּנדערט, פֿאַר וואָס מײַן טראָט צי־טערט נישט.

ווען מיר האָבן שפּעטער אין דער פֿינצטערניש געשפּאַנט אין טראָט צום לאַגער, האָט זיך געפֿילט אין דער לופֿט אַ שאַרפֿער ריח פֿון געפּרעסטע ווײַנטרויבן.

## די בערג פֿון יהודה

ווי לאַנג מיר האָבן מאַרשירט יענע ערשטע נאַכט אין דער פֿינצטער, געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר, אַז ווען עס איז גע־

קומען דער באַפֿעל זיך אָפּצושטעלן, זײַנען מיר אַלע אַנידערגעפֿאַלן מיט אונדזער געפּעק צו דער ערד און אויסגעצויגן אונדזערע פֿאַר־מאַטערטע פֿיס איבער דעם ווייכן זאַמד.

פֿון דער נאָענט האָט צו אונדז געווונקען אַן עלעקטריש לעמפּל, ווי אַן אָפֿן פֿרײַנדלעך אויג, און מיר האָבן גאָר קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז אָט דאָס לעמפּל איז איבערן וואַכהויז פֿונעם נײַן און דרײַסיקסטן באַטאַליאָן, וווּהין מיר זײַנען באַשטימט געוואָרן. דאָס פֿינצטערניש אַרום אונדז איז אַלע ווײַלע אויפֿגעציטערט געוואָרן פֿון אַן אַנדער אויסגעשריי.

— אַלאַהאַהאַ! — האָט זיך פֿון צײַט צו צײַט אַ צי געטאָן אין דער לופֿט און באַלד איז געקומען אַ שאַקאַל־געוואָי, וואָס האָט דער־מאָנט אין דעם געוויין פֿון אַ קינד פֿאַר אַן ענטפֿער.

קיינער האָט אונדז שוין יענע נאַכט נישט באַלעסטיקט ביז אין דער פֿרי. מען האָט אונדז איבערגעלאָזן אויפֿן זאַמד, ווו מיר זײַנען אַנידערגעפֿאַלן, און מען האָט אונדז געלאָזט אַזוי ליגן ביז אין דער פֿרי.

ווען איך האָב אויפֿגעעפֿנט די אויגן, איז דער גאַנצער מזרח־דיקער האָריזאָנט געווען אײַנגעטונקען אין גאָלד און די בערג האָבן זיך געוויקלט אין דינע דורכזיכטיקע לײַלעכער פֿון אַלערליי קאָלירן.

— די בערג פֿון יהודה! — האָב איך דערהערט דאָס קול פֿון מײַן שכן.

ווען איך בין געקומען אין גאַנצן צו זיך, האָב איך דערזען אַ בילד פֿון עטלעכע הונדערט יונגע־לײַט, זיצנדיקע אויף זייער גע־פּעק מיט געפּלעפֿטע פּנימער. הינטער אונדז, גאָר נאָענט, איז געלעגן דער לאַגער פֿונעם נײַן און דרײַסיקסטן באַטאַליאָן. אַ ברייטער שטח מיט קײַלעכדיקע ווײַסע לײַוונטענע בײַדלעך. דאָ און דאָרט האָט אויפֿגעגלאַנצט דער שטאָל פֿון אַ באַיאָנעט איבער אַ ביקס, וואָס עפּעס אַ פֿיגור האָט געטראָגן אויף אַן אַקסל.

— די וואַך! — האָט עמעצער באַמערקט, אָבער קיינער פֿון אונדז האָט אויף דער באַמערקונג נישט געענטפֿערט, וואָרעם כאָטש

דער לאַגער פֿונעם באַטאַליאָן, צו וועלכן מיר זײַנען באַשטימט גע־וואָרן, האָט אונדז אינטערעסירט, איז אָבער דאָס גאָלד אויף דעם מזרחדיקן האָריזאָנט און די דינע, דורכזיכטיקע שלייערן איבער די יהודה־בערג געווען פֿיל שטאַרקער ווי דער אינטערעס צום לאַגער.

— זאָלן דאָס טאַקע זײַן די אמתע בערג פֿון יהודה? — האָט עמעצער שטיל זיך צוגערוקט צו מיר מיט דער פֿראַגע נישט נאָר פֿון זײַן מויל, נאָר די פֿראַגע איז געווען אויפֿגעשריבן איבער זײַן גאַנצן פּנים.

איך האָב אים אויף זײַן פֿראַגע נישט געענטפֿערט, וואָרעם איך אַליין בין געזעסן אויף מײַן געפּעק אַ געפּלעפֿטער נישט אַזוי פֿון דעם פֿליסיקן גאָלד בײַם האָריזאָנט און די שלייערן איבער די בערג, ווי פֿון דעם באַוווסטזײַן, אַז דאָס זײַנען די בערג יהודה. וועגן וואָס איך האָב דעמאָלט געטראַכט, געדענקט זיך מיר נישט אַקוראַט, אָבער אַז מײַנע טראַכטענישן האָבן געהאַט צו טאָן מיט יהודה המכּבי, מיט זײַנע מאַקאַבייערס, וואָס פֿלעגן אָנפֿאַלן אויף די גריכן פֿון אָט די בערג, געדענק איך זייער גוט. איך שטעל זיך איצט פֿאָר, אַז איך האָב דעמאָלט געמוזט באַטראַכטן מײַנע חבֿרים אַרום זיך ווי די אור־אייניקלעך פֿון יענע מאַקאַבייערס און אויך די ווײַסע לײַוונ־טענע בײַדלעך, אונטער וועלכע עס זײַנען רויִק געשלאָפֿן די פֿריִער געקומענע אור־אייניקלעך פֿון די מאַקאַבייערס, און אָט זײַנען מיר דאָ אַלע צוזאַמען גרייט אָפּצושלאָגן דעם ייִדישן שׂונא.

דער ייִדישער שׂונא! ווער איז ער? וווּ איז ער? איז ער טאַקע בלויז דאָ, וווהין מיר זײַנען אַריבערגעקומען מיט די בריטישע ביקסן און באַיאָנעטן? איצט, אַז דער טערק איז שוין באַזיגט און פֿאַרטריבן פֿון דאַנען, איז וואָס ווײַטער? וועלן די היגע אַראַבישע אײַנוווינערס זיך צערוקן און אונדז אַרײַננעמען צווישן זיך ווי ברי־דער אָדער זיי וועלן אונדז באַטראַכטן ווי אַ נײַ אומגליק נאָך דעם טערקישן יאָך? און גרויס־בריטאַניע אַליין? ווי וועט זי אונדז באַ־האַנדלען?

אין מוח האָט אַ שלאָג געטאָן דאָס אונטערגעיאָכטע אינדיע,

וואָס אירע זין איך האָב ערשט געזען אונטער בריטישן וואָפן איבער די זאַמדן פון קאַנטאַרע.

אָבער צו לאַנג זיך אָפּגעבן מיט די אייגענע מחשבות האָט מען נישט געקאָנט. באַלד האָט אויפגעשאַלט אַ פריילעך טרומייטערן פונעם לאַגער, וואָס האָט זיך צעטראָגן אין דער לופט, ווי אַ רוף צו עפּעס, און אַז דער רוף האָט געקראָגן אַן אָפּרוף, האָט זיך דערזען פונעם גערודער און באַוועגונג אַרום די ווײַסע, קײַלעכדיקע בײַדלעך אינעם לאַגער. דאָס טרומייטערן האָט אויך אונדז ווי אויפגעוועקט.

מיר האָבן זיך אַלע אַ הייב געטאָן פון אונדזער געפּעק און זיך געלאָזט צום לאַגער, פון וואַנען מען איז שוין אונדז אַנטקעגן געלאָפן. די לופט איז פול געוואָרן מיט סורפּריז. אויסרופן און גוואַלדן:

— זע נאָר, חיים!

— וואָס מאַכסטו, מאָריס?

— איז נייטן אויך דאָ?

— ער איז אין אַכט און דרײַסיקסטן.

— אוי, אַ צרה!

עס האָט נישט גענומען לאַנג און מיר זײַנען שוין געווען צו גאַסט בײַ חברים אין די בײַדלעך. די פריערדיקע האָבן אויפגענומען די נײַע, ווי אמתע מכניס אורחים. מען האָט מכבד געווען מיט וואַסער פון די מיליטערישע פלעשער און אויך מיט אַ שטיקל מאַראַנץ אָדער קאַווענע, אויב אַזוינס האָט זיך אין בײַדל פאַרוואַלגערט. די צײַט איז געפלויגן צווישן פרעגענישן און ענטפערס, ווי אַ רײַטער אויפן רוקן פון אַ ווינט. אָט רופן שוין די סערזשאַנטן מיט זייערע פײַפלעך אויפן „פּאַראַד". דער באַפעל איז, אַז אַלע נײַע זאָלן זיך אויסשטעלן באַזונדער און די אַלטע זאָלן אַרײַנפאַלן לויט זייערע פלוטאָנען און קאָמפּאַניעס. ערשט איצט האָבן מיר, די נײַע, דערזען פאַר זיך, ווי אונדזערער אַ באַטאַליאָן קוקט אין דער אמתן אויס.

פיר קאָמפּאַניעס אײַנגעטיילט אין זעכצן פלוטאָנען, וואָס זײַנען צונויפגעשטעלט פון אַרום טויזנט פאַרברוינטע און קנאָכיקע יונגען, וואָס באַוועגן זיך אַזוי פּינקטלעך, ווי זיי וואָלטן צוזאַמען צונויפגע־

שטעלט איין באַוועגלעכע מאַשין. אונדז, די נײַע, האָט איבערגענומען דער סערזשאַנט־מאַיאָר. אַ קאָמאַנדעווע געטאָן מיט אונדז, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצײַגן, אַז מיר זײַנען טאַקע עפּעס ווערט, און זעענדיק אונדזער פֿירן זיך אין פֿירען און אונדזער טראָטנדיקן מאַרש, האָט ער אונדז קאָמפּלימענטירט און אונדז אָפּגעמאַרשירט צום פֿרישטיק.

פֿרישטיק איז סערווירט געוואָרן אין דרויסן, נישט ווײַט פֿון די בײַדלעך. יעדער האָט געקראָגן אַ ווײַס ברייטל און אין זײַן צעעפֿנטן קענדל הייסע טיי, עטלעכע געקאָכטע טייטלען און אַ קאַש־קע. מיר האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט צוזאַמען מיט די אַלטע אין דרויסן פֿון די בײַדלעך און דאָס עסן איז אויסגעמישט געוואָרן מיט פֿרעגענישן און ענטפֿערס צווישן די נײַע און די אַלטע.

אומבאַמערקט פֿאַר מײַנע אויגן איז דאָס גאָלד אויף דעם מזרח־דיקן האָריזאָנט צערונען געוואָרן. אויך די שלייערן פֿון די בערג זײַנען פֿאַרשוווּנדן. איצט האָט די זון אַ שאַרפֿע זיך געריקט אַלץ העכער אין הימל אַרײַן איבער די בערג, וואָס האָבן איצט אויסגע־קוקט ווי ריזיקע הורבעס בעטגעוואַנט, פֿון וועלכע עס זײַנען אַרונ־טערגעצויגן געוואָרן די ציכן. עס האָט אַ שלאָג געטאָן פֿון זיי מיט נאַקעטקייט און פֿאַרוואָרלאָזיקייט, אַז עס איז אַזש געוואָרן אַ רחמנות צו קוקן אויף זיי. עס האָט זיך דערהערט אַ פֿײַפֿערײַ און דאָס קול פֿונעם סערזשאַנט־מאַיאָר:

— אַלע נײַע אַרויס אויפֿן פּאַראַד!

מיר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן פֿון אַלע זײַטן צום פּאַראַדפּלאַץ און, ווי מיר וואָלטן געוואָלט באַווײַזן די אַלטע, אַז מיר זײַנען שוין עכטע סאָלדאַטן און נישט קיין רעקרוטן, האָבן מיר זיך זייער גיך אויסגעפֿאָרמירט אין צוויי גלײַכע רייען. דער סערזשאַנט־מאַיאָר האָט פֿון דעסט וועגן זיך נישט באַגנוגנט מיט אונדזער גוטן ווילן און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן אויף זײַן קול:

— אויסגלײַכן זיך!

און אַז מיר זײַנען שוין באמת טאַקע געשטאַנען אָנגעצויגענע,

ווי סטרונעס אויפֿן פֿידל, האָט ער אונדז באַטראַכט און אַ געשריי געטאָן:

— נומערירן!

באַלד איז די לופֿט אָנגעפֿולט געוואָרן מיט דעם אויסשרייען פֿון אונדזערע נומערן, ווי מיט קוילן פֿון שיסנדיקע ביקסן.

אין דער זעלביקער צייט האָט זיך פֿון אַ ברייטן פֿירעקיקן ביידל באַוויזן אונדזער קוירנעל און זיך גענומען דערנעענטערן צו אונדז.

— אַכטונג! — האָט דער סערזשאַנט־מאַיאָר אַ דונער געטאָן און סאַלוטירנדיק דעם קוירנעל מיט אַ קנאַק, האָט ער רעפּאָרטירט צו אים:

— די נייע, אַלע אין דער בעסטער אָרדענונג, מיין הער!

דער קוירנעל, וועמעס נאָמען מיר האָבן געוווסט, איז לייזער מאַרגאָלין. ער האָט עפּעס גאָר נישט אויסגעזען ווי דער נאָמען זיינער האָט אונדז פֿריִער דעם איינדרוק געמאַכט. פֿאַר אונדז איז געשטאַנען אַ הויכער אַטלעטישער מענטש אין געפּאַסטע ברוינע באַ־שפּאָרנטע שטיוול, און זיין פּנים, ווי עס וואָלט נישט פֿון לייב גע־ווען, נאָר פֿון בראָנדז. אָבער ווען ער האָט זיך געטאָן אַ ווענד צו אונדז, איז אונדז געוואָרן לייכטער אויף די געמיטער.

— לייכט שטיין! — האָט ער געזאָגט גיכער אין אַ טאָן פֿון אַ גוטן־ברודער ווי אינעם טאָן פֿון אַ קאָמאַנדיר.

אין איין רגע איז די אָנגעצויגנקייט פֿאַרשוווּנדן און מיר האָבן שוין געקוקט אויף אים ווי אויף אַן אייגענעם מענטשן.

— עס פֿרייט מיך אייך צו באַגעגענען — האָט ער אָנגעהויבן, און דורכפֿירנדיק איבער אונדז זיינע בליקן, וועלכע האָבן ווי אונדז אַ גלעט געטאָן, האָט ער צוגעלייגט: — קיין מלחמה איז טאַקע נישט, אָבער סאָלדאַטן זייט איר, און איר טאָרט דאָס נישט פֿאַרגעסן.

פֿון ערגעץ־ווו האָט זיך באַוויזן אַ סאָלדאַט מיט אַ ברוין אויס־געכאָליעט פֿערדל, וואָס האָט אַ צי געטאָן די שיינע שפּיציקע מאָרדע צום קוירנעל. דער קוירנעל האָט אַ גלעט געטאָן דאָס פֿערדל איבער דער מאָרדע און פֿריילעך אַ זאָג געטאָן:

— צום ווידערזען, חבֿרה!
ער איז פֿלינק אַרויף אינעם זאָטל און אָפּגעריטן אויפֿן וועג צו די נאַקעטע בערג פֿון יהודה.

משה שיפֿריס

קוזניצע 1897—1977 ניו־יאָרק

## זיבן וועגן

זיבן וועגן האָט דער מדבר,
זיבן פֿאַרלאַנגען האָט מײַן האַרץ,
וועל איך וואַרטן ביז די זון וועט אונטערגיין,
ביז איך וועל מײַן שאָטן שוין ניט זען,
און צוזאַמען מיט די שאַקאַלן,
וואָס קומען־אָן פֿון אַלע זיבן וועגן,
וועל איך מײַן שטים לאָזן הערן,
מײַן שטים אויף אַלע זיבן וועגן —
וועלן מײַנע אויגן אויסרינען פֿון טרערן,
וועט מײַן האַרץ מיט די זיבן פֿאַרלאַנגען
אויסגיין אויף אַלע זיבן וועגן.
— — — — — — — — — —
זיבן וועגן האָט דער מדבר,
זיבן פֿאַרלאַנגען האָט מײַן האַרץ.

## קאַיראָ

אין מיטן דעם מדבר
אין אַ גאָלדענער ראַם,
ווי אַן אויסגעצייט בילד

אויף אַ געלבלעכער קאַנווע,
אויפֿן שפּינוועב פֿון גאָלדשטויב
באַווײַזט זיך קאַיראָ.
דער שמעלצטאָפּ,
וואָס שמעלצט ניט צוזאַמען.

קאַירא.
העכער פֿון דער שטילקייט אין דעם מדבר
שרײַט דער טומל אין קאַירא.
און העכער נאָך פֿון אַלעם
שרײַען דאָ די פֿאַרבן.
און פֿאַלסטער־אַרײַן אַ גאַסט אַהער,
הערן דײַנע אויערן אַ געמיש פֿון שפּראַכן,
באַגלייט פֿון ווייִנענדיקע איזלען
און כאָרכלענדיקע קעמלען.

און פֿאַלסטער־אַרײַן אַ גאַסט אַהער,
זעען דײַנע אויגן אַ געמיש פֿון פֿאַרבן;
בעדויִנער מיטן גאָלדשטויב
אויף די פֿאַלדיקע אַבאַיעס;
טערקן מיט רויטע פֿאַסן און זײַדענע טראָלדן;
פֿרויען מיט פֿאַרשטעלטע פּנימער, ווי קרעציקע,
אַנדערע מיט גרויסע רינגען אין די נעזער
און פיאַסטערס אײַנגעפֿלאָכטענע אין שוואַרצע האָר.
אַראַבער מיט לאַנגע העמדער
און רויט־געפֿאַרבטע נעגל.
פֿראַנטן מיט ווײַס־געפּרעסטע הויזן,
מיט העלם־היטלען — איבערגעקערטע שיפֿלעך
אויף זייערע קעפּ.

און פֿאַלסטער־אַרײַן אַ גאַסט אַהער,
דוכט זיך דיר,

דו געפֿינסט זיך אויף אַ ריזיקן מאַסקאַראַד,
ווו מענטשן גייען־אום פֿאַרשטעלט,
און באַלד וועט איינער אַרויפֿשפּרינגען
אויף יענעם מעטשעט,
נעבן סולטאַנס שיינעם פּאַלאַץ,
און אויסשרייַען:
אַט יענער שטאָלצער בעדויִנער־יונג
מיט דער זייַדענער קעפֿיע,
אין גאָלד־געשפּינטן אַגאַל אויפֿן קאָפּ,
קריגט דעם ערשטן פּרייַז.
ווילדער אויסגעשריי:
— יעלאַ!
— יעלאַ!
דערנאָך וועט אַ פּאַיאַץ אין אַ מיץ מיט גלעקלעך
פֿאַר דיר זיך פֿאַרנייגן
און דיר אַרויסשטעלן אַ צונג.
— אַך, אַך, אַך!
— אַנטי מאַגנון!
— אַנטי מאַגנון!

1918, אין יודישן לעגיאָן

ז. ברכות

## אין די בערג פֿון מואָב

עס איז שוין גוט פֿינצטער געווען, ווען איך בין געקומען אין מידבאַ. פֿערצן שעה בין איך געגאַנגען. מיטן עמוד־השחר בין איך פֿון יריחו אַרויסגעגאַנגען. מיך האָט נישט געאַרט, וואָס אויפֿן וועג זייַנען דאָ רויבערס. זייער שטאַרק און פֿרייַ האָב איך מיך געפֿילט.

איך גיי דאָך מיט דעם וועג, ווו מײַנע אוראַלטע זיידעס זײַנען גע־גאַנגען... אויף דער צווייטער זײַט ידרן האָב איך אָנגעטראָפֿן אַראַ־בער, רײַטערס אויף גמלים [1], האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער אַלטער וואַנדערער, ישׂראל, פֿאָרט דעראָבערן דאָס לאַנד.

שפּעט בײַ נאַכט בין איך אין מידבאַ געקומען און, נישט האָבנ־דיק קיין באַקאַנטע, בין איך געגאַנגען צו די מאָנאַכן, זיי זאָלן מיר געבן אַן אָרט צו שלאָפֿן. דער גריכישער מאָנאַך האָט מיך גלײַך גע־פֿרעגט, ווער איך בין. האָב איך אים געזאָגט:

— יאָהוד...

— גיי גלײַך מיט דער גאַס! דאָרט איז דער פֿראַנציידישער מאָנאַסטיר! — ער האָט פֿאַר מיר פֿאַרהאַקט די טיר.

איך האָב געמוזט גיין ווײַטער. אַ מידער, אַ צעבראָכענער. איך האָב געזוכט דעם פֿראַנצייזישן מאָנאַסטיר. שטײַף הייבט זיך די פֿינצ־טערניש איבער די פֿלאַכע דעכער פֿון די נידעריקע אַראַבישע הײַז־לעך. פֿאַר אַ פֿאַר טריט זעט מען נישט, גאָר נישט. מען קען מיך נאָך אָננעמען פֿאַר אַ גנבֿ. און דאָ האָב איך דערזען אַ גרויסע ריזיקע געבײַדע, מיט פֿאַרשלאָסענע טירן. הינטער איינער זעט זיך אַ פּאָס שײַן. איך האָב אָנגעקלאַפּט.

— מין האַדאַ [2]? — האָט מען אויף אַראַביש געפֿרעגט פֿון הינטער דער טיר.

— איך בין אַ טוריסט — האָב איך געבעטן — אַן אייראָפּייער. איך גיי פֿון יריחו.

— דער עלטסטער איז אין דער היים נישטאָ — האָט מען מיך אין מיטן איבערגעשלאָגן און אַפֿילו נישט געעפֿנט די טיר.

וואָס טוט מען איצט? — האָב איך זיך אַליין געפֿרעגט. איך האָב נישט געוווסט וווהין צו גיין. ייִדן ווױנען נישט אין מידבאַ. איך האָב מורא געהאַט גיין איבער די געדרייטע געסלעך. איך קען נאָך

---

[1] קעמלען. — [2] ווער איז עס?

אַרויפֿקריכן אויף אַ פֿרעמדן דאַך און אַרײַנפֿאַלן אין אַ פֿרעמדן הויף. ווען עס איז ליכטיק, גיי איך אין אַראַבישן גאַסטהויז. האָב איך באַשלאָסן רופֿן מענטשן.

— היי יאַ נאַס[3]! — האָב איך געשריגן.

— ווער איז עס? — האָט מען זיך אָפּגערופֿן פֿון דער נאַכט.

— וואַלאַ יאַ שייך! איך בין אַ פֿרעמדער, און וויס נישט וווהין צו גיין! — האָב איך אויסגעשריגן אין דער נאַכט.

מען האָט נישט אָפּגעענטפֿערט.

— האָב מורא פֿאַר גאָט! — האָב איך ווײַטער גערעדט צו דער נאַכט — איך בין אַ טוריסט. אַ פֿרעמדער. דעם גאַנצן טאָג געגאַנגען. דער גאַנצער וועלט וועל איך דערציילן, וואָס פֿאַר אַ שלעכטע מענטשן און שטאָט איז מידבאַ.

דאָס קול שווײַגט.

— אָבער זאָג מיר, ווו איז די מעדאַפֿאַ[4]?

— וואַרט! — איך האָב נעבן זיך דערזען אַ הויכן אַראַבער — ווער ביסטו? וואָס טוסטו דאָ אַזוי שפּעט?

— איך בין אַ טוריסט — האָב איך ווײַטער דערציילט — געקומען פֿון יריחו. אַ גאַנצן טאָג געגאַנגען. מיד. די מאַנאַכן האָבן מיך נישט אַרײַנגעלאָזן. שלעכטע מענטשן זײַנען אין מידבאַ...

— אַקרוטי[5]! — האָט ער צוגעוואָרפֿן פֿאַר די מאַנאַכן — קום איך וועל דיר ווײַזן די מעדאַפֿאַ — האָט ער מיך געפֿירט אין דער נאַכט.

— הײַנט זײַנען דאָרט געקומען צוויי מענטשן — האָט ער מיר דערציילט גייענדיק.

איך האָב געשוויגן. וואָס גיכער האָט זיך מיר געוואָלט זײַן אונטער אַ דאַך, אויסרוען זיך. אַפֿילו דאָס אַראַבישע גאַסטהויז איז נישט זייער קיין אײַנגענעם אָרט...

אַראָפּלאָזנדיק זיך פֿון איין דאַך אויפֿן צווייטן זײַנען מיר ענד־

---

[3] מענטשן! — [4] גאַסטהויז. — [5] ממזרים.

לעך אָנגעקומען. דער אַראַבער איז אַן אַ זײַ־געזונט פֿאַרשווונדן. איך בין געבליבן שטיין פֿאַר אַ נידעריקן הײַזל. בײַ דער טיר זײַנען געזעסן צוויי אַראַבער, די פֿריערדיקע געסט.

— ברוך הבאו!

— ברוך הבאָטען! — האָבן זיי מיר געענטפֿערט.

— איתפֿאַדאַל, רו זיך אָפּ! דו ביסט אַ פֿרעמדער?

— געקומען פֿון יריחו — האָב איך זיך אַרײַנגעקליבן אין שטיבל. מיטן קאָפּ צו דער טיר האָב איך זיך אויסגעצויגן אויף דער ראָגאָזשע, וואָס איז דאָרט געלעגן. אָבער שלאָפֿן האָב איך נישט געקענט. די לופֿט אין שטיבל איז געווען הייס, דומפּיק און געדיכט. פֿון איין זײַט אויף דער צווייטער האָב איך זיך געוואָרפֿן. מיך האָט עפּעס געביסן. איך האָב די ראָגאָזשע אַרויסגעטראָגן, אויסגעטרייסלט און צוריק אַרײַנגעטראָגן. אָבער ליגן רויִק האָב איך נישט געקענט.

פֿון דרויסן, וווּ די צוויי אַראַבער זײַנען געזעסן, האָב איך דערהערט אַ שטיל ריידן און איך האָב דערזען, ווי זיי צעלייגן אַ קליין פֿײַערל אונטער אַ ווײַסן שטיק בלעך און איינער קנעט מעל. מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ הונגער. אָבער פֿון גרויס מידקייט האָב איך זיך נישט גערירט פֿון אָרט. צו דעם בין איך געווען זייער שטאַרק אויפֿגעבראַכט אויף די „איראָפּייער" מאַנאַכן, וועלכע זײַנען געקומען פֿאַרשפּרייטן „ליכטיקייט" צווישן די ווילדע אַזיאַטן.

איך בין געלעגן און געטראַכט: אָט דאָ איז דער הר נבֿו מיט די קוואַלן, וואָס הייסן עין מוסאַ. דאָ איז מידבאַ און איך דאַרף ליגן אין דער אַראַבישער „מעדאַפֿאַ" און מיך זאָלן עסן די פֿליי. בין איך שוין גאָר אַ פֿרעמדער?...

אָט האָב איך הײַנט דורכגעמאַכט אַ שטיק וועג, וואָס די בני ישׂראל זײַנען דורכגעגאַנגען אין זייער אָנקומען אין ארץ־ישׂראל. איך זע זיי, די וואַנדערערס פֿון דער וויסטע, מיט זייערע טשערעדעס, גמלים און אייזלען לאָזן זיי זיך אַראָפּ פֿון די בערג און שלײַכן זיך שטיל צום גלגל, צום ירדן־איבערגאַנג.

אויף דער צווייטער זײַט געפֿינט זיך דאָס לאַנד מיט די גרויסע

רײַכע שטעט, ווו זיי וועלן געפֿינען זייער רו. און פֿון הר נבֿו קוקט אויף זיי זייער פֿירער, וואָס ווײַזט זיי אָן זייער וועג... און איך זע זיי פֿאַר זיך, ווי איך האָב זיי געזען אין דער פֿרי בײַם ירדן־איבער־גאַנג... פֿרײַ, ווי דער ווינט, אין לאַנגע העמדער און בלויזע קעפּ, טראָגן זיי זיך, אויף זייערע שנעלפֿיסיקע גמלים, איבער די זאַמדיקע בערג פֿון דעם ירדן־טאָל. אַ גרילצנדיק אויסגעשריי. די קעמלען פֿאַלן אויף די קני און פֿלינק ווי די קעץ זײַנען די רײַטערס געשטאַנען בײַם ירדן... אין דעם אָנדענק פֿון אונדזער קומען און לויב פֿון ווײַטערע דורות וועלן מיר אונדזער גאָט שטעלן אַ מזבח — זינגען די זקנים — און אין דער טויטער שטילקייט טראָגט יעדער זײַן שטיין און בויט דעם מזבח... דער ירדן האָט די שטיינער צעטראָגן. דער נאָמען און אָנדענק איז געבליבן.

אַ קאַלט פֿאַרטאָג־ווינטל האָט אין הײַזל אַרײַנגעבלאָזן און מיך אויפֿגעוועקט פֿון מײַנע געדאַנקען. איך האָב דערהערט אַ שטיל געזאַנג. דאָס האָבן די צוויי אַראַבער געזונגען. שטיל, טרויעריק. אַן אויסגעצויגענער קלאַנג האָט זיך צו מיר אין שטיבל פֿאַרקליבן. איך האָב אַרויסגעקוקט. האָב זיי דערזען זיצן אויף אַן אויסגעשפּרייטן מאַנטל. צווישן זיי איז פֿאַרשפּרייט אַ טיכל, מיט ווײַסע מצות און אַ ציבעלע. איינער פֿון זיי איז צו מיר מיטן פּנים געזעסן. זײַן קאָפּ איבערגעדעקט מיט אַ שאַל. זיי זיצן, שאָקלען זיך און זינגען שטיל. אַזוי נאָענט האָב איך זיך פּלוצלינג דערפֿילט צו זיי. מיר האָט זיך געוואָלט אויפֿשטיין, צוגיין, זעצן זיך נעבן זיי, מיט זיי צוזאַמען זינגען. און דאָ זע איך, ווי איינער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן אָרט און מיט אַן אויסגעצויגענעם קול, אין נאָז, אָנגעהויבן זאָגן און אין זײַן זאָגן האָט זיך געפֿילט אַ שרעקלעכער פֿלוך, מאַכטלאָזער צאָרן. ער האָט געזאָגט: „שפֿוך חמתך על הגויִם“... און דער צווייטער האָט אונטערגעכאַפּט: „על הגויִם אַשר לא ידעוך“...

ייִדן! — האָב איך מיך אויפֿגעזעצט. איך האָב געמיינט, אַז איך חלום, אַז איך שלאָף. דאָס געזאַנג איז אָפּגעהאַקט געוואָרן. איך בין אַרויס פֿון שטיבל. זיי זײַנען געשלאָפֿן. איך האָב געקוקט און נישט

פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען. איך האָב איינעם פֿון זיי אָנגערירט. ער רירט זיך נישט.

גאָט מײַנער! איז עס אַ חלום?... ווי קומט אַהער דער שפּוך חמתך? ווער זײַנען זיי?... און אפֿשר האָט זיך מיר אויסגעוויזן, פֿון שלאָף?... איז דען אַ חלום, וואָס איך שלאָף איצט אין מידבאַ און מען האָט מיר נישט געוואָלט לאָזן שלאָפֿן?... און די פּאָר אַראַבער, וואָס שנאָרכען אַזוי שטאַרק, אַז מען קען הערן ווי ווײַט?...

איך בין אַרײַן צוריק אין הײַזל. האַלב צוגעמאַכט די אויגן, אַזוי ווי איך שלאָף. געוואָלט זען, אויב זיי וועלן ווײַטער זינגען. און אַזוי אומבאַמערקט בין איך אַנטשלאָפֿן געוואָרן. גאַנץ שפּעט, מיטן טאָג האָט מיך אויפֿגעוועקט אַן אַראַבער, וואָס האָט אונדז געבראַכט עסן. די צוויי געסט האָב איך שוין נישט געזען.

—ווו זײַנען די יהוד? — האָט ער מיך געפֿרעגט.

— וועלכע יהוד?

— די צוויי יהוד, וואָס האָבן געגעבטשיקט מיט דיר. און ווער ביסטו? — האָט ער שוין מיך געפֿרעגט.

— אַ יהוד!

— וואַלאַ! — האָט ער נאָר געפּונען צו באַמערקן, וואָס דרײַ ייִדן זײַנען געשלאָפֿן צוזאַמען די נאַכט און האָבן נישט געוווּסט ווער זיי זײַנען.

נישט אומקוקנדיק זיך אויפֿן אַראַבער, האָב איך אָנגעטאָן מײַן פּעקל און בין אַוועק אַ ברוגזער. אויף וועמען איך בין געווען ברוגז — ווייס איך נישט... אויף דער גאַנצער וועלט האָט מיך פֿאַרדראָסן.

1937

י. פּאַפּיערניקאָוו

# ביי נאַכט אין אַראַבישע געסלעך

פֿון דאַנען, דאַכט זיך, נעמט זיך עס די פֿינצטערניש אין שטאָט,
פֿון דאַנען, דאַכט זיך, קומט די היציק־ווילדע נאַכט וואָס שרעקט
און האַלט אַפֿילו אייגענע נישט זיכער און באַדראָט,
ווי ס׳וואָלט פֿאַר יעדן ס׳מעסער אין איר גאַרטל גרייט געשטעקט.

ווי קאָן מען דאָ דערכאַפּן פֿון די געסעלעך די לענג?
ווי קאָן מען דאָ דערטאַפּן זייער אָנהייב, זייער סוף?
זיי קריכן אינעם חושך איינס אין צווייט אַריַין ווי שלענג,
מיט הײַזקעס ווי די שלאָפֿנדיקע ענגע סטאַדעס שאָף.

לאַמטערנעס לײַכטן בלינד מיט העראָגליפֿן־צייכנס, רויט,
ווי אויגן איינצעלנע, אַנטצינדנדע, בײַ שוועל און טיר,
און שאָטן פֿאַלט־צוריק ווי אַן אַבאַיע [1] אויסגעשפּרייט
אויף דר׳ערד, צו קאָנען אויסקנײַען דאָס נאַכטגעבעט אויף איר.

אַ פּײַקל פּײַקלט ערגעץ דומפּ און מאָנאָטאָן אַזוי,
ווי ס׳קלאַפּט דעם קעמלס נישט־באַלאָדן הילצערנער געשפּאַן —
דאָס טאַנצט אַוודאי ווו פֿאַרשפּאַרט איר קנעכטשאַפֿט־טאַנץ אַ פֿרוי
אַרום איר האַר, דעם פֿוילן און אַכזריותדיקן מאַן.

אַ הענטגעפּליעסק, ווי ס׳וואָלטן ווו גאַלעטשעס אָפּגעקלאַפּט,
באַגלייט אַ מענעריש געזאַנג, וואָס קומט ווי אַ רעפֿריין;
דאָס ווערט ווו בײַ אַ פֿאָרזינגער, אין פּסוקים אויפֿגעכאַפּט,
אַ ליד אַ לאַנגס, וואָס צוגעטראַכט אַ העלפֿט האָט ער אַליין.

אויף נישט־ברוקירטן פֿײַכטן זאַמד, צעלייגט, קניט ווו־נישט־ווו
אַן אויסגעשפּאַנטער, שלאָפֿנדיקער קעמל־קאַראַוואַן,
באַוועגן זיי זיך, קלינגען אויף די העלדזער גלעקלעך צו,
ווי ס׳וואָלט זיך זיי געחלומט, אַז זיי גייען נאָך אין שפּאַן.

אין שטילקייט האָט אַן אייזל אין אַ הויף ווו אויפגעוואַכט
און כלישטשענדיק צעשריגן זיך פון בענקשאַפט און באַגער,
און אויסגעהעשעט זיך אַנטקעגן הימל אין דער נאַכט,
וואָס האָט געענטפערט מיט אַ שטערנפאַל, ווי מיט אַ טרער.

עס לויפן קעץ די געסלעך אַריבער הין־און־צ׳ריק
און יאָגן זיך אַרום מיט קאַצן־יאָמער, מחנהווייז,
און נישטערן אויף קופּעס מיסט און זוכן קעציש גליק,
געפינענדיק אַ פעלד אויף „ליבע״ און אַ פעלד אויף מייז.

עס עפנט אומגעריכט זיך אויף אַ טיר ווו פון אַ הויז,
אַ סילועט בלייבט שטיין, פאַרנעמט זיך גיין ווי אַן אַ ציל,
נאָך אים, אַ פרויען־סילועט, וואָס פאַלט ווי פון אַ שטויס,
אַ שניידנדיקער קוויטש און — אַלץ ווי קיין מאָל גאָר נישט —
שטיל...

פון דאַנען, דאַכט זיך, נעמט זיך עס די פינצטערניש אין שטאָט,
פון דאַנען, דאַכט זיך, קומט די היציק־ווילדע נאַכט וואָס שרעקט
און האַלט אַפילו אייגענע נישט־זיכער און באַדראָט,
ווי ס׳וואָלט פאַר יעדן ס׳מעסער אין איר גאַרטל גרייט געשטעקט.

תל־אָביב, אָקטאָבער 1933

## כ׳פאַרגין נישט...

כ׳פאַרגין נישט קיין שונא —
קומען צו מיר איצט אַהיים,
ווו ס׳האָבן די ברידער און שוועסטער
מדבריות אין ווייגשטעק פאַרוואַנדלט,
פון זומפן — פּרדסים צעבליט
און שטיינערנעם באָדן — באַמאַנדלט...


דאָס יודישע ארץ־ישראל
די 50 יודישע קאָלאָניעס
די באַהנען אין יאָהר 1914
אין דער מלחמה געבויטע באַהנען
פּראָיעקטירטע באַהנען און וועגען
פערגרעסערונג פון דער יודישער בעפעלקערונג אין ארץ־ישראל
1852
1867
1881
1897
1912
דער האַנדעל פון יפו
1886–1913
1913
1912
1906
1901
1896
1886
אימפּאָרט
עקספּאָרט
שומרון
יהודה
גלעד
דמשק
ירושלים
חברון
עזה

כ׳פֿאַרגין זיי נישט — זען
מײַנע ברידער און שוועסטער,
איינס פֿון דאָס אַנדערע דעמביקער, פֿעסטער,
געבראָנדזטע, געשמידטע,
מיט שטאָלערנע מוסקלען,
מיט אויגן צעגליטע,
מיט בליקן ווי פֿײַלן,
מיט הענט ווי די האַמערס,
מיט פֿיס ווי די זײַלן...

כ׳פֿאַרגין נישט קיין שׂונא צו זען,
ווי ס׳רחבֿות דאָ וואַקסט
מיט אַ היץ, מיט אַ ברען,
דאָך וואָלט איך געוואָלט,
אַז מיט קנאה און שאַנד
זאָלן זיי זען עס,
און — שטיין בײַ דער וואַנט...

תל־אָביב 1924



## כאַוואַדזשאַ, כאַוואַדזשאַ[1]...

— כאַוואַדזשאַ, כאַוואַדזשאַ איבראַהים!
איז אמת, וואָס מײַן שכן מוסאַ זאָגט,
אַז ס'ווילן די יאַהוד פֿאַרטרײַבן אונדז פֿון פּאַלעסטין
און צונעמען בײַ אונדז די גאַנצע ערד,
די גאַנצע ערד?...

איז אמת, אַז עס קומען צוליב דעם
אַזוי פֿיל שיפֿן אָן צום ברעג,
אַזוי פֿיל שיפֿן מיט מאָסקאָב[2]
איז אמת? איַוואַ[3]?...

אַז דער ייִד איבראַהים, דער כאַוואַדזשאַ,
קוקט אויף אים און שמייכלט
און פֿאַרזיכערט אים, אַז ס'איז אַ ליגן,
גלייבט מאַהאַמעט נישט
און שעמט זיך נישט צו גלייבן —
לויפֿט זײַן שרעק אַרום
אין זײַנע בלאַנקע אויגן־ווײַסלעכץ,
און זײַן אומצוטרוי באַהאַלט ער
אין די שאַרפֿע אויגן־ווינקלען,
ס'רויטלען זײַנע באַקן
פֿונעם לענגלעך־ברוינעם פּנים,
וואַרפֿט בגנבֿה פֿון דער זײַט
מיט פֿאַרשנדיקע בליקן,
וויל נאָך עפּעס פֿרעגן,
נאָר ער שווײַגט, פֿאַרטראַכט, מיט אומעט...
און ס'פֿאַלט מאַהאַמעט אויף אַן אײַנפֿאַל:

---

[1] הער. — [2] מאָסקווע־לײַט, באָלשעוויקעס. — [3] יאָ?

אויספּרוּוון דעם אמת,
און בעטן —
דער כאַוואַדזשאַ זאָל אים שענקען אַ סיגאַראַ[4]...

תל־אָביב 1925

י. הייבלום

## צוויי שוסטער־בענקלעך

יוסף מזרחי, אַ ספֿרדישער ייִד פֿון מצרים, האָט קומענדיק מיט לאַנגע יאָרן צוריק קיין ארץ־ישׂראל, זיך באַזעצט אין אַ שמאָל געסעלע אין יפֿו, דאָרט געעפֿנט זײַן שוסטער־װאַרשטאַט אין געװעלב פֿון אַן אַלט־יפֿוער הויז, און אָנגענומען אַלטע שיך צום פֿאַרריכטן און פֿאַרלאַטען. אַזוי אַרום האָט ער זיך דערנערט מיט זײַן פֿאַמיליע, פֿון די אײַנוווינערס פֿון געסל: אייראָפּעערס, ספֿרדים און אַראַבער; אָרעמע אַרבעטערס, בעלי־עגלות און טרעגערס.

נאָך עטלעכע יאָר האָט יוסף מזרחי אָנגעהויבן ווערן דיקער, פֿעטער און קורצזיכטיקער. קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן אונטערוואַקסן און צוקומען. דאָס ווײַב, מיט אַ לאַנג, ברייט אונטערהעמד, האָט אַרומגעשלאַפּט אַ גאַנצן טאָג מיט הילצערנע טרעפּאַקעס אין איר פֿאַרחושכטער ווירטשאַפֿט. דער באַרג אַלטע שיך צום פֿאַרלאַטען איז געוואָרן גרעסער. און די הענט בײַ יוסף מזרחי האָבן אָנגעהויבן ציטערן; האָט ער צוגענומען פֿאַר אַ געהילף דעם יונגן כאַסאַן, אַ פֿאַרבלאָנקעטן אין שטאָט פֿון ערגעץ אַן אַראַביש דאָרף, וואָס איז געקומען זוכן אַרבעט.

האָט זיך כאַסאַן גיך אײַנגעלעבט אין זײַן נײַער סבֿיבֿה, צו דעם

[4] ציגאַר, פּאַפּיראָס.

וואַרשטאַטל, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ קליין שוואַרץ צעפּוילט טישל, באַלייגט מיט טשוועקלעך, דרעטלעך, וואַקס און אַנדערע מכשירים, צו זײַן באַלעבאָס, וואָס איז געזעסן גאַנצע טעג קעגן אים, מיט אַראָפּגעלאָזענע באַברילטע אויגן אויף אַן אַלטן שוך, אַן אָנגעצויגענעם אויף אַ קאָפּעטע, געסאָפּעט פֿון פֿעטקייט און געצויגן אַ דראָטווע מיט ציטערדיקע הענט. ער האָט זיך געפֿילט שוין ווי אַ געבוירענער אויף דעם פּלאַץ, צווישן אָט די פֿאַרקאָפּטשעטע פֿיר ווענט, צווישן די קינדערלעך וואָס וואַלגערן זיך פֿאַרסמאַלעטע גאַנצע טעג צוזאַמען מיטן ביסל שוכוואַרג אויף דר׳ערד, מיט דער באַלעבאָסטע, די דיקע פֿרענקינע, וואָס טשלאָפּעט־אַרום אַ צעגאָסענע אויף הילצערנע טרעפּאַקעס. ער האָט זיך מיט זיי אַלעמען אײַנגעלעבט און אַלע האָבן זיך מיט אים אײַנגעלעבט און געהאַלטן אים פֿאַר אַן אייגענעם, אַ בן־בית.

כאַסאַן, אַ יונגער, אַ פֿלינקער, האָט פֿאַרשטאַנען די אומבאַהאָלפֿנקייט פֿון זײַנע באַלעבאַטים. און שוין שטובמענטש, צו ווערמען האָט דעם פֿולסטן צוטרוי, האָט ער איבערגענומען אַ ביסל די פֿירערשאַפֿט איבער דער משפּחה: ער האָט אַכטונג געטאָן אויפֿן קליינוואַרג און אָנגענומען זיך פֿאַר זייער קריוודע אין גאַס... די אַלע אַלטע שיך צום פֿאַרריכטן זײַנען אָנגענומען געוואָרן דורך כאַסאַנען. ער האָט זיך באַדונגען מיט די קלייענטן. ער האָט געוווּסט אויף וויפֿל אָפּצושאַצן די אַרבעט. אויף די אַלע שפּראַכן, וואָס די אײַנוווינערס פֿון דעם געסל האָבן גערעדט, האָט זיך כאַסאַן אויסגעלערנט פֿאַרשטענדיקן און דינגען זיך. אַפֿילו אויף ייִדיש האָט ער זיך געקענט אויסשמועסן מיט די ווײַבער און זאָגן זיי:

— מאַדאַם, דאָס פֿיל אַרבעט... צוויי פּיאַסטער דאָס ביליק...

און אַלע קונדן פֿון געסל זײַנען געוואָרן מיט אים היימיש, האָבן גערופֿן אים בײַם נאָמען, גערעדט צו אים יעדער אויף זײַן שפּראַך, און זײַן באַלעבאָס, יוסף מזרחי, האָט זיך נישט געמישט. ער האָט זיך געהאַלטן שוין פֿאַר אַן אומפּעיִקן און געוווּסט, אַז ער האָט זיך אויף ווער צו פֿאַרלאָזן.

אַזוי האָט זיך מזרחיס וואַרשטאַט אויסגעאַרבעט וואָס אַ מאָל מער, ביז דעם לעצטן ערבֿ פּסח איז שוין דער דיל געווען באַלייגט מיט קופּעס אַלטע שיך, צענדליקער פּאָרן פֿון דאַמען־ מענער־ און קינדער־שיך, האָבן געוואַרט אומגעדולדיק צוזאַמען מיט זייערע באַלעבאַטים, ביז עס וועט קומען זייער ריי, זיי זאָלן אַרײַנגענומען ווערן אין דער אַרבעט און פֿאַרטיק ווערן אויף יום־טובֿ. האָט מען טאַקע אַרײַנגעריסן דעם ערבֿ פּסח ביז אין די האַלבע נעכט און דאָך געמוזט איבערלאָזן אַ שפּאָר ביסל אַרבעט נישט אויסגעפֿאַרטיקט.

און פּסח איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס כאַסאַן איז פֿאַר זײַנע פֿאַרדינסטן אַרויס אין גאַס אַן אויסגעפּוצטער, אין אַ נײַעם אָנצוג, נײַע שיך, גלאַנציק פֿאַרקעמטע האָר און פֿאַרברענגט אין אַ תּל־אָבֿיבֿער קאַפֿע. ער האָט זיך געפֿילט, כאַסאַן, אַ גליקלעכער. גאַנצע טעג געזעסן אויף זײַן קליין שוסטער־בענקעלע נעבן דעם צעפֿוילטן וואַרשטאַטל, געאַרבעט פֿלײַסיק און געזונגען, האָט ער ליב באַקומען דאָס וואַרשטאַטל, דאָס בענקעלע, די קראָם מיט די הויכע פֿאַרקאָפּטשעטע ווענט, די באַלעבאָסטע, די צעלאַבערטע, די פֿאַרשליאָכעטע קינדערלעך, גלײַך ווי ס'וואָלט אַלץ געווען זײַנס, זײַן היים, זײַן וואַרשטאַט, און זײַנע קינדערלעך. אָט אַ דאַנק זיי, אַ דאַנק זייער צוטרוי, אַ דאַנק דעם אַלעם האָט ער זיך אויסגעאַרבעט און געוואָרן אַ לײַט. און ער דינט זיי טאַקע אָפּ, מיט פֿלײַסיקייט, מיט ערלעכקייט און איבערגעגעבנקייט.

האָט זיך די פֿרימאָרגן־זון אַרײַנגערוקט אין געסל, איבערגעדעקט מיט בלענדיקן גאָלד איין זײַט, אַ לאַנגע מיט הײַזער, גלײַך ווי דער וואַרעמער באַלזאַם וואָלט געוואָלט פֿאַרהיילן די אָפֿענע ווונדן־לעכער, די אָפּגעקראָכענע הויטן פֿון די ווענט, די געפּלאַצטע אבֿרים פֿון די טירן און פֿענצטער־ראַמען, און אויף דער צווייטער זײַט, אונטערן שאָטן, האָט געווייעט אַ קיל ווינטל אַרײַן אין וואַרשטאַט פֿון יוסף מזרחי און געגלעט דאָס געזיכט פֿונעם יונגן כאַסאַן און זײַן באַלעבאָס, וואָס זײַנען שוין געזעסן פֿון פֿרימאָרגן אָן בײַ

דער אַרבעט, טרינקען שוין דאָס דריטע שעלעכל קאַווע, און מזרחי איז מכבד כאַסאַנען שוין צום פֿינפֿטן מאָל מיט אַ ציגאַרעט.

ביידע אַרבעטן און טראַכטן שטיל. מזרחי טראַכט וועגן איבער־בײַטן די קראָם אויף אַ גרעסערע, אַ באַקוועמערע, מיט אַ באַזונדע־רער שטוב צום וווינען. כאַסאַן טראַכט וועגן זײַן דאָרף, ווי פֿאַר־פֿינצטערט און פֿאַרחושכט מען לעבט דאָרט, ווי זײַן טאַטע, דער אַלטער פֿעלאַך, האָרעוועט זײַנע אַלע יאָרן אויף פֿרעמדע פֿעלדער, און קומט־אָפּ זײַנע טעג מיט טרוקן ברויט. ער וועט אַראָפּקומען אין דאָרף אַן אויסגעפּוצטער, ברענגען זײַן טאַטן מתּנות: אַן אַבײַע, אַ זײַדענע קעפֿיע. ער וועט נעמען פֿון דאָרט אַ ווײַב, איבראַהים דעם פֿאַסטעכס טאָכטער, וואָס איז אָרעם, אָבער שיין און צניעותדיק. ער דערמאָנט זיך, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל זי באַמערקט. דאָס איז געווען אין אַ געדיכט באַוואַקסן פֿעלד מיט מאַיִס, וואָס איז שוין געהאַט אויסגעוואַקסן אין דער הויך פֿון אַ מענטש, און מיט שטאַר־קע שטאַמען. און פֿון צווישן די געדיכטע בלעטער האָבן אַרויסגע־קוקט אירע גרויסע שוואַרצפֿלאַמיקע אויגן. זיי האָבן געקוקט גלײַך אַנטקעגן דער זון, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט פֿאַרמעסטן מיט די שטראַלן. און ווען זי האָט באַמערקט אים, האָט זי פֿאַרשטעקט איר קאָפּ אין דער געדיכטקייט פֿון די צווײַגן. און ער דעמאָלט ווי פֿאַר־שיכּורט...

— — — פּלוצעם: אַ—אַ—אַ—אַ, אוי! אַ—אַ—אַ—אַ, אוי! ביידע זײַנען זיי געבליבן זיצן פֿאַרשטאַרטע און זיך איבערגעקוקט. די האַמערס אין די הענט האָבן גענומען ציטערן, און דער יאָמער־געשריי ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער, שטאַרקער, נענטער. אַט קלאַפּן שוין לאַדנס און טירן...

מענטשן לויפֿן ווי צעדולטע איבערן געסל מיט אַ פֿאַרשטיקטן שווײַגן און גיבן פֿון זיך קיין וואָרט נישט אַרויס.

שטעלן זיך ביידע אויף ווי עלעקטריזירט פֿון גרויליקן געשריי. צוויי שיך, אָנגעצויגענע אויף קאָפּיטעס, און צוויי האַמערס פֿאַלן אַרויס פֿון ביידע שויסן אויף דר׳ערד.

אַ שכן, אַ ספּרדישער ייִד, לויפֿט־אַרײַן אַ צעקאַכטער, מיט צעפּלאָשעטע האָר, שרײַט און וואַרפֿט מיט בײדע הענט...

מזרחי ווערט בלאַס. די גאָמבע הייבט אים אָן ציטערן. די אויגן — גרויסע, שרעקעוודיקע, דרייען זיך אים אונטער די גראָבע ברילן־גלעזער.

— ראָזאַ! — גיט ער אַ געשריי מיט זײַן גאַנצן כּוח צום ווײַב, אַז די ברילן האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן — נעם די קינדער און גיי גיך אַוועק מיט זיי! און דו, כאַסאַן — האָט ער צו אים געשריגן, ווען ער איז שוין געשטאַנען מיט איין פֿוס אין דרויסן — לויף גיך, צו זען וואָס עס געשעט. מען זאָגט, אַז אַראַבער שעכטן ייִדן.

כאַסאַן איז בײַ די ווערטער רויט געוואָרן. ער איז גיך געלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון געשריי און געבעטן גאָט, עס זאָל זײַן ליגן. עס זאָל זײַן, וואָס עס זאָל זײַן, אָבער נישט, אַז אַראַבער שעכטן ייִדן.

מענטשן לויפֿן ווי משוגע. זקנים מיט פּעקלעך. ווײַבער מיט קינדער. אַלץ קאָרטשעט זיך אין פּחד. אַלץ ציט, לויפֿט אין איין ריכטונג.

די אַלטע צעפֿוילטע הײַזלעך עפֿענען זייערע פֿאַרדעמפּיקטע נאָ־רעס און קעמערלעך און לאָזן פֿון זיך אַרויס זייערע שטענדיקע אײַנוווינערס, זקנים און קאַליקעס. טירן און לאָדנס קנאַקן און קלאַפּן, ווי אַ שטורעם וואָלט אַרײַן אין געסל. די לופֿט אַ פֿאַרנעפּל־טע פֿון שטויב, גלײַך ווי דער מעכטיקער יאָמער פֿון געפּײַניקטע וואָלט דעם שטויב אין דער לופֿט געהויבן.

די גוואַלדן ווערן איבערגעהאַקט, ווי מען וואָלט מיט כּוח דער־שטיקט די מײַלער פֿון די הונדערטער, הונדערטער שרײַערס. און באַלד קומען די קולות נאָך שטאַרקער, נאָך יאָמערלעכער, נאָך גרוי־ליקער, ווי אַ וועלט מיט מיליאָנען מענטשן וואָלט זיך געוואַלגערט קראַמפּהאַפֿטיק אין די גרעסטע יסורים. אָט פֿירט מען אײנעם אַ וואַקלדיקן מיט אַ פֿאַרגאָסענעם קאָפּ מיט בלוט, אָט אַ צווייטן מיט אַ פֿאַרוואָרפֿענעם קאָפּ אויף הינטן, מיט פֿאַרגליווערטע אויגן און

אַן אָפּן מויל, גלײַך דאָס שטומע אָפֿענע מויל וואָלט אַרויסגעגעבן פֿון זיך אַט דאָס גרויליקע געשריי.

מזרחי שטייט פֿאַר זײַן קראָם, קוקט מיט אומגעדולד: די גאַס איז שוין באַלד ליידיק. אָבער ער וואַרט נאָך. ער וואַרט אויף כאַ־סאַנען. ער וויל נישט אַזוי לײַכט אַוועק פֿון זײַן וואַרשטאַט, פֿון זײַן האָב, פֿון זײַן פּראַצע. אויף כאַסאַנען וואַרט ער. צו כאַסאַנען האָט ער נאָך איצטער צוטרוי.

אַ ריזיקער וואָלקנשטויב וואַרפֿט זיך אַרײַן אין דעם געסל, פֿון וואַנען עס רײַסט זיך אַרויס דער צעטראָגענער כאַסאַן, וואָס לויפֿט אַ פֿאַרצווייפֿלטער און וואַרפֿט משוגע מיט בײדע הענט.

— אַוועק! — שרײַט ער אויס צו זײַן באַלעבאָס — אַנטלויף גיך, די מינוט!

באַלד האָט זיך טאַקע געזען פֿון הינטן אַ מחנה צעווילדעוועטע אַראַבער אַרײַנרײַסן אין געסל. אָפֿענע צעפֿלאַטערטע פּאָלעס, ווי פֿליגל פֿון מלאך־המוות, בלאַנקע מעסערס און אײַזנס אין דער לופֿטן, און דאָס ליידיקע געסל פֿאַרטויבט פֿון דעם געשריי „איטבאַ־חו איל יאהוד״!

ניין, ער וועט שוין גאָר נישט באַווײַזן מיטצונעמען אויסער דאָס לעבן.

מזרחי לויפֿט. נעבן אים — זײַן כאַסאַן. ער טראַכט איצט אין גאַנצן נישט וועגן זײַן האָב, וועגן זײַן פּראַצע. ס׳לעבן! ס׳לעבן מוז ער ראַטעווען!

— כאַסאַן! — שרײַט ער אויס — ווו לויפֿסטו? דו גיי אויף צוריק!

— ניין! — ענטפֿערט כאַסאַן — איך לויף מיט דיר; צו דיר.

— צוריק! — שרײַט אויס מזרחי — די ייִדן קענען אין דיר נקמה נעמען!

— פֿאַר די ייִדן האָב איך נישט קיין מורא. אַלע ייִדן פֿון דער געגנט קענען מיך אַזוי גוט ווי דו. זיי וועלן מיר קיין שלעכטס נישט טאָן.

ווען זיי זײַנען צו צום עק גאַס, האָבן זיך באַוויזן דרײַ באַ־וואָפּנטע ענגלישע פּאָליציי־לײַט. מזרחין האָבן זיי דורכגעלאָזן און כאַסאַנען האָט מען געהייסן גיין אויף צוריק — — —

— — — צוויי פֿעלקער האָט מען צעשיידט און באַוואַכט. די שמאָלע געסלעך, וואָס וויקלען זיך אַרײַן אין יפֿו, זײַנען געבליבן נייטראַל, ליידיק. און בײַ די ראָגן פֿון בײדע זײַטן גאַס האָט יעדע ווײַלע אַרײַנגעקוקט אַ קאָפּ פֿון אַזעלכן, וואָס האָט דאָרטן איבערגע־לאָזן יאָרן פּראַצע.

פּלוצעם האָבן קנוילן רויך אַרומגעוויקלט דאָס שמאָלע געסל. די הײַזלעך, ווי קראַנקע זקנים, זײַנען אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט פֿײַער־צונגען. האָט זיך געהערט אַ קרעכצערײַ פֿון אַלטע הײַזער אין געסל. קנוילן רויך, ווי שוואַרצע קרעפּע, האָבן באַדעקט די אויס־געצויגענע טויטע גאַס. באַלד האָט זיך דערטראָגן אַ געוואָיערײַ, ווי נאָך אַ מת. אַ גלאָק האָט זיך צעקלונגען. רויטע לאַקירטע אויטאָס מיט קעסלען און לייטערס זײַנען פֿאַרסאָפּעט אַרײַן אין געסל.

קליינע, פֿלינקע מענטשעלעך מיט אָנגעצונדענעם קופּער אויף די קעפּ, האָבן זיך געפֿאַרעט מיט קישקעס וואַסער, ווי בײַ אַ טהרה, האָבן אַרויסגעריסן די אינגעווײדן פֿון די הײַזער און געוואָרפֿן עס איז גאַס. און צוזאַמען מיט דעם זײַנען אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון אײנעם אַ ברענענדיקן הויז צוויי ברענענדיקע שוסטער־בענקעלעך.

תל־אָביב, מײַ 1936

יעקב־צבי שאַרגעל

## מיין בענקשאַפֿט

ביסט געקומען צו מיר דורכן חומש,
ווען געפֿירט האָט דאָס טײַכל בײַם פּלויט,
ר׳ סענדערל ט׳פֿאַרטײַטשט דעם „וימש"
און פֿון אויוון האָט אַרויסגעשמעקט ס׳ברויט.

ס׳איז געוועזן דאַנערשטיק אויף דער נאַכט,
און איך — אַ ייִד, אַ יאָר זיבן,
בין געגאַנגען מיט לאַמטערל באַוואַכט
און נחת פֿולע הענט כ׳האָב געקליבן:

כ׳האָב אַ לאַנד, כ׳האָב אָבֿות און אמהות,
כ׳שטאַם־אַרויס פֿון די גרויסע צוועלף שבֿטים;
כ׳שטאַם פֿון משהן, פֿון זײַנע ניסים ונפֿלאות —
די טבֿת־קעלט פֿאַרכאַפּט האָט מיר דעם אָטעם.

כ׳האָב אַ לאַנד, כאָטש ווײַט דאָס איז פֿון דאַנען;
כ׳האָב מדבריות, בערג אַ סך און טאָלן;
כ׳האָט פֿעלדער, טײַכן און האָב ימען —
דער פֿראָסט טוט אויף שויבן זיי מאָלן.

דער שוואַרצער רויך — אַן עמוד־ענן פֿול מיט יראה;
דער שניי־געבלענד — פֿײַערדיקע שטויבן.
כ׳איַל מײַן גאַנג, דער טראָט זאָל נישט פֿאַרפֿרירן —
ס׳איז ערבֿ שבת, ס׳שמעקט פֿון יעדן אויוון.

לאַמטערן ציטערט, ס׳ליכט זאָגט איצט שירה;
עס גייט מיט מיר די פּרשה, וואָרט בײַ וואָרט;
דער ווײַטער וועג, אַ גלײַכער ווי אַ ווירע,
פֿירט און פֿירט מיך אַלץ נישט פֿונעם אָרט.

כ׳לאָז זיך לויפֿן — אַ הונט האָט זיך צעבילט,
עס האָט אַ טיר זיך האַסטיק ווו פֿאַרמאַכט,
דער קלויסטער, אין תּכריכים אײַנגעהילט,
גייט אַנטקעגן מיט פּחדים־לאַנגער נאַכט.

האָט די בענקשאַפֿט מיך געהאַלטן וואַך און רומיש,
מיך גענערט מיט חלום און מיט גלויבן —
די בענקשאַפֿט נאָכן לאַנד פֿונעם חומש,
וואָס געמאָלט האָט דער פֿראָסט מיר אויף די שויבן.

ש. איזבאַן

# שונאים

דערציילונג

אַרום דרײַ בײַ נאַכט האָט דאָס שיסערײַ אויפֿגעהערט. אַבאָ האָט אַ רוק געטאָן פֿון זיך די אויטאָמאַטן־ביקס. ער האָט זיך אַרויס־געהויבן פֿון צווישן די זעקלעך זאַמד, וואָס זײַנען געווען צעלייגט אין די ראָוון [1], ווי אין טראַנשייען. די ביינער האָבן געפֿרירט. די פֿאַרטאָגיקע קילקייט, וואָס גייט־איבער אין קעלט מיטן דערנענטערן זיך פֿונעם מאָרגן, האָט אָנגעיאָגט אַ געדיכטע טויגעץ איבער די בערג, וואָס קייטלען זיך אַרום ראש־פּנה.

אַבאָ האָט זיך אויפֿגעשטעלט. ער האָט זיך אויסגעראַנגלט, ווי נאָך אַ טיפֿן שלאָף. ער האָט אַ נעם געטאָן די ביקס, נאָך אַ מאָל באַטאַפּט דעם קוילן־לאַגער, ווי מען טאַפּט־אויס אַן אָנגעשטאָפּטן פּאַפּיראָס. די האַלבע לבֿנה, אַן אָנגעשפּאָלטענע, אַ שאַרפֿע, ווי אַ מאַכמעדאַנישער שטילעט, האָט געפֿלייצט מיט קאַלט ליכט, האָט פֿאַרוואַנדלט די גלילער בערג אין פֿאַרשנייטע סטעפּעס, כאָטש אַרום איז געווען אַ ווײַסע יוני־נאַכט. אַבאָ האָט זיך דערשראָקן פֿאַר אַזוי פֿיל ווײַסקייט, פֿאַר אַזוי פֿיל ליכט. אַרום האָט געאָטעמט מיט חורבן און בלוט. די אַראַבישע כנופֿיות, וואָס האָבן באַשאָסן ראש־פּנה שוין די דריטע נאַכט, זײַנען איצט אויסגעשטאָרבן, זײַנען פֿאַרקראָכן אין די פֿעלדזן־שפּאַלטן, אין די נאָרעס. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. ווו זײַנען די שומרים? ווו זײַנען די גאַפֿירן? קיינער איז נישט גע־בליבן. אויסגעהונגערטע, נישט־דערשלאָפֿענע, האָבן חבֿרה זיך אַ לאָז געטאָן אין דער קבֿוצה־קיך. ווער ס'האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער שפּײַזקאַמער, ווער — צום געלעגער. ווי אַנדערש האָט ער, אַבאָ, באַטראַכט זײַנע וואַך־שעהען. ער האָט געקוקט אויף זײַן שמירה

[1] קאַנאַלן ווי גריבער.

ווי אויף מיליטער־דינסט. די פּאַרטיזאַנע אַראַבישע אַטאַקעס — אַן אָפֿענע מלחמה. מען רײַסט־אויס יונגע וועלדער, מען וואָרצלט־אויס פּרדסים און דער ישובֿ ענטפֿערט נישט, צוימט זיך מיט באַהערשונג, מיט צוריקגעהאַלטנקייט. האָבן ייִדן דאָס געלערנט בײַ שמעון בר גיורא, בײַ יוחנן פֿון גוש חלבֿ? די גבֿורה שטעקט נישט בלויז אינעם אָפּשטויסן די אָנפֿאַלערס, אין פֿאַרטיידיקן די אייגענע פֿעל. אָנגריף! העפֿטיקער ווידערשטאַנד פּנים אל פּנים מיטן שׂונא — אָט ווי מען דאַרף צוריק אײַננעמען ס׳לאַנד!

אַבאָ האָט זיך געהויבן איבערן געטרעפֿלטן בערגל מיט דער פֿעסטקייט פֿון אַ פֿעלד־קאָמאַנדיר. רעכטס האָבן אַרויפֿגעקלעטערט פֿולע ווײַנגאָרטנס מיט סעדער, לינקס האָבן זיך אַראָפּגעקאָלערט, ביז אין נאַקעטן טאָל אַרײַן, געדיכטע שורות מיט פֿרוכטן־ביימער.

אַבאָ האָט זיך אַרומגעקוקט. דער אומרו, אַז פֿון ערגעץ קען אים אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע קויל פּאַקן און אים לאָזן אויפֿן אָרט, האָט נאָכגעלאָזט. אַנטקעגן — וויסטעניש, תּוהו ובֿוהו, רעשטקעס צעלעכערטע בערג. און אין די קנייטשן פֿון די בערג, צווישן רויבער־נעסטן, ליגט אַן אַראַביש דאָרף, ווי אַ פֿאַרשאָטענער בית־הקבֿרות. שטיינער אײַנגעוואַקסן אין שטיינער, ווענט אײַנגעגעסן אין ווענט. קיין שפּראָץ, קיין פֿלאַנץ. נאָר די שווערע, ברוינע קורקאַר־שטיינער האָבן אָנגעזאָגט, אַז דאָרט שטעקט אַ מענטשן־ישובֿ.

אַבאָ האָט געזוכט פֿאַרגלײַכן, האָט אַנטקעגנגעשטעלט ישובֿ צו ישובֿ. דאָ האָט מען געאַקערט מיט דער נאָז, געזייט און געפֿלאַנצט, אָפּגעווישט די שממה. און דאָרט, אַנטקעגן, לויערן די פֿינצטערע כּנופֿיות, ווי פּיראַטן־באַנדעס, פּלאַנעווען אַלץ צו פֿאַרטיליקן, פֿאַרוואַנדלען דעם פֿרוכטיקן פּונקט אין אַ וויסטעניש.

אַבאָ האָט געטראַכט, אַז אין פֿאַרלויף פֿון די יאָרהונדערטער, זינט די אַראַבער האָבן פֿאַרכאַפּט ארץ־ישׂראל, זײַנען זיי אָנגעשטעקט מיט כּוחות פֿון צעשטערונג און פֿאַרניכטונג. געבויט האָבן קריסטן, געבויט האָבן ייִדן. און ס׳יאָגעניש צו פֿאַרטיליקן דעם

„כופר“ און חרובֿ מאַכן זײַנע פּאָזיציעס, איז ס'ערשטע געבאָט אין דער „מלחמת־מצווה“ פֿון קאַראַן.

אַ שאָטן האָט זיך הינטערװײַלעכץ געגנבֿעט און זיך געצויגן אונטערן לבֿנה־שײַן, װי אַ פֿינצטערע כמאַרע. אַבאַ איז געפֿאַלן אויפֿן בויך. ער האָט אָנגעשטעלט די ביקס, אַ טראַכט געטאָן, אַז מען דאַרף נאָר בײַקומען דעם מענטש, און די חיות, פּלאַנצן, אינזעקטן װערן אַלײן אונטערטעניק צום װאָפֿן. באַלד האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט. אַ פּאָר שװערע הענט האָבן אים געקלאַפּט איבער די אַקסלען.

— האָסט אַ פּאַפּיראָס, אַבאַ?

— האָסט מיך איבערשראָקן, צבֿי! — האָט אַבאַ אַראָפּגעלאָזט די ביקס.

— און דו װילסט אַלץ נישט מפֿסיק זײַן ס'דוכענען? — האָט צבֿי אַלײן דערלאַנגט צו אַבאָס הויזן־קעשענע און זיך מכבד געװען מיט אַ ציגאַרעט — היטסט־אָפּ דײַנע שמירה־שעהען װי אַ פֿרומער ייִד אַ קדושה.

— ביסט שוין אויסגעזאָרגט פֿאַר די איבערפֿאַלן? — האָט אַבאַ זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטײן און אויך פֿאַררויכערט.

— נאָך האַלבער נאַכט אַרבעטן נישט די „האָזן“. און דו האַלטסט טאַקע די בעדוינער פֿאַר גבורים? ס'זײַנען העכסטנס פּראַים, מדבר־מענטשן, אָבער קײן מאָל נישט קײן מלחמה־לײַט. און װען נישט דער מופֿטי, װאָס פֿאַרזיכערט יעדן רוצח אַ שטול אין גן־עדן, װאָלטן די אַלע געדונגענע מערדערס, די כאַשיש־שמוגלערס, שוין לאַנג זיך צעלאָפֿן נאָך חורן.

— אָפּגעפּסקנט! — האָט אַבאַ נישט פֿאַרטראָגן די לײַכטקײט, מיט װעלכער צבֿי שאַצט־אָפּ פּאָסירונגען — האָסט פֿאַרגעסן, אַז אילת־השחר איז באַדראָט. אויף יסוד־המעלה האָגלט מען די צװײטע װאָך מיט מאַשינען־געװער. און מיר, די „אײַנגעמערס“ פֿון לאַנד כנען, יהושע בן נונס אייניקלעך? מיט װאָס זײַנען מיר פֿאַרנומען? מיט אײַנהאַלטן זיך, מיט באַהערשונג...

צבֿי האָט אַ שלעפּ געטאָן אַבאָן פֿאַר אַן אָרעם. בײדע האָבן זיך

געלאָזט מיטן לבֿנה־וועג. ער האָט געטראַכט, אַז אַבאָ איז גערעכט, פּונקט אַזוי גערעכט ווי ס'איז מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק גערעכט געווען דער קנאי יהושע בן סאַפּיאַ, וואָס האָט צונויפֿגערופֿן די שי־פֿערס און לאַסטטרעגערס פֿון טבֿריה און זיי באַגײַסטערט צו גיין מלחמה האַלטן מיט די רוימער. דעמאָלט האָט די מרידה אויסגע־בראָכן און אָנגעהאַלטן אין אונטער־גליל. און הײַנט זײַנען משמר־הירדן, צפֿת, עצמון, יעדער נײַער פּונקט אין גליל — אַ צילברעט פֿאַר די כּנופֿיות.

זיי זײַנען צוגעקומען צום הויף פֿון דער קבֿוצה. פֿאַרן „הויף" האָט זיך געדראַפּעט אַ שיטער וועלדל אַרומגעצוימט מיט קלעטער־פֿלאַנצן און געדיכטע קאַקטוס־צווײַגן, היגטערן וועלדל — אַ סאָד. אַבאָ האָט אַ שפּאַר געטאָן ס'טויער פֿון הויף. אַרום די ווײַסע בנינים, וואָס זײַנען געווען אויסגעשטעלט ווי אַ פּירעק, האָט געטומלט, גלײַך ס'וואָלט איצט געווען טאָג. ברוינע פֿאַרבאַקענע מיידלעך אין ווײַסע פֿאַרטעכער, מיט עמערס אין די הענט, האָבן געאײַלט אין די קי־שטאַלן. אַנדערע, אין ווײַסע הײַבלעך אויף די קעפּ, זײַנען געגאַנגען צו די הינער־שטײַגן. אין זייערע נישט־דערשלאָפֿענע פּנימער איז געווען די שרעק פֿאַר געפֿאַר, וואָס לויערט אויפֿן גאַנצן „משק", וועלכער ווערט דורך זיי געכאָוועט.

פֿאַרן עסצימער האָט צבֿי זיך אָפּגעשטעלט:

— וועסט עפּעס איבערכאַפּן און זיך צושפּאַרן, אַבאָ. מיר וועלן גלײַך טוישן די שמירה.

אַבאָן איז נישט געקראָכן אין קאָפּ אַרײַן דער שלאָף, נישט דאָס עסן. ער האָט גיכער חשק געהאַט אַרײַנצוגיין אינעם „אַרסע־נאַל", דורכלופֿטערן דעם וואָפֿן, אויספּוצן די ביקסן־רערן, נאָכציילן די דרײַ צענדליק פּיסטאָלעטן, די צוויי פּולעמיאָטן, וואָס די ירוש־לימער ענגלישע מאַכט האָט באַוויליקט איבערצוגעבן ראש־פּנה אויף צו פֿאַרטיידיקן זיך, אויף צו באַשיצן אַ גאַנצן ישובֿ, אַ חלק פֿון אויבער־גליל. אַזאַ פֿאַרברעך! און אויך איבער דעם האָט צו באַפֿעלן

אַ פֿעלדפֿעבל מיט פֿיר סאָלדאַטן פֿון אַ שאָטלענדישן רעגימענט. דער ישובֿ ברענט. פֿאַרן לעצטן יובֿל יאָרן זײַנען נאָך אַזעלכע טעג נישט געווען. כּנופֿיות מיט רוצחים אין די בערג, כּנופֿיות מיט רויבערס אין די פֿעלדזן, אין די היילן. און לאָנדאָנס שליח, דער נציבֿ — אַ גילגול פֿון בלשאצר, פֿון אַנטיאָכוס, פֿון וועספּאַסיאַנוס — איז טויב צו די מענטשן־הריגות, צו וועלדער־רציחות און תּבֿואה־שׂריפֿות.

אַבאָ איז אַרײַן אין שפּײַזצימער. ס'איז געווען האַלב טונקל. אַרום די פֿיר לאַנגע ווײַסע טישן, וואָס אַרום די ווענט, האָבן מיידלעך געגרייט אָנבײַסן. מען האָט געוואָלט גיך זיך אָפּפֿאַרטיקן, נישט פֿאַרציִען ס'אָנבײַסן ביזן טאָג, ווען ס'פֿעלן־אויס הענט, ווען די מענער־כּוחות פֿאַרנעמען זיך אי מיט משק־אַרבעט, אי מיט שמירה. אַ קליין רויט לעמפּל, ווי אַ קראַנק אויג, האָט קוים באַלויכטן די ווענט אַנטקעגן אַרײַנגאַנג. דאָרט זײַנען געשטאַנען צוויי מנינים עלטערע, גרויע ייִדן. די טאַטעס פֿון די קבֿוצהניקעס. זייערע פֿאַרדאגהטע פּנימער: אויסגעוואַשן. און מיט אַ טרויעריקן ניגון האָבן זיי געמזמורט די טעגלעכע קאַפּיטלעך תּהילים. אַ געבעט, די אָנפֿאַלן זאָלן אויפֿהערן.

אַבאָ האָט געקוקט אויף די ייִדן מיט די תּהילימלעך אין די הענט. ער האָט געקוקט אויפֿן נר תּמיד איבער דער וואַנט. וואָס פֿאַר אַ תּהילים זאָגן? פֿעלד־פֿאָרטיפֿיקאַציע! אָט וואָס די זקנים דאַרפֿן לערנען. ייִדן פֿון ליטע, ייִדן פֿון פּוילן. און זיי האָבן גאָר נישט געלערנט בײַ זייערע טויזנטיעריקע שכנים. ווי אַנדערש זײַנען די פּאָליאַקן געווען מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען ס'פֿאָלק איז אויפֿגעשטאַנען און מורד געווען אין מלכות. נישט מיט פּסאַלמען, נישט מיט דער עוואַנגעליע — מיט קאָסעס, מיט העק, מיט לאָפּעטעס האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן צו פֿאַרטרײַבן דעם שׂונא.

יעל, אַ וווקסיק מיידל — בלוט און מילך — אין ווײַסן, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער, איז אַנטקעגנגעקומען. זי האָט געהאַלטן אויף אַ טאַץ אַ ווײַסע זעמל מיט אַ גלאָז פֿריש געמאָלקענע מילך.

— איין ביס בלויז, אַבאַ.

אַבאַ האָט שמייכלענדיק אָנגעהאָנגען אויף יעלס אַקסל די ביקס, צו ערשט אַ קנײַפּ געטאָן פֿון דעם זעמל, דערנאָך אין דער מיידלס פֿאַררויטלטער באַק.

— היטסט מיך צו, יעל?

— ווערסט זיך אָוועקהרגענען, אַבאַ! — האָט יעל, ווי אַ מאַמע אים געשטופּט די מילך צו די ליפּן. — קיינער פֿון אונדזערע ייִנגלעך איז נישט אַזוי משוגע בײַ דער שמירה ווי דו. שמירה און שמירה! און אַכלען? שלעגער דו!

— ס'איז דאָ איבער וואָס משוגע צו ווערן, יעל! — האָט אַבאַ אָנגענומען דאָס מיידל פֿאַר אַ האַנט און גערעדט ווי פֿון היץ — גאַנץ גליל ברענט. דער עמק ווערט חרוב. אַ האַלב יאָרהונדערט פֿון טיפֿן חלום און פּראַצע שטייט פֿאַר דער געפֿאַר פֿאַרטיליקט צו ווערן. וואָס איז געווען ס'פּײַנפֿולע לעבן פֿון די בילויים, די כּנען־חלומות פֿון די ערשטע שומרים? אַ ליגן! אַ גרויסער ליגן! אומזיסט האָט מען אַרײַנגעאָטעמט דעם טויט פֿון די זומפּן. אַרום אונדז אַזוי פֿיל צעוואָרפֿענע פּונקטן, אַזוי פֿיל אָנגעשאָטענע ווינקלען — משמר הירדן, יסוד המעלה, עין־חרוד — וואָס פֿאַר אַ באַטרעף האָט דאָס אַלץ אַנטקעגן דעם אַראַבישן צינדפֿאַקל, וואָס טראָגט מיט זיך טויט און חורבן? וואָס מיר דאַרפֿן, יעל, איז אויך אויפֿרײַסשטאָף! וואָס מיר דאַרפֿן, איז מחנות מורדים! אויפֿשטאַנד־לעגיאָנען!

בשעת אַבאַ האָט זיך צעפֿלאַקערט און אַרײַנגערעדט אין דער איינציקער יעל, ווי אין הונדערטער צוהערערס, האָבן פֿון זײַטיקע טירן זיך גענומען קלײַבן חבֿרה, האַלב־פֿאַרשלאָפֿענע, נישט־אײַנגעוואַשענע, ווער מיט אַן אויפֿגעשנאַלטן פּאַסיק איבער די רײַטער־הויזן, ווער מיט אַ האַנטעך אַרום קאַרק. מען האָט צוגעלייגט אויערן; מען האָט געשנאַפּט מיט די נאָזלעכער.

ר' ברוך, אַן אַלטער ייִד, אַ טאַטע פֿון צוויי בנים אין דער קבֿוצה, מיט אַ באָרד שפּיציק און לאַנג ווי אַ צאָפּ, האָט פֿאַרלאָזט די וואַנט

מיט תהילים־זאָגערס און מיט שטילע, ווייכע טריט, ווי אַ ירא־שמים, זיך צוגעשאַרט צום עולם:

— אַבאָ איז גערעכט. עך, יונגוואַרג, מען וואָלט כאַטש איין זאַך געלערנט פון דער תורה... ס'שטייט: הקם להרגך, השכם... השכם שטייט!

אַ בחור, הויך און לאַנג ווי אַן אָבעליסק, מיט אַ פלאַקסענעם קאָפּ האָר, אויגן — תכלת־בלוי, וואָס האָט מיט אַ האַנטעך זיך אַרומ־געווישט ס'פּנים נאָכן ראַזירן, איז אַרײַן דעם אַלטן אין די רייד:

— נישט קיין יידישע מידה. און איר, ר' ברוך, וואָלט אויפגע־הויבן אַ האַנט אויפן ערשטן פעלאַך אין וועג און אים דערהרגעט? אַריבער דרײַ חדשים, ווי אונדזערע שונאים קוקן־אויס, מיר זאָלן צולייגן אַ האַנט צו דעם פאַרברעכן, שוין דרײַ חדשים, ווי מען רייצט אונדז. מען וויל אונדז אַרײַנציִען אינעם בלוטראָד. און ווען די פּראָ־וואָקאַציע געלינגט, וואָלט די גאַנצע וועלט געוווּסט, אַז יידן קומען אַהער ווי בלוטיקע מאַכטהאָבערס, צו פאַרטיליקן די אַראַבער. אָבער מיר? מיר האָבן דאָס נישט געטאָן. מיר האָבן זיך באַהערשט.

אַ קורצפּיסיק פאַרשווינדל מיט אויסגעשטויסענע פּלייצעס, מיט אַן אָנגעבלאָזן בײַכל פון פאָרנט ווי אַ קאַרליק, האָט פּאַר כּעס אונ־טערגעטאַנצט.

— באַהערשונג רופט איר דאָס? און איך רוף דאָס פּחדנות. ס'איז דעזערטירערײַ, אַן אַנטלויפן פון פראָנט. לערנט אײַך בײַ די ווײַסע אין אַפריקע, בײַ די דעראָבערערס אין די אַמעריקאַנער שטאַטן, ווי מען דאַרף אַרײַנדרינגען אין אַ לאַנד.

ס'איז אָנגעקומען גדעון, אַ באָרוועסער אין אַן אַבאַיע ווי אַ טלית. ער איז געווען טונקלהויטיק, דאַר און אויסגעטריקנט, ווי אַ נזיר. זײַנע טיפע אויגן, די לאַנגע, בייגיקע נאָז און דאָס שוואַרצע קראַנצבערדל אַרום האַלדז — ווי בײַ אַ בעדויִנער פון איבער־גליל. פון אַלץ האָט געשמעקט מיט פײַן און מדבר־ווילדקייט. ער האָט זיך אָנגערופן:

— צי ס׳באַהערשן זיך הייסט פּחדנות צי גבֿורה. נישט דער נאָמען איז דער עיקר. ווען ס׳איז נייטיק געווען, האָבן זיך באַהערשט די חשמונאים. ווען מען האָט געדאַרפֿט, האָבן זיך באַהערשט בר־כּוכבֿא און זײַנע חיילות — — — די וואָס שטייען מחוץ למחנה ווייסן דען, מיט וואָסערע װעגן און יסורים מיר קומען און נעמען־איַין דאָס לאַנד? און די וואָס געפֿינען זיך אינעווייניק, אין דער מחנה, די געוואַגטע, די וואָס חלומען װעגן ריטערשאַפֿט, וועגן דעם אַז ס׳איז אַ פֿאַרשוועכונג און בושה פֿאַר דער ווײַסער ראַסע, זיך צו לאָזן אָנגרײַפֿן פֿון שוואַרצהויטיקע, וואָסערע אומגעוואַגטע און אומפֿאַרשעמטע זײַנען זיי, ווען זיי בלײַבן בלויז צווישן אונדז, אין אונדזער תּחום, אין אונדזער משק?

גדעון האָט אַ פֿאָך געטאָן מיט דער אַבאַיע, דערנאָך האָט ער זיך גלײַכגעשטעלט, געמאַכט ווילדע תּנועות, ווי דער ראש פֿון אַ בעדוויִנער שבֿט, און זיך צעוויגט מיט אַ הייזעריק קול:

— אונדזערע ברידער ווערן געמאָרדעט בײַ דער אַרבעט און אויף דער שמירה. זיי ווערן געמאָרדעט אויף די וועגן און גאַסן. און ייִדן, רײַכע פּלאַנטאַטאָרן, גיבן־איבער זייער אַרבעט די רוצחים. אַרום לויערט חורבן און טויט... פֿון ייִדישע פּרדסים באַשיסט מען ייִדישע וועגגייערס. אין ייִדישע פּרדסים באַהאַלט מען באָמבעס פֿאַר ייִדן. און מיר? מיר האָבן זיך באַהערשט — — — דער פֿײַנד האָט אונדז געוואָלט אומברענגען מיט הונגער. דער ייִדישער פּויער, דער לאַנדווירט האָבן זיך אָנגעשטרענגט, האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פֿון די כּוחות, האָבן געוואָלט דורך סכּנות נפֿשות, איבער פֿאַרצוימטע וועגן און איבער מינירטע באַנשינעס, אונדז צושטעלן ס׳נייטיקסטע פּראָוויאַנט. מילך, פּוטער, טאָמאַטן. און ייִדן, ווילדע, פֿאַרפֿרעמדטע, עמלקס יורשים, האָבן אָפּגעקויפֿט בײַם פֿײַנד ס׳פֿאַרפֿוילטע גרינס. זיי האָבן עס אײַנגעוויקלט אין אַ לבֿוש פֿון אייגענער פּראָצע, עס פֿאַרקויפֿט פֿאַרן פּרײַז פֿון דער זעלביקער אויסגעבלוטיקטער פּראַצע... און מיר? מיר האָבן זיך ווידער באַהערשט — — —

מיטן ריידן און מיטן וויגן זיך האָט גדעון זיך אַלץ מער באַ־

גײַסטערט. ער האָט זיך אויסגעגלײַכט אַ שטײַפער, אַ דראַטענער, ווי אַ האַדזשאַ צו דער תּפֿילה. זײַנע דרשות, וואָס האָבן תּמיד אָנ־געמאַכט אַ טומל, אַרויסשלעפּנדיק חבֿרה פֿון דער קרשטאַל ביז צו דער באַקשטוב, האָבן איצט אויך געווירקט. די אַנגעלאָפֿענע האָבן אים אַרומגעקרײַזט. טייל האָבן זיך צוגעהערט פֿאַרגאַפֿטע. אַנדערע האָבן אונטערגעשמייכלט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

אַבאַן האָט עס געהויבן פֿון אָרט. וואָס פֿאַר אַ לעבעדיקער ווידערשפּרוך! וויפֿל געדאַנקען. אַזוי פֿיל סתּירות! אַ מענטש רײַסט אַ וווּנד נאָך אַ וווּנד, מוסרט און אין דער זעלביקער צײַט וועקט ער נישט צו ווידערשטאַנד. און ווער איז גדעון, אויף וועמען גאַנץ ראש־פּנה קוקט ווי אויף אַ שטראָפֿער, אַ מוכיח? ווער איז ער? אַ נביא צי אַ פּורים־שפּילער?

אַבאַ איז אויפֿגעשפּרונגען:

— שמד פּריידיקסטו, גדעון! ביסט נישט בײַ אונדז קיין פֿאַר־שטייער, נאָר אַ פֿוסגייער, אַ פּיעכאַטניק, דאָס ביסטו יאָ! און דערבײַ אַזאַ אָרעמער הימל־קריכער. ביסט איינער פֿון אַ פֿאָלק, וואָס טראָגט זיך זינט דורות מיטן ווינט, וואָס האָט פֿאַרגעסן דעם ריח פֿון דער ערד... צו וואָס זײַנען מיר געקומען אַהער? מיר האָבן געריסן היב־טער זיך בריקן, אָפּגעזאָגט זיך פֿון מנהגים און מסורות און אַלץ, כּדי צוריק זיך אײַנצוגראָבן ווי אַ קרעט אין דער ערד... מיר ווילן שלעפּן דעם מערבֿ אַהער, אין אָט דעם קליינעם מזרח־ווינקל. און דו קריכסט צום מזרח, צום מדבר, רײַסט זיך פֿון דער אייגענער פֿעל! וועלטן ווערן חרובֿ און דו פּריידיקסט עוואַנגעליע... צו וואָס דײַן אַבאַיע, גדעון? צו וואָס די באָרד, די סאַנדאַלן?... ווער דאַרף דאָס אַלץ? אַוועק מיט דער דעקאָראַציע! אַוועק מיטן שפּיל!

אַבאַ איז אַרויס אין הויף, און מיט איין שווים האָט ער זיך גע־טראָגן צום ביבליאָטעק־צימער. אויפֿן וועג האָט אים אָנגעשטויסן יעל. זי האָט אים דערלאַנגט אַ ווײַס האַנטעך, זייף, ער זאָל זיך גיין דושן. אַבאַ האָט אויפֿגעפּראַלט די טיר. אינעווייניק, בײַ אַ וואַרשטע ביכער, אין אַ ווינקל האָט ער אַוועקגעשטעלט די ביקס. ער האָט

פֿאַרשלאָסן די טיר, וואָס האָט געפֿירט צום לייענזאַל. און ווען ער איז געבליבן אַליין, האָט ער אַפּירגערוקט אַ פּירעקיקן קאַסטן מיט אַ געוועלבטן צודעק, ווי אַ געקאָוועטער קופּערט. ער האָט אַן עפֿן גע־טאָן, אַרויסגעזוכט אַן ענגלישן רעוואָלווער פֿון אַ שווערן קאַליבער. באַלד אים אויסגעביטן אויף אַ דײַטשישן „פּאַראַבעלום", אָנגעלאָדן איין מאָל, אַ צווייט מאָל, און אים אַרײַנגעשטעקט אין דער הינטער־קעשענע. אויף דער קני האָט ער צעוויקלט אַ קליינע טישמאַפּע ווי אַ מגילה, דערנאָך, מיט דער סטראַטעגישער גענויִקייט פֿון אַ פֿעלד־קאָמאַנדיר, האָט ער גענומען וואַכן איבער די פּונקטן, איבער די שנירלעך, וואָס האָבן זיך געשלענגלט פּונקט ווי די אָדערלעך אויף זײַנע צעפּלאָמטע שלייפֿן.

אין דעם אָנגעלאָדענעם אַבאָן איז אויפֿגעגאַנגען אַ ברומערײַ. אַלץ האָט אין אים געפּראַלט. ער האָט געוואָלט באַפֿעלן מיט די פּאַ־ליצעס ספֿרים, מיט די ווענט. און ס'געשריי האָט זיך געשטיקט אין אייגענעם גאָרגל. לאַנג האָט ער נישט געוואַרט. מיטן האַנטעך פֿאַרוואָרפֿן אַרום האַלדז איז ער צוריק אַרויס. אַ וואַרעם ווינטל האָט אים אַרומגענומען. ס'איז געווען העל. די ליכטיקייט, וואָס צע־רײַסט הימלען און ווישט הינטער זיך די נאַכט, האָט זיך איצט גע־שפּרייט איבער גאַנץ גליל.

די לבֿנה, אַן אויסגעלאָשענע, האָט זיך פֿאַרשטעקט הינטער אַ וואָלקן־חלק, געוואָרן וואָס אַ מאָל בלאַסער, בלאַסער, ווי אַ צינער־נער טעלער. פֿון דער הויך האָבן קעפּ פֿון צוואָרפֿענע בנינים גע־פֿינקלט אונטערן זונבלישטש. אַ מויער צו מזרח, אַ מויער צו מערבֿ, און דער פֿרימאָרגן האָט אַלץ אָנגעהייצט.

אַבאָ האָט זיך געלאָזט צום קראַן. ער האָט שטאַרק געוואָלט ס'זאָל רעגענען איבערן לײַב אַ קאַלטער שפּריץ, אָפּשווענקען די נאַכט־מידקייט. ער איז שטיין געבליבן אין הויף. אַלץ אין משק איז געווען אין שפּאַן. טראַקטאָרן, ווי שווערע מלחמה־טאַנקען, האָבן זיך געריטשט איבערן באַרג־שפּוע. בהמות האָבן אַרויסגעפֿירט פֿון די באַראַקן די מאַשינען און פֿעלדגעצײַג, וואָס מען האָט צוליב פּחד

פֿאַר רויב, פֿאַר פֿאַרניכטונג נישט געטאָרט לאָזן ביי נאַכט אויף די פֿעלדער. אָפּגעבערענטע, באָרוועסע מיידלעך מיט קאָלירטע טיכלעך אויף די קעפּ, ווי יונגע פּויערטעס, זיינען געווען צעוואָרפֿן איבער די גרינסגערטנער. פֿון די אָפֿענע פֿערדשטאַלן האָט זיך געהערט אַ הירזשעריי. די מענער האָבן זיך געפּאָרעט ביים איינשפּאַנען, ביים אָנזאָטלען. ס׳קליינוואַרג, מיטן ביסן צווישן די ציין האָט געהאָלפֿן אַרויסטרייבן די קי צו די גראָזפֿלאַכן. פֿון די געמויערטע הינער־שטייגן, ווי פֿון געעפֿנטע תּפֿיסות, האָבן זיך אַרויסגעשאָטן, מיט אַ געפֿלאַטער, הונדערטער פּאָר ליכטיקע עופֿות.

אַבאָ האָט זיך פֿאַרקוקט. דאָס רעכטע אויג האָט געגאַפֿט אויפֿן באַרג־אַראָפּלאָז, וואָס האָט זיך געקאָלערט צו מזרח־זייט. אין איי־זערנע און בעטאָנענע רערן האָט געשטראָמט קוואַלוואַסער אויף אַ מרחק פֿון טויזנטער מעטער און אָנגעטרונקען די בירקעס און די גרינס־פֿעלדער. די זעלביקע קוואַלן, וואָס זייערע וואַסערן ברענגען איצט שפֿע און זאַטקייט, זיינען אַ מאָל געווען דער מקור פֿון זומפּן און מאַלאַריע.

אויף אַבאָס פּנים האָט זיך צעשאָטן אַ גרימאַס. אינעם אויפֿגע־וועקטן פֿרימאָרגן, אינעם טומל אַרום האָט ער געזוכט די צערו־דערונג, אויבנאויפֿיק עס נישט געקענט פּאַקן און מיט אַ ביטערן שמייכל ווידער אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויפֿן באַרג־אַראָפּלאָז, וווּ ס׳האָט זיך געוויקלט אַ סטעזשקע.

אַ שאָטן, גרויס ווי אַ טעפּיך, האָט זיך געהויבן איבער דער סטעזשקע. דער שאָטן איז געקומען נענטער און געווישט דעם זונ־גאָס, וואָס האָט געפֿלייצט פֿון ביידע זייטן אויף די שורות קאַקטוסן. ביי אַבאָן זיינען די אויגן געקראָכן פֿון קאָפּ. וואָס רוקט זיך הינטערן שאָטן? אַ קעמל, באַלאָדן מיט זעק שווערע אַרבוזן, האָט זיך אַפֿיר־געוויגט. און איבער די אַרבוזן, אַ צונויפֿגעקאָרטשעטער, איבערגע־דעקט מיט אַן אַבאַיע, ווי מיט אַ ביידל, איז געריטן אַן אַראַבער.

פֿאַר אַבאָן איז מער נישט געווען קיין שטח אַריבערצוגיין. נישטאָ קיין זיכערקייט. אומעטום לויערט געפֿאַר. ער האָט אַ קוק געטאָן

אויפֿן אָנקומענדיקן קעמל — אַ שונא, ווען מען דאַרף אַטאַקירן, אַ צי צו דער הינטער־קעשענע, אַ נעם דעם אָנגעלאָדענעם „שפּײַער“. בלויז איין דריק אויפֿן צינגל — און די כּלי עפּנט אַ פֿײַער.

אַבאָ האָט דערשפּירט אַ קוועטש איבער די אַקסלען. ער האָט זיך אויסגעדרייט. פֿאַר אים איז געשטאַנען גדעון, אין די מדבר־קליידער, אַ טונקעלער און פֿאַרדעכטיקער, ווי אַ הימלאָזער בעדוינער.

גדעון האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ באַרג.

— לאָז אים דורך, אַבאָ!

— שטער נישט! — האָט אַבאָ זיך אַ ריס געטאָן.

— וועסט נישט שיסן!

— מיט דײַן שוואַכקייט ברענגסטו חורבן אויף אונדז, אויפֿן קיבוץ.

— דער כּוח פֿונעם שטאַרקן באַשטייט אין דעם, מען זאָל קענען פֿאַרגעבן! — האָט גדעון פֿאַרהאַקט די אויגן ווי צו אַ תּפֿילה.

אַבאָן האָט אַרומגעכאַפּט אַ חמימה. פֿון די אויגן זײַנען אַראָפּ הײַטלעך און ער האָט גענומען זען אויף מײַלן. צו וואָס זוכן דעם שונא אין די פֿעלדזן, אין די הײלן? אָט שטייט ער נעבן אים! ער, גדעון! ווי אַ וואַנט וואַקסט ער אויס, שטעלט־אַוועק אַ מחיצה צווישן אים און דעם קעמל־רײַטער. און וואָס דרייט ער, גדעון, אים אַרונטער די הענט? וויל ער אים אַרויסקלאַפּן דעם „שפּײַער“?

אַבאָ האָט אַ בריקע געטאָן מיטן פֿוס גדעונען גלײַך אין בויך אַרײַן. גדעון האָט זיך פֿאַרקרימט פֿאַר יסורים. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פֿאַרן לײַב, גלײַך די געדערעם וואָלטן זיך געהאַלטן בײַם אַרויסשיטן. באַלד איז ער געקומען צו זיך און אַ צערייצטער גענומען לויערן.

אַ ווײַלע האָבן ביידע זיך געראַנגלט. גדעון האָט געקלאַפּט מיט אַ פֿוס אויף אַבאָס רעכטער האַנטפּלאַך, ווו דער רעוואָלווער האָט געקלאַמערט. אַבאָ האָט פֿאַרוואָרפֿן זײַנע פֿינף פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט אויפֿן שונאס האַלדז. דער בראַונינג, אָנגעלאָדן מיטן

אָפֿענעם פּיסק, גרייט אויסצוקנאַלן, איז געפֿאַלן אין ווייכן זאַמד אַרײַן. מיט אַן אָנגעשרויפּטער פֿויסט האָט אַבאָ אַ שטויס געטאָן גדעונען אין דער גאָמבע אַרײַן, אים דערוויַטערנדיק אויף אַ שטח.

ער האָט אַראָפּגעריסן פֿון זיך ס'האַנטעך, אַראָפּגעריסן די צעפֿליקטע בליוזע. ער האָט אַראָפּגעצויגן פֿונעם רעכטן פֿוס אַ שווערן זעלנערשוך און אַן אָנגעלאָדענער, פֿול מיט רציחה, האָט ער זיך אײַנגעקנוילט אינעם שונא.

תל־אָביב 1937



3 דורות און אַלע פרומע ביז גאָר

נפתלי־הערץ אימבער
זלאָטשעוו 1856 — ניו־יאָרק 1908

## צו אַמעריקע

איך שייד זיך פון דיר,
דו לאַנד פון פרײַהייט,
קיין ירושלים פיר איך
מײַן הייליקע טרײַהייט.

אונטער דײַן אַדלערס פליגל
האָב איך רויִק געלעבט,
אָבער תמיד האָבן מײַנע געדאַנקען
נאָך ירושלים געשטרעבט.

איך האָב בײַ דיר געלערנט,
ווי אַזוי צו זײַן טרײַ,
דײַן לעקציע איז מיר הייליק,
דאָס הייסט: „מענטש, זײַ פרײַ!"

דאָרט, אויף דעם באַרג מוריה,
ווי אַ וועכטער וועל איך שטיין,
ביז אַלע ציונס פאָנען
וועלן אויפן הר־הזתים ווייען.

איך וועל אײַך מער ניט זען,
מײַנע ליבע ברידער,
נאָר פילן וועט איר מײַן ווי
בײַם זינגען מײַנע לידער.

ל. יפה

## קיבוץ־גליות

צום קאָנגרעס אין לאָנדאָן

ס׳קומט דער גרויסער יום־טובֿ ווידער,
די צוזאַמענקונפֿט פֿון ברידער,
וואָס פֿון אַלע עקן וועלט
שיקט דאָס פֿאָלק פֿון יעדער געגנט,
וווּ אַ ייִד נאָר ווערט באַגעגנט,
וווּ ער קעמפֿט נאָך ווי אַ העלד...

ווי פֿאַרשיידן פֿרעמד די ערטער,
פֿרעמדע שפּראַכן, פֿרעמדע ווערטער,
נאָר דאָס זעלבע איז דאָס ציל
און די האָפֿ׳נונגען וואָס בליִען
פֿאַר דעם פֿאָלק, פֿאַר אונדזער ציון
און דעם ייִדישן געפֿיל.

קלינגט אונדז שטאָלץ אין יעדן לשון:
אונדזער ליכט איז ניט פֿאַרלאָשן,
וואָס האָט אײביק אונדז געשײַנט!...
אונדזער גלאַנץ איז ניט פֿאַרלאָרן
פֿון די אַלטע, גרויסע יאָרן,
אונדזער האָפֿ׳נונג בליט נאָך הײַנט!...

אונדזער האַרץ איז ניט פֿאַרדאָרבן
און מיר קענען יעדן קרבן
ברענגען ווידער ווי אַמאָל
פֿאַר דעם פֿאָלק און פֿאַר זײַן לעבן,
און מיר האָפֿן אים צו געבן
טרײַע קעמפֿערס אָן אַ צאָל!...

1900

שלום עליכם

# פֿאַרבענקט אַהיים

נישטאָ אײן זאַך אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל דערפֿון נישט וויסן אין קאַסרילעווקע; נישטאָ אײן נײַס אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל דערפֿון נישט געוווּיר ווערן בײַ די קלײנע מענטשעלעך.

אמת, אַז עס קומט אָן אַהין, קומט דאָס אָן שוין אַ ביסל שפּעטלעך און נישט פֿון דער ערשטער האַנט. נו, וואָס זשע איז? אָן אומגליק אַ גרויסער? אַדרבה, מיר דאַכט, אַז ס'איז גאָר אַ מעלה, די גרעסטע מעלה.

וואָרעם צווישן אונדז רײדנדיק, וואָס האָבן אַ שטײגער, די קאַסרילעווקער ייִדן צו פֿאַרלירן, אַז זײ וועלן געוווּיר ווערן די הײַנטיקע נײַסן, די בשׂורות טובֿות, ישועות ונחמות, וואָס לאָזן זיך הערן אויף דער וועלט, חלילה וחס, שפּעטער מיט אַ חודש אָדער מיט צווײ, און אַפֿילו מיט אַ יאָר שפּעטער — אַ גרויס אומגליק!

הקיצור, די קאַסרילעווקער קלײנע מענטשעלעך זײַנען געוווּיר געוואָרן — אַפֿילו אַ ביסל שפּעטלעך — אַז ס'איז דאָ אַ וואָרט, וואָס הײסט ציוניזם.

תּחילת האָט ניט יעדער פֿאַרשטאַנען אַקוראַט, וואָס איז די טײַטש „ציוניזם". שפּעטער, אַז מע האָט אָנגעשמעקט אין קאַסרילעווקע דעם פּשט פֿון „ציוניזם", אַז עס נעמט זיך פֿון „ציון" וואָס אין סידור, און אַז ציוניסטן איז אַזאַ מין חבֿרה, וואָס האָבן חשק צו איבערפּעקלען אַלע ייִדן קײן ארץ־ישׂראל, איז געוואָרן אין שטאָט — וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? — חוכא וטלולא! מע האָט זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן. זײערע געלעכטערן, מײַן איך, האָט מען באַדאַרפֿט הערן פֿאַר אַ מײַל, און די גלײַכווערטלעך, וואָס זײַנען געפֿלויגן אויף ר' הערצל דעם דאָקטער, אויף דעם דאָקטער נאָרדען און אויף אַלע איבעריקע דאָקטוירים, וואָלט כּדאַי געווען, כּ'לעבן, מע זאָל זײ צונויפֿזאַמלען, פֿאַרשרײַבן און אַרויסגעבן באַזונדער אין אַ ביכל; איך

בין אײַך ערבֿ, אַז עס געפֿינט זיך אין זיי אַ סך מער זאַלץ און אַ סך מער פֿעפֿער ווי אין יענע לאַקריץ־זיסע ווערטער און קלוגע רייד, וואָס מע דרוקט זיי אַלע יאָר אין די לוחות אויף דער צווייטער זײַט...

אַ מעלה האָבן די קאַסרילעווקער לײַט, אַז כּל־זמן זיי לאַכן — לאַכן זיי, נאָר אַז זיי לאַכן זיך גוט אָן, הייבן זיי ערשט דעמאָלט אָן צעקײַען די זאַך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל און הייבן־אָן צו פֿאַרשטיין. אַזוי איז געווען אויך מיטן ציוניזם. פֿריִער האָט מען געלאַכט, געמאַכט חוזק, געזאָגט ווערטלעך; נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבן זיך צוהערן, וואָס מע רעדט און וואָס מע שרײַבט אויף די בלעטער, איבערחזרן און איבערקײַען „נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע ווידער צוריק“, און שפּעטער, אַז מען האָט דערהערט שמועסן עפּעס פֿון אַ באַנק, אַ ייִדישע באַנק מיט ייִדישע אַקציעס — און ווי באַלד אַקציעס, איז דאָך, אַ פּנים, די משמעות, אַז מע רעדט עסק, „געשעפֿט“, „לשון געלט“ — און מיט געלט וואָס קאָן מען הײַנטיקע יאָרן נישט אויספֿירן אויף דער וועלט? ובפֿרט נאָך בײַם טערק מיט דער רויטער יאַרמלקע, וואָס איז אַליין אויך אַ גוטער קאַסריליק גלײַך מיט אַלע קאַסרילעווקער? און פֿון דעמאָלט אָן האָט מען זיך גענומען אין קאַסרילעווקע צום ציוניזם גאַנץ געשמאַק. די קאַסרילעווקער זײַנען, ברוך השם, אַזעלכע לײַט, וואָס איר פּועלט בײַ זיי וואָס איר ווילט. דאָס, וואָס נעכטן האָט זיך זיי געדאַכט קרום ווי אַ קאָטשערע און שווער כּקריעת ים־סוף, איז בײַ זיי הײַנט גלײַך, וואָס גלײַכער קאָן שוין גאָר ניט זײַן, און גרינג ווי אויפֿעסן אַ בייגל אָדער אויסרויכערן אַ פּאַפּיראָס. אָפּקויפֿן בײַם טערק ארץ־ישׂראל — וואָס קאָן נאָך זײַן גרינגער דערפֿון? וואָרעם לאָמיר זיך ניט נאַרן, אין וואָס קאָן דאָ זײַן די מניעה? געלט איז דאָך ניט שײַך צו זאָגן; וואָס פֿאַר אַ ראָלע שפּילט בײַ אונדז געלט? אײן רויטשילד (ער זאָל נאָר וועלן) קאָן דאָך אָפּקויפֿן גאַנץ ארץ־ישׂראל מיט סטאַמבול און מיטן טערק אין איינעם. פֿאַרן מקח איז אַוודאי נישטאָ וואָס צו זאָרגן זיך! ס'איז דאָך עפּעס אַ געשעפֿט, וועט מען זיך דינגען; ממה־נפֿשך, אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף. בלײַבט איבער נאָר אײן זאַך: באַשר

וואָס? טאָמער וויל ער ניט פֿאַרקויפֿן? עט, נאַרישקייטן! פֿאַר וואָס זאָל ער ניט וועלן? והשנית, מיר זאָלן וועלן זיך גוט אויסרעכענען, זײַנען מיר דאָך מיט אים שטיקלעך אייגענע גאָר — ניין, טאַקע גאַנץ נאָענטע קרובֿים, אמתע שני שבשלישים, ייִדן און טערקן, יצחק און ישמעאל...

קיצור הדבֿר, מע האָט געמאַכט אַן אַסיפֿה און די אַנדערע און די דריטע — ס'איז געוואָרן מיט גאָטס הילף אַ „חבֿרה", און מע האָט געקליבן „טשלענעס" [1], אויסגעוויילט אַ פּרעזידענט, אַ וויצע־פּרעזידענט, אַ קאַזנאַטשיי [2] און אַ סעקרעטאַר און אַ קאָרעספּאָנדענט, גלײַך ווי אין אַלע לײַטישע שטעט; און איטלעכער האָט זיך פֿאַרשריבן שקל־געלט, ווער אַ קאָפּיקע און ווער צוויי קאָפּיקעס אַ וואָך. יונגע־לײַט האָבן געהאַלטן פֿלאַם־פֿײַערדיקע רעדעס, געזאָגט זייער שיינע דרשות. די ווערטער „ציון", „ציוניזם", „ציוניסטן" האָבן זיך געלאָזט הערן העכער און העכער. די נעמען „דאָקטער הערצל", „דאָקטער נאָרדוי" און די איבעריקע דאָקטוירים האָבן זיך געלאָזט הערן אָפּטער און אָפּטער. „טשלענעס" זײַנען געוואָרן וואָס ווײַטער מערער און מערער, און געלט האָט זיך אויך צונויפֿגעקליבן אַ היפּשע פּויטיקע, — האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אַסיפֿה און מע האָט זיך אָוועקגעזעצט באַקלערן, וואָס טוט מען מיטן געלט: צי מע זאָל דאָס קאַפּיטאַל דערווײַל איבערלאָזן דאָ אויפֿן אָרט, מאַכן אַ באַזונדערן „פֿאָנד" פֿאַר די קאַסרילעווקער ציוניסטן, צי מע זאָל דאָס אָפּשיקן אין צענטער אַרײַן, צי מע זאָל נאָך אַ ביסל צוואַרטן ביז עס וועט זיך צונויפֿקליבן אַ היפּשע סומע, און די שטאָט וועט ווערן אַן אַקציאָנער פֿון דער ייִדישער באַנק.

די דאָזיקע אַסיפֿה איז געווען, קאָן מען זאָגן, איינע פֿון די הייסע שטורעמדיקע אַסיפֿות אין קאַסרילעווקע. די דעות האָבן זיך צעטיילט: אַ סך זײַנען געשטאַנען פֿאַרן „צענטער", געזאָגט: מיר זײַנען מחויבֿ אונטערצוהאַלטן דעם „צענטער", וואָרעם אַז מיר וועלן ניט

---

[1] מיטגלידער, אָנפירערס. — [2] קאַסיר.

אונטערהאַלטן דעם „צענטער", און איר וועט ניט אונטערהאַלטן דעם „צענטער", — פֿון וואַנען זשע וועט ער ציִען חיונה?... אַנדערע האָבן געדרונגען פֿאַרקערט, אַז דער „צענטער" וועט זיך באַגיין אָן קאַסרילעווקע: „מיר זײַנען נישט מחויבֿ פֿאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט; עמעצער זאָרגט זיך דען פֿאַר קאַסרילעווקע? לאָז זיך יעדער אײַן זינען האָבן זיך — וועט אויך זײַן געניג"...

איז אויפֿגעשטאַנען דער פּרעזידענט, נח ר' יאָסילעס, אַ נגידס אַן אײדעם און אַ יונגער־מאַן אַ משׂכּיל, נאָך גאָר אָן אַ באָרד, און האָט געזאָגט עטלעכע וואַרעמע ווערטער:

— „פֿיר טויזנט יאָר — אַזוי האָט נח דער פּרעזידענט אָנגעהויבן און האָט גענומען אַ ביסל צו אַ הויכן טאָן — פֿיר טויזנט יאָר, אַז מע קוקט אויף אײַך פֿון דער הייך פֿון די דאָזיקע פּיראַמידן"!... מיט די דאָזיקע ווערטער האָט זיך אַמאָל געווענדט דער גרויסער נאַפּאָלעאָן צו זײַן גוואַרדיע, בשעת ער איז געגאַנגען אײַננעמען מצרים. כּמעט מיט די דאָזיקע ווערטער ווילט זיך מיר אָנהייבן מײַן הײַנטיקע רעדע צו אײַך, נאָר אַ ביסעלע אַנדערש: שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, ברידער, אַז מיר געפֿינען זיך... נישט אויף דער הייך פֿון די פּיראַמידן, נאָר טיף, נײַן איילן אין דער ערד. שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר קוקן־אַרויס... נישט אויף אונדזער „גוואַרדיע", נאָר אויף משיחן, ער זאָל קומען אונדז אויסלייזן פֿון גלות און אונדז ברענגען אַהין, אינעם לאַנד פֿון אונדזערע אָבֿות, קיין ארץ־ישׂראל... שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר פֿאַסטן אַלע שבֿעה עשׂר בתּמוז, עסן נישט קיין פֿלייש אין די נײַן טעג, און קומט תּשעה־באָבֿ, זעצן מיר זיך אין די זאָקן אויף דער ערד, וויינען און קלאָגן אויף חורבן בית־המקדש... שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר דערמאָנען זיבן און זיבעציק מאָל אַ טאָג ציון און ירושלים — און פֿרעגט: וואָס האָבן מיר געטאָן פֿון ציונס וועגן און פֿון ירושלימס וועגן?

אַן עבֿירה, כּ'לעבן, וואָס ס'איז אין קאַסרילעווקע נישטאָ קיין סטענאָגראַף, וואָס זאָל געוועזן קאָנען זײַן אויף יענער אַסיפֿה און

פֿאַרשרײַבן די אויסגעצייכנטע רעדע פֿון נח דעם פּרעזידענט אות באות, ווי עס פֿירט זיך אין לײַטישע שטעט. מיר מוזן זיך דעריבער באַגעניגענען נאָר מיט די עטלעכע ווערטער, וואָס מיר האָבן געבראַכט על־פּי זכּרון, און ברענגען דעם סוף פֿון דער דאָזיקער טאַלאַנטפֿולער רעדע אין קורצן:

— אַצינד — אַזוי האָט נח דער פּרעזידענט אויסגעלאָזט זײַן דרשה, און דער שווייס האָט גערונען פֿון אים טײַכנווײַז — אַצינד, אַז מיר האָבן זוכה געווען צו דערלעבן אַזאַ צײַט, אַז דער אַלטער קראַנקער ישׂראליק האָט זיך ווי אויפֿגעכאַפּט פֿונעם שלאָף, ער גלײַכט זיך אויס די אויסגעמוטשעטע ביינער זײַנע, קוקט זיך אַרום ווו ער איז אין דער וועלט, און זאָגט „בית־יעקבֿ לכו ונלכה — קומט, קינדער, לאָמיר גיין“! — באַדאַרפֿן מיר, רבותי, זיך נישט פֿאַרלאָזן אויף קיינעם, נישט אַרויסקוקן אויף קיין ניסים און נישט פֿאַרלאָזן זיך אויף אונדזערע גרויסע, וואָרעם אַז איר וועט זיך פֿאַרלאָזן אויף די גרויסע, וועט איר מעגן וואַרטן. ס'איז אַ סך גרינגער צו געהרגעט ווערן פֿון אַ דונער איידער אויסרײַסן בײַ אַ גבֿיר אַ קערבל אויף ציון. אַליין, אַליין באַדאַרפֿן מיר אָנהייבן צו בויען אונדזער גרויסן בנין. אם אין אני לי — מי לי?... אַוודאי מעגן מיר זיך איבערנעמען, אַז מיר האָבן דערלעבט אַזאַ צײַט, אַז ייִדן זאָלן גאָר האָבן אַ השׂגה צו ריידן פֿון אַן אייגענער ייִדישער באַנק! אַוודאי באַדאַרפֿן מיר זען, אַז קאַסרילעווקע זאָל ניט אָפּשטיין פֿון אַנדערע שטעט און קאַסרילעווקער ייִדן זאָלן אויך האָבן אַ חלק אין אונדזער „אייגענער ייִדישער באַנק“! איך מוז אײַך אָבער זאָגן, רבותים, אַז לויט די חשבונות, וואָס אונדזער קאַזנאַטשיי וועט אונדז דאָ באַלד פֿאָרשטעלן, האָבן מיר נאָך נישט די גאַנצע סומע אויף צו באַצאָלן אַפֿילו פֿאַר איין אַקציע. עס פֿעלט אונדז נאָך כּמעט העכער האַלב, דאָס הייסט, אַ פֿינף־זעקס קאַרבן. לכן, איז אַ יושר, ברידער, איר זאָלט זיך אָנטאָן אַ כּוח טאַקע דאָ אויפֿן אָרט און טאַקע באַלד צונויפֿלייגן זיך, איטלעכער וויפֿל ער קאָן, און זען, סע זאָל ווערן די גאַנצע סומע, צען רובל, גאָר אָן אַ שום תּירוץ!... און לאָזן אונדזערע

ברידער אויף דער גאַנצער וועלט וויסן, אַז אין קאַסרילעווקע זײַנען אויך פֿאַראַן ציוניסטן, וואָס סע ברענט אין זיי דאָס הייליקע פֿײַערל פֿון ציון, און לאָז דער דאָקטער הערצל זען, אַז זײַן האַרעוואַניע פֿון אונדזערטוועגן איז כאָטש ניט אומזיסט!...

*

פֿליעסקען מיט די הענט און שרײַען „בראַוואָ" — דערפֿון וויסט מען נאָך נישט אין קאַסרילעווקע — און דאַנקען גאָט, וואָס מע וויסט נאָך נישט. דער געפּילדער מיטן געשריי איז אַזוי אויך גענוג גרויס; מע זאָל נאָך דערצו דאַרפֿן פּאַטשן מיט די הענט און שרײַען „בראַוואָ", וואָלט מען גאָר טויב געוואָרן, צו אַל די שוואַרצע יאָר. דאָרטן, אַז עס געפֿעלט עמעצנס אַ וואָרט, גייט מען צו און מע גיט אים איבער דער פּלייצע.

— וואָס זאָגט איר אויף אונדזער פּרעזידענט, האַ?

— אַ פּיסק — דער רוח זאָל אים נעמען!

— און אַ קענער! ער האָט דאָך אויסגעמישט קאָשע מיט באָרשטש, גמרא און ספֿרים, און אַלע ביכער...

— מע באַדאַרף האָבן אַ קאָפּ פֿון אַ קלויסטער, מע זאָל דאָס אַלצדינג געדענקען אויסווייניק!

— בהמה! יענער זיצט טאָג ווי נאַכט און קוקט אין די ביכער אַרײַן!

בקיצור, ס'איז געבליבן, מע זאָל אויסשרײַבן אַן אַקציע. נאָר ס'איז גרינג צו זאָגן „אויסשרײַבן אַן אַקציע". ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער, אַז ייִדן ליגן ערגעץ פֿאַרשטעקט אין אַ לאָך, אין קאַסרילעווקע, און די ייִדישע באַנק איז ערגעץ ווייס איך ווו, אין לאָנדאָן? האָט זיך אָנגעהויבן אַ חתונה: בריוולעך; בריוולעך אַהין, בריוולעך אַהער. שמעיה דער סעקרעטאַר און דער קאָרעספּאָנדענט פֿון די קאַסרילעווקער ציוניסטן האָט זיך אָפּגעשריבן, ווי מע זאָגט, אַלע פֿינגער, ביז ער האָט באַקומען אַ קלאָרע ידיעה, וווהין און ווי אַזוי מע באַדאַרף שיקן דאָס געלט, נאָך דעם, אַז ער האָט שוין גוט גע־

ווּסט ווּהין און ווי אַזוי מע באַדאַרף שיקן דאָס געלט, האָט ער געהאַט אויף זיך אַ נײַ אומגליק — דעם קאָסרילעווקער פּאָסטמײַס־טער. דער באַקאַנטער קאָסרילעווקער פּאָסטמײַסטער, אַ גראָבער פּריץ און אַ גרויסער מפונק, קאָן נישט איבערטראָגן דעם ריח פון קנאָבל (כאָטש קנאָבל בײַם עסן האָט ער אַליין ליב דאָס חיות!). אַז עס קומען־אַרײַן צווי איבעריקע ייִדן אויף דער פּאָסט, האַלט ער זיך בײַ דער נאָז, שרײַבט און לייענט:

— שלום... שליאָמקאָ... טשעסנאָק[3]...

אַז שמעיה האָט אים דערלאַנגט דעם פּאַקעט, האָט ער אים אַ שמיץ געטאָן צוריק אין פּנים אַרײַן: ס׳איז ניט אַזוי געשריבן דער קאָנווערט ווי מע באַדאַרף. דאָס אַנדערע מאָל האָט ער אים אַ שמיץ געטאָן אין פּנים אַרײַן: ער זאָל גיין ברענגען טריוואָקס. דאָס דריטע מאָל האָט ער שוין ניט געהאַט צו וואָס זיך צו טשעפּען, האָט ער באַטראַכט דעם פּאַקעט פון אַלע זײַטן, גענומען שמעלצן דעם טריף און לייגן חתימות, און בשעת מעשׂה אַ פרעג געטאָן שמעיהן, נישט קוקנדיק אים גלײַך אין פּנים אַרײַן: „וואָס פאַר אַ געשעפטן האָט ער מיט לאָנדאָן, וואָס ער שיקט אַהין געלט?". האָט זיך אונדזער שמעיה קאָרעספּאָנדענט, אַ פּנים, אַרויסגעכאַפּט, צי אפשר האָט ער געוואָלט זיך באַרימען פאַרן פּאָסטמײַסטער (אַלע קאָרעספּאָנדענטן זײַנען גרויסע באַרימערס!):

— דאָס געלט — מאַכט ער — גייט גלײַך אין אונדזער אייגענער ייִדישער באַנק אַרײַן...

האָט דער פּאָסטמײַסטער אַ קוק געטאָן אויף שמעיהן ווי פאַר־חידושט:

— זשידאָווסקע באַנק? ווי קומט צו ייִדן אַ באַנק?

איז זיך מיישב שמעיה: אַז דו ביסט יאָ אַזאַ צורר היהודים, וועל איך דיר ווײַזן וואָס הייסט „זשעדאָווסקע באַנק"!... און גייט און דער־ציילט אים פּזמונות מיט גוזמאות (אַלע קאָרעספּאָנדענטן האָבן ליב

---

[3] (רוסיש) קנאָבל.

זוי פאַרשידן און פילפאַרביק איז דיין פאָלק ישראל!



1) קורדיסטאַן 2) קאַווקאַזער 3) בוכאַרער 4) אַ ליטוואַק 5) פערסישער ייד 6) תימנער ייד
7) וואָלינער ייד 8) העדזשאַס 9) אונגאַר 10) גאַליציע 11) פּוילישער ייד;

מגזם זײַן!), אַז די יידישע באַנק איז די ערשטע באַנק אין דער וועלט. זי פֿאַרמאָגט צוויי הונדערט טויזנט מיליאָן פֿונט שטערלינג ריין גאָלד. אויף אונדזער געלט איז דאָס אַזאַ סומע, וואָס ס׳איז שווער אויסצורעכענען, מחמת אַ פֿונט שטערלינג באַטרעפֿט אויף אונדזער געלט כּמעט אַ הונדערטער...

רופֿט זיך אָן צו אים דער פּאָסטמײַסטער, און טוט אַ לעק די חתימה מיט דער צונג און אַ קוועטש איבערן צעלאָזטן טריף:

— מאָל דיר, דאָס לייגסט דו שוין ווי אַ הונט! אַ פֿונט שטער־לינג איז קוים צען קערבלעך.

— דאָס איז אַ פּראָסטער פֿונט שטערלינג — וויל זיך שמעיה פֿאַרענטפֿערן — און אַ גילדערנער פֿונט באַטרעפֿט אַ סך מער!

— פּשאָל וואָן, דוראַק[4]! — זאָגט צו אים דער פּאָסטמײַסטער מיט אַ געלעכטער — ווענען דערציילסטו מעשׂיות? אַ ייִד מוז דיר זײַן אַ מאַשעניק[5]! אַ ייִד מוז עמעצן אָפּנאַרן! ס׳זאָל זײַן אָן אַנדערער אויף מײַן אָרט, וואָלט ער דיר מכּות צוגענומען דײַן פּאַקעט! דו ווייסט, אַז איך האָב רעכט אַרעסטירן דײַן פּאַקעט מיט דיר און מיט אײַער גאַנץ „קהל״ אין איינעם דערפֿאַר, איר זאָלט ניט אַריבער־שיקן אונדזער געלט קיין לאָנדאָן? מיר וועלן האָרעווען, אַקערן מיט דער נאָז די ערד און די יידעלעך וועלן קומען צו גיין אויפֿן גרייטן, פֿרעסן און זויפֿן, און נאָך נעמען און אַריבערפּעקלען אונדזער גאָלד דער שוואַרץ יאָר ווייסט וווהין, אין אַ „זשידאָווסקע באַנק״!...

שמעיה האָט שוין געזען, אַז ער האָט אָנגעאַרבעט אַ גוטע חתונה, האָט ער אָנגענומען אַ פֿול מויל און האָט אָפּגעשוויגן, ווי אַ קעצעלע. ער וואָלט אָפּגעגעבן איצטער מי יודע וויפֿל, ער זאָל קאָנען נעמען צוריק די ווערטער, ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעטלעך (אַ סך קאָרעספּאָנדענטן וואָלטן אפֿשר וועלן צוריקנעמען זייערע ווערטער מיט זייערע קאָרעספּאָנדענציעס, וואָס זײַנען פֿול מיט שקרים וכזבים, נאָר בלאָטע! צוריק כאַפּט מען ניש!). אונדזער קאָס־

[4] געגאַנגען פֿון דאַנען, שוטה! — [5] שווינדלער

רילעווקער קאָרעספּאָנדענט איז צופֿרידן געווען, אַז ער האָט אָפּגענומען דעם „רעצעפּיס" און איז אַוועק פֿון דער פּאָסט ווי אַן אָפּגעשמיסענער.

אַוועקגעשיקט דאָס געלט, האָבן די קאַסרילעווקער ציוניסטן אָנגעהויבן אַרויסקוקן אויף דער אַקציע פֿון טאָג אויף טאָג. ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ חודש און צוויי חדשים און דרײַ חדשים און פֿיר חדשים — נישטאָ, נישט קיין געלט, נישט קיין סחורה! האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צום סעקרעטאַר, צום קאָרעספּאָנדענט הייסט דאָס, טאָמער האָט ער ניט אַהין געשיקט דאָס געלט, ווו מע באַדאַרף, אָדער טאָמער האָט ער ניט אַזוי געשריבן דעם אַדרעס, ווי עס געהער צו זײַן — שמעיה האָט, נעבעך, געהאַט צו זינגען און צו זאָגן; לאָ־די, ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו שרײַבן בריוולעך אין קאָמיטעט, אין צענטער און אין לאָנדאָן, האָט ער נאָך באַדאַרפֿט אויסשטיין די טענות פֿון די קאַסרילעווקער לײַט מיט זייערע ווערטלעך, וואָס האָבן אים געשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ... פֿאַר די מתנגדים, דאָס הייסט, פֿאַר די ערלעכע, פֿרומע ייִדן און די חסידים, וואָס האַלטן נישט מיטן ציוניזם, איז דאָס דערווײַל געווען אַ שטיקל עסק: „מיר האָבן דען נישט געוווּסט פֿריִער, אַז עס וועט אַזוי זײַן? — האָבן זיי געזאָגט און געגרייצט זיך מיט די ציוניסטן — מיר האָבן אײַך דען ניט געזאָגט, אַז מע וועט נאָר אויסנאַרן די עטלעכע גילדן, און גיי, לאָד מיך צום ונתנה־תוקף?"...

האָט גאָט רחמנות געהאַט אויף אונדזער קאָרעספּאָנדענט און ס'איז אים אָנגעקומען איין מאָל אין אַ פֿרימאָרגן אַ בריוו פֿון לאָנדאָן, אַז די אַקציע, וואָס ער האָט אויסגעשריבן, איז שוין דאָ, דאָס הייסט, נישט דאָ, אין קאַסרילעווקע, נאָר אויף דער גרענעץ; מע באַדאַרף זי נאָר אָפּשטעמפּלען.

עס איז ווידער אַוועקגעגאַנגען אַ חודש און צוויי חדשים און דרײַ חדשים און פֿיר חדשים — נישטאָ קיין אַקציע! האָבן חבֿרה גענומען עסן דעם סעקרעטאַר: ווו איז דײַן אַקציע? נאָך שטעמפּלט מען זי?... און האָבן אים ניט געזשאַלעוועט קיין שטעכווערטלעך, ווי

דער שטייגער איז. אים, נעבעך, איז דאָס שטעמפּלען גוט געלעגן אין האַרצן, נאָך מער ווי די אַקציע אַליין; ער האָט פונעם שטעמפּ־לען שיִער געשפיגן מיט בלוט. האָט ער פאַרקאַטשעט די אַרבל און האָט זיך גענומען איבער אַ נייַעס שרײַבן בריוולעך בכל תפוצות ישראל. „היתכן? — האָט ער געשריבן — הישמע כזאת? מע זאָל אַזוי לאַנג האַלטן אַן אַקציע און שטעמפּלען זי? מע זאָל זי, דאַכט מיר, באַדאַרפן אָפּשטעמפּלען מיט צען טויזנט שטעמפּלען, וואָלט זי שוין אויך באַדאַרפט זײַן לאַנג אָפּגעשטעמפּלט!“... און דער חברה ציוניסטן האָט ער געזאָגט אַלע טאָג:

— משה נפשך, איר האָט געוואַרט אַזוי פיל, וועט איר וואַרטן נאָך אַ ביסל; אַזוי לאַנג, ווי עס האָט געדויערט, וועט שוין געוויס ניט געדויערן...

און כך הווה: עס האָט נישט געדויערט קיין נײַן חדשים אַפילו, איז אָנגעקומען אַ פּאַקעט אויף ר' יוזיפל דעם רבֿס נאָמען (אונדזער קאָרעספּאָנדענט האָט נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיטן פּאָסטמײַס־טער.) און אַז ס'איז אָנגעקומען דער פּאַקעט, האָט מען צונויפגערופן אַן אַסיפה פון אַלע טשלענעס, טאַקע בײַ ר' יוזיפל דעם רבֿ אין שטוב, און אַזוי ווי אַלע יידן, און קאַסרילעווקער יידן אַוודאי און אַוודאי, האָבן אומעטום און אַלע מאָל קיין צײַט ניט, און איטלעכער וויל תמיד זײַן דער ערשטער, איז קיין חידוש ניט, וואָס מע האָט זיך געשטופּט און געקוועטשט איינס דאָס אַנדערע, געקראָכן איינער דעם אַנדערן אויף די קעפּ, געריסן איינעם בײַם אַנדערן פון די הענט און באַטראַכט די יידישע אַקציע פון „אונדזער אייגענער יידישער באַנק“.

לאַנג־לאַנג האָבן די קאַסרילעווקער ציוניסטן זיך געשפּיגלט אין דער יידישער אַקציע פון „אונדזער אייגענער יידישער באַנק“. תחילת געזיפּצט און נאָך דעם געזאָגט איטלעכער באַזונדער אַן אַנ־דער המצאה; ס'איז געוואָרן עפּעס אַ ביסל פריילעכער, עפּעס לע־בעדיקער, ליכטיקער אויף דער נשמה, ווי איינער וואָס וואַלגערט זיך אין דער פרעמד, בענקט אַהיים, קוקט־אַרויס אויף אַ ידיעה, און

פּלוצעם נעמט ער אָפּ זייער, זייער אַ גוטן גרוס פֿון דער היים. ס'איז אי פֿריילעך, אי עס ציט דאָס האַרץ; עס גלוסט זיך גיין טאַנצן, און טאַקע אַ ביסל זיך אויסוויינען אין איין וועגס...

שפּעטער, אַז דער עולם האָט זיך גוט אָנגעקוקט, האָט ר' יוזיפֿל דער רבֿ, וואָס האָט פֿײַנט שטופּן זיך אויבנאָן, כאָטש ער איז אַ רבֿ, אַ זאָג געטאָן:

— אַנו, ווײַזט נאָר אַהער?

און ער האָט זיך אָנגעזאָטלט מיט אַ פּאָר ברילן, געקוקט, גע־קוקט, פֿאַוואָלינקע באַטראַכט פֿון אַלע זײַטן די „ייִדישע אַקציע פֿון אונדזער אייגענער באַנק", און דערזען ייִדישע אותיות, געדרוקט אויף לשון־הקודש, האָט ער אָנגעטאָן דאָס שבתדיקע היטל, גע־מאַכט אַ ברכה שהחיינו, און ווידער אַ מאָל געקוקט און געקוקט אין דער אַקציע אַרײַן, און דאָס פּנים האָט אים אָנגעהויבן ווערן עפּעס ווי מרה־שחורהדיק, און מע וואָלט געמעגט שווערן, אַז עס האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— רבי! וואָס זאָרגט איר זיך? — האָט מען אים אַ פֿרעג געטאָן.

— מע באַדאַרף זיך פֿרייען! טאַנצן באַדאַרף מען גיין! צום סוף... ווי קומט דאָס צו אײַך?...

ר' יוזיפֿל דער רבֿ האָט נישט באַלד געענטפֿערט. ער האָט אַרויסבאַקומען ערגעץ פֿון אַ קעשענע, וואָס הינטן אין דער קאַפּאָטע, כמעט בײַ די פּאָלעס, אַ משונה־מאָדנע פֿאַטשיילע, האָט אויסגע־שנײַצט כלומרשט די נאָז, נאָר אין אמתן מיין איך, אַז ער האָט אַ וויש געטאָן די אויגן, און אַ זאָג געטאָן מיט אַ זיפֿץ און מיט זייער, זייער אַן אָנגעבראָכן קול:

— כ'האָ' מיך פֿאַרבענקט אַהיים...

1902

שמואל־יעקב אימבער

## געוואַנדערט האָט יאָרן מיין זעל...

געוואַנדערט האָט יאָרן מײַן זעל,
דורכגעמאָסטן די וועלט אין איר גאַנג,
אָן פרייד געזען פריידפולע לענדער —
אָ, זעל, געווען ביסטו קראַנק!

און אומגעקערט האָט זיך מײַן זעל
פון בליענדע לענדער צוריק
צום לאַנד וואָס איז אָרעם און הייליק,
ווי אָרעם און הייליק — די וויג.

## דער שומר

אַרויסקומען זאָלסטו, מײַן מיידל,
ווען שטיל וועט שוין שלאָפן די נאַכט,
און צוקומען זאָלסטו, מײַן מיידל,
ווו ס'האַלטן די שומרים די וואַכט.

דאָרט וואַך איך בײַם גלאַנץ פון די שטערן,
צו היטן דײַן פאָטער פון בייז —
דאָך מוז הײַנט געגנבעט דאָרט ווערן
זײַן טעכטערלס הערצעלע הייס.

## לאַנד פון די בערגער

לאַנד פון די בערגער, פאַרלאָזן און וויסט,
לאַנד פון די טאָלן פול וויי,
לאַנד פון די בערגער און טאָלן, ווו ס'פליסט
דער אָטעם פון גאָט אויף דאָס נײַ.

ווען זע איך דײַן פּרצוף, ווי מײַן זעל — מײַן לאַנד,
ווען זע איך דיך שטאָלץ ווי מײַן גײַסט?
ווען זע איך געפֿאַלן פֿון טרויער די וואַנט —
געוואַקסן די מויער פֿון טרייסט?!

ווען זע איך דיך בליִען, ווי ס׳בליט אין מײַן טרוים
דײַן בילד, דו, מײַן הייליקע היים?
ווען וועסטו, אָ לאַנד מיט דעם זאַמדיקן זוים,
פֿאַרנעמען דעם בליטרוים וואָס כ׳טרוים?

## עס גרינען די פעלדער

עס ליגן די פֿעלדער יהודהס
און הערן אַ ליד נאָך אַ ליד,
אין צענדלינגער לידער צעטראָגט זיך
דאָס לויב פֿון דעם גליל וואָס בליט.

עס ליגן די פֿעלדער יהודהס
און קוקן פֿול קנאהס אַהין
צום יונגן באַזונגענעם גליל
און ווערן פֿאַר קנאה אַזש גרין.

אַהרן צייטלין

## אויפֿן וועג צו דער קאָלאָניע

### נאָוועלע

זי האָט געהערט צו דער קליינער אַריסטאָקראַטישער באַאַמטן־קאַסטע פֿון דער קאָלאָניע. איר טאַטע, דער הער קאָן, איז געווען אַ הויכגעשטעלטער יוּקאַ־באַאַמטער, אַ שטרענגער, פֿראַנצייזיש־רײדנ־

דיקער, קורץ־באַרדלדיקער ייִד, וואָס האָט זיך געבייזערט אויף די קאָלאָניסטן אָן רייד, מיט שווערע בליקן און הינטער די ברילן.

פֿון קינדווײַז אָן פֿלעגט זי אַרומשוועבן ווי אַ לײַכטער ווינט איבער דער ערד פֿון דער קאָלאָניע. זי האָט געבלאַנקט רויט און זאַפֿטיק, ווי ווײַנטרויבן ווען זיי זײַנען צײַטיק, און אירע ציין האָבן זיך געפּערלט ווי אַ שנירל וואַסער אין מיטן אַ מדבר. זי האָט גע־בליט, ווי נאָר פֿרויען קענען בליִען, און עס איז באַוווסט ,אַז פֿרויען־קערפּערס האָבן עפּעס פֿון אַ פֿלאַנץ, עפּעס אַזוינס וואָס וואַקסט כּסדר און איז מאָדנע בייגיק.

אַז איר פֿאָטער איז געוואָרן אַן אַלמן, האָט ער געלאָזט אויף ייִקאַס חשבון עפֿענען דעם גרויסן ביז דעמאָלט פֿאַרשלאָסענעם פּאַרק, און דער עולם פֿון דער קאָלאָניע, עלטערע ייִדן און יונג־וואַרג, איז פֿון דעמאָלט אָן געוואָרן שטענדיקער גאַסט דאָרטן: דער פּאַרק איז געוואָרן פֿון ייִקאַס אַ לוקסוספּאַרק, געבויט פֿאַר דער העכערער קאַסטע, די פֿראַנצייזיש־רײדנדיקע באַאַמטע — אַ מושבֿה־זאַך, אַ פּאַרק פֿאַר אַלעמען. דאָס האָט הער קאָן נאָכן טויט פֿון זײַן פֿרוי געקראָגן אַ הרהור־תּשובֿה. עפּעס האָבן מענטשן באַמערקט, אַז פֿון דעמאָלט אָן קוקט ער שוין נישט אַזוי פֿאַרביסן פֿון הינטער די ברילן און אַז ער לאָזט אַפֿילו זײַן געצערטלט טעכטערל זיך חבֿרן מיט די רײַכערע קאָלאָניסטן־טעכטער.

אָבער פֿאָרט איז די טאָכטער נאָך אַלץ געוואַקסן שטאָלץ און אָפּגעשלאָסן. איר טאַטע האָט טאַקע געעפֿנט דעם פּאַרק, נאָר אַ צווייטן בליִענדיקן פּאַרק האָט ער געהאַלטן פֿאַרשלאָסן מיט שיילאָקישער קאַרגשאַפֿט: זײַן טאָכטער.

און ער, סעדיה?

ווען ער האָט געענדיקט די פֿאָלקשול — האָט ער שוין קיין על־טערן נישט געהאַט. ירושה איז אים געבליבן סך־הכּל אַ שטיקל ערד, וואָס ער האָט פֿאַרנאָכלעסיקט און קיין מאָל נישט באַאַרבעט, און אַ בריטשקע מיט אַ פֿערד. האָט ער אָנגעהויבן פֿירן פּאַסאַזשירן פֿון אײן קאָלאָניע אין דער צווייטער. אַ בעל־עגלה־יונג. אָבער איידל־

קייט — אַזאַ באַהאַלטענע און דינע, ווי אַ קלאַנג פֿון אַן אָקאָרשט־דערוואַכטער פֿידל — איז געלעגן אין די ווינקלען פֿון זײַנע ליפּן. און די אויגן האָבן געגליט בײַ אים, ווי בײַ אַ שאַקאַל ווען ער לויפֿט־פֿאַרבײַ אַ בליִענדיקן כּרם.

פֿון די טונקלסטע קינדהייט־יאָרן האָבן די שאַקאַלישע אויגן בגנבֿה געלויערט אויף הענריעטס געשטאַלט. און זי, הענריעט, די טאָכטער פֿון אַריסטאָקראַטישן הער קאָן, האָט דאָך נישט געקאָנט וויסן, אַז ווען זי האָט אירע פֿינגער, — די קליינע, גוט־געפֿלעגטע, קײַלעכדיק־בראָנדזענע פֿינגער, וואָס האָבן דערמאָנט אין אײדעלע אַלטע מטבעות — געלייגט אויף די קלאַווישן בײַ דער שײַן פֿון אַ גאָלדענעם ליכט אינעם קאַנדעליאַבר, פֿלעגט בשעת־מעשׂה, הינטער דעם אָפֿענעם פֿענצטער, בײַם גערטל, אונטער די ערשטע שטערן, שטיין סעדיה און טראַכטן פֿון איר, ווי אַ בלינדער טראַכט וועגן דעם דרויסן, וואָס נאָר זײַנע קולות הערט ער און זײַנע פֿאַרבן זעט ער נישט.

אין פּאַרק איז געשטאַנען אַן אַלטער קײַלעכדיקער שטאַם פֿון אַן אָפּגעהאַקטן בוים. און נישט ווײַט, קעגנאיבער אים, איז אַ צווייטער געשטאַנען, אַ נידעריקערער. האָט דער ערשטער שטאַם אויסגעזען ווי אַ טיש און דער צווייטער — ווי אַ שטול צום טיש.

אויף אָט דער נאַטירלעכער שטול פֿלעגט ליב האָבן צו זיצן סעדיה. ער פֿלעגט זיך פֿאָרשטעלן, ווי אויף דעם קײַלעכדיקן טישל, קעגנאיבער אים, זיצט פֿאַרלעגט אַ פֿוס אויף אַ פֿוס הענריעט.

ער פֿלעגט אויסשטרעקן אַ האַנט צו איר, געוואָלט אַרומנעמען אירע פֿיס — און ער האָט גאָר אָנגעכאַפּט אַן אַלטן קײַלעכדיקן שטאַם פֿון אַן אָפּגעהאַקטן בוים.

דאָ פֿלעגט ער זיך דערמאָנען, אַז דעם פּאַרק האָט געעפֿנט פֿאַר דער קאָלאָניע איר פֿאָטער, אַז פֿריִער פֿלעגט מען אַזעלכע ווי ער נישט אַרײַנלאָזן דאָ, און אַ וויטיק פֿלעגט אים אַוועקיאָגן פֿון אָרט, אַזאַ עקבערדיקער, שלעכטער וויטיק, וואָס האָט געפּײַניקט ווי אַ לאַנג־אָנגעשטעלטער, פֿאַרניכטנדיק־בייזער בליק פֿון אַ סאַדיסט.

*

הענריעט, דעם הער קאָנס טאָכטער, האָט חוץ איר פֿראַנצייזישן נאָמען, געהאַט אויך פֿראַנצייזישע תּנועות, אויסגעלערנטע ביי איר נאָענטסטער אַרומיקייט, אַ פּאַריזערישן שמייכל אין די שאַרף-געשניטענע אייגלעך, און יענץ גענגל, וואָס מאַכט אַ פֿרוי ענלעך צו אַ גרויסן פֿאַרביקן פֿויגל.

און ס'איז דאָך גאָר קיין חידוש נישט, וואָס אַלט-ווערנדיק צוואַנציק יאָר און זיך לאַנגווייליקנדיק אין דער קאָלאָניע, ווו מ'קען אַפֿילו קיין רעכטן ראָמאַן נישט פֿירן מיט וועמען עס איז, איז זי אָפּגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט איר מומע — אַ געעלטערטע גראַנדדאַמע מיט אַ גוידער, מיט ברעלאַקן און מיט לאָקן — קיין פּאַריז, כּדי דאָרט צו ווערן אַ מושלמת אין עלעגאַנץ, גרויסוועלטישקייט און אַלץ וואָס קען נאָר האָבן אַ שייכות מיט יונגער בודואַריש-פּערפֿומירטער און וואַרעם-זיידענער דאַמיש-קייט, וואָס מאַכט פֿון אַ פֿרוי — אַ לעבעדיק פֿלאַקאָנדל פֿון אָ-דע-קאָלאָן...

און אַז הענריעט איז געפֿאָרן קיין פּאַריז — — —

אַך, און אַז הענריעט איז געפֿאָרן קיין פּאַריז — איז דער טאָג געווען נישט קיין פֿאַרוואָלקנטער און הינטיש-דערשלאָגענער, נאָר גראָד אַ פֿריש-געצוואָגענער און אַ בלויער, ווי די בלויע און שאַרף-געשניטענע אייגלעך פֿון דעם זייער חשובֿן קאָנס בת-יחידה.

אָבער פֿאַרוואָלקט און הינטיש-דערשלאָגן איז געווען דער פֿור-מאַן, וואָס האָט געפֿירט צו דער נאָענטסטער סטאַנציע זי, די בת-יחידה, מיט איר טאַטן, דעם חשובֿן הער קאָן, און איר מומע, די געעלטערטע גראַנדדאַמע מיט די דיקע הענט. די אומרויִקע אויגן פֿון דעם בעל-עגלה-יונג, אָדער (לאָמיר ריידן אַ ביסל דעליקאַטער) יונגן בריטשקע-אייגנטימער, האָבן אויסגעזען ווי קראַנקע קינדער, וואָס האָבן מורא צו וויינען, טאָמער שיקט די מאַמע נאָכן דאָקטער...

נאָר דעם אומרו אין סעדיהס אויגן האָט געקאָנט זען בלויז די לויערנדיקע ווייטקייט פֿון די בערג.

אַזוי איז הענריעט אין דער באַגלייטונג פֿון איר מומען בשלום אָנגעקומען אין דער שטאָט פּאַריז, וווּ עס שטייען אַזוי פֿיל שלאַנקע טעאַטער־בנינים, ווי הויכע עלעגאַנטע קעלנערס מיט סערוועטלעך אונטער די אָרעמס — די סערוועטן זײַנען געווען די פּראָגראַם־אַפֿישן אויף די ווענט פֿון די טעאַטערס — און ווו...

נאָר אייגנטלעך איז הענריעט נישט געפֿאָרן אַהין אויף שטענ־דיק. אַהין איז זי געפֿאָרן, ווי אַנדערע אירס גלײַכן, כּדי צו זען פֿריִער די וועלט און דערנאָך זי, די וועלט, אַהיימברענגען אַ פֿאַר־חתמעטע אין גאַרדעראָב־שטיקער, פּודעלעך און פֿלאַקאָנדלעך. אירע ווײַסע ציין האָבן סײַ ווי נישט געקאָנט אויסקומען אָן דעם רויטן פֿלייש פֿון די היימישע אַפּעלסינען. און ווי יעדע געבוירענע אין ארץ־ישׂראל האָט שוין קיין שום מדינה נישט געקאָנט איר פֿאַר־טרעטן די היים, וואָס ליגט דורות־לאַנג ווי אַ שלאָפֿנדיקע כּלה צווישן צוויי שפּיגלען:

אַ הימל־שפּיגל — צוקאָפּנס.
אַ ים־שפּיגל — צופֿוסנס.
זי איז צוריקגעקומען.

*

און אַז אין אַ יאָר צוויי אַרום איז הענריעט צוריקגעקומען, האָט זי געפֿירט אין דער קאָלאָניע אַרײַן דער זעלביקער סעדיה מיט די שאַקאַלן־אויגן. זי האָט אים געקענט, ווי זי האָט בכלל געקענט אַלע פֿון איר געבורט־קאָלאָניע. געקענט פֿון זען, נאָר גערעדט האָט זי מיט אים ערשט איצט דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן. אַ שײַנענ־דיקע, אַ רײַפֿע, אַ הויך־געוואַרענע, האָט זי נישט ווילנדיק געוואָרפֿן ווערטער צום הויכן יונג, אויסגעפֿרעגט, זיך געוווּנדערט, פֿאַר וואָס זי האָט ביז איצט קיין מאָל נישט גערעדט מיט אים. זיך אײַנגעה־הערט לאַנג־לאַנג אין זײַן קול, ווי אין ווײַטע טענער, און גע־שמייכלט.

ער איז געפֿאָרן האַלב אויסגעדרייט צו איר, אַ פֿאַררויטלטער, געוואָלט באַהאַלטן די שאַקאַלישע אויגן זײַנע, ווי גרייט זיי אַוועק־

וואַרפֿן אין מיטן וועג, פֿאַרוואַרפֿן אונטער אַ קוסט ערגעץ, ווי הגר האָט פֿאַרוואָרפֿן איר קינד אינעם מדבר.

העגריעט איז געפֿאָרן — און די כּלה ארץ־ישׂראל, וואָס הויערט שמייכלענדיק צווישן די שפּיגלען, האָט פֿון שלאָף אַרויס געצויגן צו איר די אַלט־יונגע אָרעמס פֿון פֿעלדער.

דאָ, אויף די פֿעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן צווישן דער קאָ־לאָניע און דער באַנסטאַנציע, אונטער די באַגריסונגען פֿון פֿאַרבײַ־גייענדיקע אַלטע אַראַבער, האָט זי, אַוועקקערנדיק איר בליק פֿון דעם טאָג, אַרײַנגעקוקט אין זיך און דערזען: טיף אין איר ליגט אויך אין תּאווה־שלאָף אַ כּלה, וואָס שפּרייט די אָרעמס. זי האָט אויפֿגע־הויבן דעם קאָפּ און איר בליק האָט זיך געטראָפֿן מיט סעדיהס שאָקאָלן־אויגן. זי האָט אים עפּעס צערטלעך אַ פֿרעג געטאָן. ער האָט זי אויפֿמערקזאַם אָנגעקוקט און דערנאָך איז זי געבליבן זיצן אין דער בריטשקע אַ דערשראָקענע, האָט געזען זײַן געזונטן קאָרק, וואָס באָדט זיך אינעם ווינט, זײַנע הענט, וואָס זײַנען געפֿלויגן צו דער זון פֿונעם טאָג, פֿאָכענדיק מיט די לייצעס...

זײַנע הענט זײַנען געפֿלויגן און זי האָט זיך געשראָקן. זי האָט געטראַכט, קוקנדיק אויף זײַנע פֿליִענדיקע הענט, אַז אַלץ איז מעג־לעך, אַז זי קען ליב קריגן אָט דעם מענטש, אַז אפֿשר האָט זי אים שוין ליב, וואָרעם זי קען צו אים אַנדערש נישט ריידן ווי צערט־לעך און דערשראָקן, אַז עס קען געשען אַזוינס, וואָס זאָל אויף אַ רגע אָפּשטעלן די זון אויבן און דאָס בלוט אין אירע אָדערן...

און צוליב דעם איז זי געפֿאָרן קיין פּאַריז? צוליב דעם האָט מען צווי און צוואַנציק יאָר געצערטלט איר קערפּער און אָפּגעהיט אַזוי אָראַנזשערעיִש־וואַרעם, כּדי אַ פּראָסטער יונג פֿון זייער קאָלאָ־ניע זאָל דאָס אַלץ אַוועקטראָגן אויף זײַנע פֿליִענדיקע הענט?

און וואָס וועט זאָגן דער הער קאָן? וואָס וועט מען זאָגן אין דער קאָלאָניע? זי האָט פֿאַרויסגעשפּירט עפּעס, פֿאַרויסגעזען קומענדיקע סיטואַציעס, זיך פֿאָרגעשטעלט ווי זי וועט אַ סך, אַ סך וויינען, ווי דער טאַטע קאָן וועט נישט קאָנען צו זיך קומען, ווי פֿאַרבײַ איר

פֿענצטער װעלן דורכװאַנדערן אַ סך שלעכטע טעג און שלעכטע נעכט, נאָר צום סוף װעט מען געבן דעם יונג אַ גרױס שטיק ערד פֿון דער יק״אַ. מען װעט אים אַ ביסל „בילדן“, אים אױסלערנען ברעכן די צונג אױף פֿראַנצײזיש און דער יונגער פֿריש געבאַקענער קאָלאָניסט װעט װערן איר חתן...

און סעדיה איז געפֿלױגן... אָט האָט ער, דוכט זיך, די אױגן אַװעקגעװאָרפֿן ערגעץ, פֿאַרשלײַדערט אין עק װעלט, און ער פֿאָרט איצט אָן אױגן, געיאָגט פֿון פֿאַטום, שמײַסט דאָס פֿערד און שפּירט בלױז, װי זײַן בלוט, דאָס גאַנצע בלוט, שװימט צו דער װײַטקײט.

אָנונגען... אָנונגען...

די װעלט האָט זיך צוגעהערט צו עפּעס, צוגעגרײט, געלױערט און אָפּגעװאַרט...

ס׳האָט שױן געמוזט זײַן נאָענט צו דער קאָלאָניע.

זײ זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן אין אַן ענגן לאַנגן שפּאַלט, װאָס האָט זיך געשלענגלט צװישן צװײ בערג בײַ בײדע זײַטן װעג.

סעדיה האָט פּלוצלינג צוריקגעקראָגן זײַנע שאַקאַלן־אױגן. ער האָט אָנגעכאַפּט הענריעטן בײַם אָרעם, זיך דאָרשטיק צוגעבױגן — און הענריעט האָט דערשפּירט, אַז ס׳איז נישטאָ קײן אױסגאַנג, אַז די װעלט איז שמאָל געװאָרן, אַז אין לאַנגן ענגן דורכפֿאָר צװישן די בערג איז פּלוצלינג אַרײַנגעגאַנגען די ליבע, װי עפּעס אַ משוגענער קאָנדוקטאָר װאָלט אַרײַן קאָנטראָלירן די בילעטן גראָד דעמאָלט, װען דער צוג פֿאָרט־פֿאַרבײַ דורך אַ פֿינצטערן, שװאַרצן טונעל...

ערגעץ הױך האָט װי אַ פֿױגל געשװעבט אַן אָפּגעהאַקטע זילבערנע האַנט פֿון אַ װאָלקן...

די בריטשקע איז אַ רגע שטײן געבליבן — און צװישן סעדיהן און איר איז פֿאָרגעקומען יענער ערשטער הײס־האַסטיקער אױסטױש פֿון װילדע צערטלעכקײטן, װען אַל דאָס אַרומיקע גיט זיך אַ װאַקל, רוקט זיך אָפּ אין אַ זײַט און װערט נעלם, און װען נאָר דער שיקזאַל אַלײן, װאָס פֿירט־צונױף צװײ מענטשן, בלײַבט שטײן און װיגט איבער זײער קאָפּ זײַן געהײמע װאָגשאָל.

1920

אפרים אויערבאַך

## אונדזערע פעלדער און וועלדער

אַנד׳רע פּעלקער האָבן וועלדער,
מיר — נאָר יונגע ביימער;
יענע וועלדער היטן זעלנער,
אונדז׳רע היט דער שומר...

יענע וועלדער זײַנען אַלטע,
ברייטע צווײַגן־קרוינען;
אונטער די געדיכטע צווײַגן
ווילדע חיות וווינען...

ס׳קען די זון אַהין נישט שיקן
אירס אַ שטראַל, אַ שטיפער;
און געדיכטער ווערן שאָטנס
אינעם וואַלד וואָס טיפער...

אונדז׳רע זײַנען זון באַגאָסן,
שלינגען דאָרשטיק שטראַלן;
אין דער ערד די יונגע וואָרצלען
זוכן וואַסער־קוואַלן...

און מיר פרייען זיך ווי קינדער,
ווען אַ צווײַג ווערט גרעסער;
ווען די יונגע גרינע פּרוכטן
שנײַדט צום ערשט דאָס מעסער...

יענע וועלדער זײַנען מײַלן,
אונדז׳רע זײַנען שפּאַנען,
אָבער האָפענונג און ליבע
איז אין זיי פאַראַנען...

1920

אַברהם רייזען

## ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ ציוניסט

די בעסטע צײַט צו לייענען צײַטונגען אין קאַפֿע „אָריענטאָ“ אין בערלין איז אין דער פֿרי. דאָס קאַפֿעהויז מאַכט דעמאָלט דעם אײַנדרוק פֿון אַ קלויז, אין וועלכער עס איז שוין נאָכן דריטן מנין, און עס זײַנען בלויז געבליבן עטלעכע ייִדן לומדים, וואָס זיצן נאָך איבער אַ פּרק משניות, אַ בלאַט גמרא אָדער איבער אַ ספֿר סתּם.

די געסט אין דער פֿרי זײַנען געציילטע, אָבער דערפֿאַר שטענדיקע. און דעריבער טאַקע הייסן זיי שטאַמגעסט. צווישן זיי געפֿינען זיך אַ פּאָר בטלנים, דאָס הייסט, אַזעלכע וואָס לייענען די צײַטונגען זייער ווייניק, מער זיצן זיי אַזוי מיט דער צײַטונג אין דער האַנט און טראַכטן פֿון נעכטיקע טעג און רויכערן דערבײַ זייערע ציגאַרן; אַ פּאָר אָבער זײַנען דאָ אמתע מתמידים, וואָס זיצן על התּורה ועל העבֿודה און שטודירן די „פֿראַנקפֿורטער צײַטונג“, נאָך דער „פֿראַנקפֿורטער“ נעמט מען זיך צו דער „פֿאָסישער“, און אַז די „פֿאָסישע“ צײַטונג איז שוין אויך דורכגעלערנט, נעמט מען זיך צום „פֿרעמדענבלאַט“. עס איז דאָ, גאָט צו דאַנקען, וואָס צו לייענען, אַבי מען וויל נאָר!

אָבער דער גרעסטער מתמיד פֿון די צײַטונג־לומדים איז דאָרט איינער אַ יונגער־מאַן פֿון אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק, נישט רײַך, אָבער אָנשטענדיק געקליידט. דער דאָזיקער יונגער־מאַן קומט אין „אָריענטאָ“ כּמעט צו וותיקין[1]. טאַקע באַלד ווי מען עפֿנט עס אויף. קומט ער צו גיין מיט אַ שוואַרצן רימענעם פֿול־געפּאַקטן פּאָרטפֿעל, וואָס מאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ טלית־און־תּפֿילין־זאַק... ער זעצט זיך אַוועק אויף זײַן שטענדיקער שטאָט[2] אין מזרח, ווו עס געפֿינען זיך די פּאָליצעס מיט די צענדליקער צײַטונגען און זשורנאַלן,

---

[1] פֿון אַלטע שטאַמגעסט. — [2] פּלאַץ (ווי אַ חזקה).

און באַשטעלט אַ „בערלינער קאַפע". נאָך דעם גייט ער צו מיט אַ פרומער, ערנסטער מינע צו די פּאַליצעס און נעמט זיך אויסזוכן דאָס זייניקע. קודם געפינט ער „די וועלט" מיטן געלן שער-בלאַט. האָבנדיק זי שוין, באַקומט זיין פּנים אַ צופרידענעם איינדרוק. נאָך דעם זוכט ער אויס „די יודישע רונדשוי". מיט די דאָזיקע צוויי וואָכנבלעטער זעצט ער זיך צוריק אַוועק אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ און הייבט־אָן מיט התמדה צו לייענען.

דעם דאָזיקן יונגן־מאַן האָב איך אַ לאַנגע צייט „באַאָבאַכטעט". ער איז מיר וואָס אַ מאָל מיט זיין לייענען די ציוניסטישע צייטונג אינטערעסאַנטער געוואָרן. אָבער איך דריק זיך ניט ריכטיק אויס — די צייטונגען האָט ער ניט געלייענט — ער האָט זיי געלערנט.

דער אויסדרוק פון זיין פּנים האָט ביים לייענען ביי אים זיך געענדערט. דאָ איז עס געוואָרן קאָנצענטרירט ביי אַ שווערער פראַגע, דאָ האָט עס גענומען לויכטן ווי ביי אַ גוטער בשורה, דאָ האָט עס אויסגעדריקט פּראָטעסט, ווי ביי אַ מיינונג פון אַ קעגנער, און דאָ האָט עס געשמייכלט כמעט קינדיש, ווי עס וואָלט געזאַמלט גע־וואָרן ערגעץ אַ גרויסע צאָל שקלים.

דאָס איז אַ פייערדיקער ציוניסט! — האָב איך באַשלאָסן, — און כאָטש נישט נאָר פייערדיקע, אַפילו לעבלעכע ציוניסטן זיינען מיר נישט שטאַרק נאָענט צום האַרצן, האָב איך דאָך שטאַרק געוואָלט קענען לערנען דעם דאָזיקן אויסערגעווײנטלעכן „לייענער".

עס איז מיר געלונגען. דערוויסנדיק זיך, אַז איך בין ניט קיין ציוניסט, האָט ער לכתחילה געפּרוּווט מיך באַקערן מיט גוטן. קודם האָט ער מיר באַוויזן, אַז אין „גלות" זיינען ניטאָ קיין אויסזיכטן פאַר אַ נאַציאָנאַל־קולטור לעבן. האָב איך עס אים, נאַטירלעך, אָפּגע־לייקנט. האָט ער זיך אָנגעהויבן צו אַמפּערן מיט מיר און מיר פאַר־געוואָרפן דעם זשאַרגאָן, וואָס מען רעדט אין גלות.

האָט מיר שוין די מעשה שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב אים אָפּגעענטפערט, אַז דער העברעיִש אין ארץ־ישראל איז ערשט אַן

אמתער זשאַרגאָן און האָב אים געבראַכט ציטאַטן פֿון „הפּועל הצעיר״ און פֿון „האחדות״.

האָט ער מיר צוריק פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז דער זשאַרגאָן אין אַמע־ריקע איז געמישט העלפֿט מיט ענגליש. האָט דאָס מיר ערשט אַ ברי געטאָן:

— סטײַטש, איך קען אַזוי גוט דעם אַמעריקאַנער „יודיש״ און דער ציוניסט קומט און דערציילט מיר מעשׂיות...

האָב איך אים געזאָגט, אַז ציוניזם איז קעגן גײַסט פֿון פֿאָלק און ער פֿירט צו אַסימילאַציע און האָב אים געבראַכט אַ ראַיה פֿון דער שטאָט ווין.

— ווין — זאָג איך אים — איז פֿאַרן ציוניזם געווען אַ ייִדישע קהילה און איצט האָבן די ווינער ייִדישע צײַטונגען אַלע וואָך אַ רו־בריק פֿאַר די אַרויסגעטראָטענע פֿון ייִדנטום.

האָט ער מיר אויפֿגעוויזן צוריק, שוואַרץ אויף ווײַס, אַז אין ניו־יאָרק האָבן ייִדישע מיידלעך חתונה פֿאַר איטאַליענער.

האָב איך אים תּוך כּדי דיבור געזאָגט, אַז ווי די אַראַבער וועלן נאָר ווערן קולטורעלער, וועלן ייִדישע מיידלעך חתונה האָבן דווקא מיט אַראַבער.

האָט ער, פֿון זײַן זײַט, מיט גרויס בקיאות מיר קלאָר געמאַכט, אַז די העברעיִשע קולטור אין ארץ־ישׂראל וועט באַהערשן די אַראַ־בישע...

דאָס האָט שטאַרק מיך פֿאַרברענט: שוין ווילסטו באַהערשן! און איך האָב אויסגעשאָסן מיט גרימצאָרן:

— יאָ, מיר ווייסן אײַערע צילן. דער ציוניזם האָט אַפּעטיט, אָבער מען וועט געבן איבער די הענט...

און איך בין אַזוי בייז געוואָרן, אַז איך האָב פֿאַר כּעס אַזש געציטערט. ער ווידער האָט אין גאַנצן געפֿיבערט.

— איר זײַט אַ פֿאָלקס־פֿאַררעטער! — האָט ער געשריִען.

— און איר זײַט אַ בורזשואַזנע פּאַרטיי. מען קען אײַך! נאָר מיר וועלן קעמפֿן מיט אײַך!

און אַזוי איז געווען יעדן פרימאָרגן. צעקריגט זיך, זײַנען מיר ווי צוויי העגער געזעסן איינער קעגן דעם אַנדערן און פאַר כּעס מער נישט גערעדט.

ער איז שרעקלעך בייז, וואָס איך בין אַזוי אײַנגעעקשנט. איך בין שטאַרק אויפגערעגט, וואָס אַזוינע יונגע־לײַט, וועלכע וואָלטן מיט זייער עקסטאַז געקענט פיל נוצן ברענגען דעם פאָלק, זײַנען אַזוי פאַרבלאָנדזשעט און גייען אויף אַ פאַלשן וועג...

*

קום איך אַ מאָל אין דעם זעלביקן קאַפעהויז שפּעט אין אָוונט, ווען די געסט זײַנען ווייניק און עס בלײַבן בלויז, אויך ווי אין אַ קלויז, די לומדים, ערשט מײַן קעגנער, דער ציוניסט, זיצט אויף זײַן שטאָט מיט די ציוניסטישע צײַטונגען נעבן זיך און קוקט ערגעץ שטאַרק אַנגעכמורעט. זעץ איך מיך אַוועק נעבן אים און באַגריס אים קאַלט.

— שאַלאָם! ציט ער מיר אויס פרײַנדלעך די האַנט.

ענטפער איך אים צוריק, אויף צו־להכעיס, דווקא אויף יידיש:

— שלום עליכם!

שמייכלט ער טרויעריק. און אַז מען שמייכלט טרויעריק, ווירקט אויף מיר ווי די גרעסטע אַגיטאַציע־רעדע. איך קוק מיך אויפמערקזאַם אײַן אין דעם יונגן־מאַן און באַמערק צום ערשטן מאָל, אַז ער האָט פאַרטריקנטע ליפּן און אונטער די אויגן — גרויסע, שוואַרצע פאַסן.

לאָז איך אַוועק דעם גאַנצן קאַמף מיט אים וועגן ציוניזם און פרעג אים מעשׂה־פרײַנד:

— וואָס זײַנט איר עפּעס אַזוי טרויעריק? — און כּדי אים נאָך מער צו דערוואַרעמען, פאַרטײַטש איך עס אים אויף העברעיש:

— למה פניך כה זועפים?

שמייכלט ער נאָך טרויעריקער און ענטפערט אויף גאַליציאַנישן יידיש (ער איז פון גאַליציע):

— עס איז שווער צו לעבן!

— איר מיינט, אין גלות? — פֿאַרש איך אים אויס.

— איך מיין טאַקע פשוט פערזענלעך... מען מוטשעט זיך... און גלײַך אָפּהאַקנדיק די פֿראַזע, קוקט ער מיך אָן מיט פֿאַרשנדיקע בליקן און גיט שנעל אַ פֿרעג — האָט איר ניט אַ מאַרק?

צום גליק האָב איך געהאַט. האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער דאָזיקער ציוניסט, וואָס האָט געזאָלט זײַן, ווי דער שטייגער איז, אַ בורזשוי, גייט טייל מאָל אום גאַנצע טעג ניט געגעסן.

— אויב אַזוי איז די מעשׂה — קום איך צום שׂכל — וואָס זשע האָב איך זיך מיט אים געקריגט? און איך באַשליס: אין זײַן אַנוועזנהייט צו ווערן אַ ביסל קילער מיט מײַן קעגנערשאַפֿט.

באַקומענדיק פֿון מיר געבאָרגט דעם מאַרק, ווערט ער אויפֿגע־לייגט און לייגט מיר פֿאָר דורכצולייענען דעם לייט־אַרטיקל אין די וועלט.

איך זאָג עס אים צו און זײַנע אויגן קוקן מיך אָן מיט דאַנק־באַרקייט. איך לייען עס בערך שנעל דורך און ענטפֿער אים: „אַ שיין אַרטיקל". און מיר צערײדן זיך ווידער וועגן ציון.

— ס׳שאַפֿט זיך דאָרט אַ נײַ לעבן! — מורמלט ער פֿאַרחלומט און די אויגן קוקן ערגעץ ווײַט...

— יאָ — מורמל איך צו, ווי מען טרייסט אַ חולה — מעגלעך, אַז אַ מאָל זאָל דאָרט עפּעס געשאַפֿן ווערן...

ער איז מיר אַזוי דאַנקבאַר, אַז באַלד, דאַכט זיך, צעוויינט ער זיך.

— פֿון אײַך קאָן נאָך אַ מאָל אַרויסקומען אַ גוטער ציוניסט...

— שמייכלט ער מיר צו מיט פֿרײַנדשאַפֿט.

— אפֿשר... — שמייכל איך צוריק גוטמוטיק.

— איך בין זיכער! — זאָגט ער אַרויס מיט בטחון.

— הלוואַי! — ווינטש איך מיר צו אַליין... און באַזאָלץ עס מיט אַ העברעיִשן אויסדרוק — „מי יתן והיה!"

— אָט אַזוי! אָט אַזוי! — קוועלט ער פֿון מיר אָן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום דערציילט איך אים שוין אַליין אַ פרייי־לעכע נייַס.

— אַ חבֿרה לאָדזשער ייִדן — האָט איר געלייענט? — גייען קויפֿן קרקע אין ארץ־ישׂראל.

— ניין! — ענטפֿערט ער איבערגעראַשט און די אויגן גלאַנצן אים — דאָס איז נאָך אין די וועלט ניטאָ. זעט איר... איך זאָג אײַך, אַז דאָרט שאַפֿט זיך אַ נײַ לעבן.

און אַזוי ווי דאָס מאָל זײַנען נאָך די ליפּן בײַ אים פֿאַרטריקנ־טער און די פּאַסן אונטער די אויגן שוואַרצער און גרעסער, באַשליס איך אים אָנצוזאָגן אַ גוטע בשׂורה, וואָס איך האָב געלייענט.

— דער העברעיִשער אוניווערסיטעט אין ירושלים האָלט בײַ ווערן אַ פֿאַקט.

נאָר דאָס ווייס ער שוין פֿון די וועלט. אָבער ער איז מיר זייער דאַנקבאַר פֿאַר דער ידיעה און ער ענטפֿערט: „דאָרט וועלן מיר אַלץ האָבן!"... און ער הייבט זיך אָן צו גראַבלען אין די וועסט־טאַשן: „מיר פֿעלט־צו צען פֿעניג פֿאַר דעם טעפּעלע קאַווע צו באַצאָלן" — מעלדעט ער מיר.

— נו, קיין בייז ניט — טרייסט איך אים, און נעם דאָס איבער אויף זיך.

איז ער שוין גאָר גליקלעך. אַ העברעיִשן אוניווערסיטעט וועט ער זיכער האָבן און דאָס טעפּל קאַווע וועט אויך באַצאָלט זײַן, און איך — זעט ער באַשײַמפּערלעך — ווער, אַ דאַנק זײַן ווירקונג, אַלץ מער ציוניסט...

אַ גליקלעכער מענטש!

און ער דריקט מיר וואַרעם די האַנט און הייבט זיך אויף אַוועק־צוגיין. ער קנייטשט דעם שטערן און טראַכט עפּעס שווערס.

— וואָס זײַט איר פֿאַרטיפֿט?

— איך קלער — ענטפֿערט ער — צי זאָל איך הײַנט פּרוּוון גיין אַהיים שלאָפֿן צי ניט.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קלער? — פֿאַרחידוש איך זיך.

— איך בין, פֿאַרשטייט איר מיך, שולדיק פֿאַר אַ מאָנאַט און די הויזפֿרוי האָט מיר שוין אײַנגעטלעך „געקינדיקט"...

אַזוי ווי קיין פּלאַץ פֿאַר אים האָב איך ניט בײַ זיך, טרייסט איך אים מיט ציוניזם:

— אין פּאַלעסטינע וועט יעדער ייִד האָבן אַן אָרט.

— יאָ, — זאָגט ער אויפֿגעלייגט — קיין ארץ־ישׂראל וועל איך אַ מאָל זיכער פֿאָרן... און איר? — ווענדט ער זיך צו מיר און קוקט מיך פֿאַרשנדיק אָן.

איך קוק־אָן זײַן פֿאַרצווייפֿלט פּנים און ענטפֿער ברייט:

— וואָס הייסט! איך רעכן אַ מאָל אין ארץ־ישׂראל צו באַזעצן זיך.

— דאָס בעסטע, וואָס מיר קענען טאָן! — ענטפֿערט ער באַ־גײַסטערט — דאָרט שאַפֿט זיך אַ נײַ לעבן...

איך באַשטעטיק עס אים און דערמאָן אים דאָס העברעיִשע גימנאַזיום, דאָס פּאָליטעכניקום אין חיפֿה און דעם העברעיִשן אוני־ווערסיטעט, וואָס דאַרף בקרובֿ ווערן אַ פֿאַקט...

— יאָ, יאָ! — מורמלט ער און, פֿאַרטיפֿנדיק זיך, גיט ער צו — ווייסט איר, וואָס איך האָב באַשלאָסן?

— וואָס ?

— איך וועל מיר די נאַכט דורכשפּאַצירן אין „טירגאַרטען". איך וויל ניט אָנזען איר נאַרישן פּרצוף!...

אויף מיט זײַן נײַער אידיי בין איך מיט אים אײַנפֿאַרשטאַנען און ווינטש אים זיך גוט אַמוזירן און מיר צעשיידן זיך ווי צוויי אמתע פֿרײַנד, וואָס זיי פֿאַראייניקט איין אידעאַל, איין ליכטיקע צו־קונפֿט . . .

אפרים אויערבאַך

## זיי דאַרפֿן דיין חסד

די פֿעלדער, וואָס ווערן פֿון ייִדן געאַקערט
אין ווײַטן, אין זוניקן לאַנד,
זאָלסט, גאָט, אויף זיי שיקן דײַן שפֿע און ברכה,
נישט אָפּטאָן דײַן גנאָדיקע האַנט...

זאָלסט שיקן אין זומער אין יעדן פֿרימאָרגן
געדיכטן און שנייִיקן טוי;
די ביימעלעך זײַנען דאָרט יונגע און ווייכע
און בענקען נאָך ראָסע אַזוי...

זאָלסט שיקן דעם ערשטן, דעם זאַטיקן רעגן,
ווען ווינטער באַווײַזט זיך אין לאַנד;
די פֿעלדער צעאַקערט זיי וואַרטן אויף רעגן,
שיק, גאָט, מיט דײַן גנאָדיקער האַנט...

אין פֿרילינג, ווען ס'שפּראָצן די שטאָקן און מאַנדלען,
דעם שפּרײַרעגן שיק אין דער צײַט;
דעם היישעריק זאָלסטו פֿון ייִדישע פֿעלדער
פֿאַרטרײַבן אויף לאַנג און אויף ווײַט...

די פֿעלדער, וואָס ווערן פֿון ייִדן געאַקערט,
זיי דאַרפֿן דײַן האַרציק גענאָד;
פֿאַרגעסט נישט, אַז ביימעלעך זײַנען ווי קינדער,
און דאַרפֿן דײַן חסד, מײַן גאָט...

## שלום עליכם

# פֿון „מעשׂיות און פֿאַנטאַזיעס“

שבת־צו־נאַכטס, אָפּגעמאַכט הבֿדלה און אָפּגעזאָגט די אליהו־הנבֿיאס, רוף איך מיך אָן צו דער סטאָליערקע (נישט קיין נאַרישע ייִדענע, כלעבן!):

— ווּהין איז דאָס אַזוי פֿרי אײַער מאַן? אויף אַ מלווה־מלכּהלע מסתּמא?

— אויף אַן אַסיפֿה. — מאַכט זי צו מיר — איך גיי אויך אַהין; אויב איר זענט אַ בעלן, קומט מיט מיר.

— נקבֿות גייען בײַ אײַך — זאָג איך — אויך אויף אַסיפֿות?

— פֿאַר וואָס ניט? — זאָגט זי — ווײַבער זײַנען דען קיין מענטשן ניט?

אַוודאי איז דאָס אַ קלאָץ־קשיא. גיי, געפֿין איר דערויף אַ תּירוץ!...

— מכּוח וואָס — זאָג איך — איז בײַ אײַך אַן אַסיפֿה? מכּוח דער טאַקסע[1]? צי מכּוח שׂכירות דעם רבֿ? צי מכּוח דעקן דאָס אַלטע בית־המדרש? איך בין קלאָר אין ייִדישע אַסיפֿות!...

— ניין! — זאָגט זי — דאָס איז אַן אַסיפֿה מכּוח ארץ־ישׂראל.

— ווײַטער — זאָג איך — ארץ־ישׂראל? וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צו ארץ־ישׂראל? אַ פּנים, עס גייט אײַך מער ניט אָפּ?

— זאָלט איר טאַקע וויסן! — מאַכט זי צו מיר — אונדז גייט טאַקע מער ניט אָפּ. מיר האָבן אַלצדינג: אי געלט, אי געזונט, אי מענטשן, אי וויסנשאַפֿט; נאָר איין זאַך פֿעלט אונדז, אַז מיר זאָלן זיך קאָנען אויסגלײַכן מיט אַלע אַנדערע פֿעלקער — אַ לאַנד. אַז

[1] פּאָרעם פֿון צאָלן שטײַער פֿאַר כּשר פֿלייש, ליכט וכו׳, אויף אויסצוהאַלטן ייִדישע אינסטיטוציעס.

מיר וועלן האָבן אַ לאַנד, ווועלן מיר זײַן אַ פֿאָלק. ארץ־ישׂראל — דאָס ייִדישע לאַנד, לעם ישׂראל — צום ייִדישן פֿאָלק...

„הערסטו? — קלער איך מיר — זי פֿאַרשטייט דאָך גאָר אויף לשון־קודש, ווי איך בין אַ ייִד! עמעצער פֿון אונדזערע לײַט זאָל שטיין בײַ דער זײַט, זען, ווי איך גיי שבת־צו־נאַכטס אײנער אַליין מיט אַן אשת־איש איבער דער גאַס, און רייד מיט איר פֿון אַזעלכע מאָדנע ענינים, און נאָך אויף לשון־קודש דערצו, וואָלט ער געמיינט, אַז איך בין גאָר משוגע געוואָרן, אָדער ער וואָלט אַליין משוגע געוואָרן”...

— ווּ ווערט בײַ אײַך זײַן — זאָג איך — די אַסיפֿה?

— בײַם ראַבינער — זאָגט זי — אין שטוב.

און מיר גייען־צו צו אַ גרויסן מויער און קומען־אַרײַן אין אַ גרויסן, שיינעם, ליכטיקן זאַל. עטלעכע לאַנגע, מיט געוואַנט געדעקטע טישן, אַ סך בענקלעך און מענטשן, ייִדן און ווײַבער, בחורים און מיידלעך אָן אַ שיעור. גאַנץ אויבן אָן זיצט אײנער, אַ גרײַזגרויער מאַן מיט ברילן, און קלינגט מיט אַ גלעקל. אַן אַסיפֿה מיט אַ גלעקל זע איך דאָס ערשטע מאָל אויף מײַן לעבן! הײַנט די שטילקייט, וואָס בײַ זיי איז. מע האָט מורא אויסריידן אַ הויך וואָרט. ריידן רעדט מען בײַ זיי גאָר אײנציקווײַז. בשעת יענער האַלט אין מיטן ריידן, טאָר אים דער אַנדערער ניט מפֿסיק זײַן חלילה ווי, להבֿדיל, בײַ אונדז דעם חזן, בשעת דער הויכער שמונה־עשׂרה... האָט אײנער אָפּגערעדט, שטייט־אויף דער אַנדערער און רעדט זײַנס... אַלע אין אײנעם זאָלן ריידן, ווי בײַ אונדז, אַ שטייגער, — דאָס איז ניטאָ! און אַפֿילו דער ראַבינער אַליין (שוין כּלומרשט אַ רבֿ!), אַז ער וויל עפּעס זאָגן, פֿרעגט ער זיך אויך אָן בײַם אַלטן מיט די ברילן, צי מעג ער זאָגן אַ פּאָר ווערטער... ווערט בײַ אונדז, אַ שטייגער, אַ רבֿ אָנפֿרעגן זיך בײַ עמעצן, צי ער זאָל ריידן? מע וויל ריידן — רעדט מען; צו וואָס באַדאַרף מען די אָנשטעלן? אײַ, יענער פֿאַלט מיר אַרײַן אין די רייד? פֿאַל איך אַרײַן צו יענעם אין

די רייד... הײַנט די ענינים גופא, וואָס מע האָט דאָ גערעדט — עפּעס ווילדע ענינים! ס'איז שווער צו פֿאַרשטיין, וואָס זיי ווילן...

איינער שטייט־אויף און פֿרעגט אַ קשיא: מה נשתּנה — פֿאַר וואָס איז הײַנטיקס יאָר ערגער פֿון אַלע יאָר? אַלע יאָר, זאָגט ער, נעמט מען בײַ אים געלט אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל, און הײַנטיקס יאָר האָט מען בײַ אים אַפֿילו קיין האַלב ניט גענומען! איר הערט אַן אומגליק? דער אַנדערער שטייט־אויף מיט אַן אַנדער טענה: למאַי גיט מען אים ניט קיין אַרבעט, ער זאָל עפּעס קאָנען אַרבעטן לטובֿת הכּלל? פֿאַר וואָס קומט דאָס אים, אַז דער און דער זאָל אַרבעטן דאָס און דאָס, און יענער זאָל טאָן יענץ און יענץ, און ער, נעבעך, דאַרף זיצן און וואַרטן, טאָמער וועט אים גאָט צושיקן עפּעס עמעצן אַ טובֿה טאָן?... איר פֿאַרשטייט, ווי מע האָט אים דאָ געקוילעט די קאַפּאָטע?... דער דריטער הייבט זיך אויף און לייגט־אַנידער אַ צעטל פֿון דעם, וואָס מע האָט געטאָן ביז אַהער, און פֿון דעם, וואָס מע וואָלט געקאָנט טאָן, און פֿון דעם, וואָס ס'איז נאָך דאָ וואָס צו טאָן.

— געטאָן — זאָגט דער דאָזיקער חכם — האָבן מיר נאָך גאָר ניט געטאָן. טאָמער האָבן מיר ביז אַהער געגרינדעט און אײַנגעלאָדעט אַזעלכע עטלעכע הונדערט קאָלאָניעס אייגענע אין ארץ־ישׂראל, איז דאָס אַ קלייניקייט. מיר וואָלטן שוין געקאָנט האָבן ביז איבער העכער טויזנט... טאָמער — זאָגט ער — האָבן מיר אין אונדזער נאַציאָנאַל־באַנק אַזעלכע צוויי הונדערט מיליאָן פֿונט שטערלינג, וואָלטן מיר, איינגנטלעך, באַדאַרפֿט האָבן אַצינד, צום ווינציקסטן, אַ פּאָר מיליאַרד. נאָך די גרויסע נדבֿות מיט די גרויסע ירושות, וואָס אונדזערע גבֿירים האָבן אָפּגעזאָגט אויף אונדזער פֿאָנד, וואָלט אונדז אָנגעשטאַנען, מיר זאָלן שוין איצטער קאָנען אָפּקויפֿן גאַנץ ארץ־ישׂראל און צערעכענען זיך מיטן טערק ביז דער לעצטער פּרוטה... איך ווייס, זאָגט ער, איר וועט מיר אָפּענטפֿערן, אַז מיר האָבן אַ סך געלט און אַ סך צײַט אויסגעגעבן אויף קולטורע. באַדאַרף איך אײַך אָבער דערויף אָפּענטפֿערן צוריק, אַז מיר האָבן דאָ אויך אַ סך ווינציקער ווי מיר וואָלטן געקאָנט האָבן ביז אַהער... אונדזער הער



חלוצים, צווישן זיי דרײַ געלערנטע: אַ דאָקטער פילאָסאָפיע, אַ יוריסט און אַ קולטור־היסטאָריקער

ראַבינער איז גאַנץ גערעכט געווען, וואָס ער האָט אונדז הײַנט אין שול אויסגעוואָרפֿן, אַז איין ייִדישע אַקאַדעמיע אין גאַנץ ארץ־ישׂראל איז קאַרג. אונדז וואָלט אָנגעשטאַנען, מיר זאָלן האָבן דרײַ אַקאַדעמיעס, פֿיר אַקאַדעמיעס, פֿינף אַקאַדעמיעס!...

איך שטיי נאָר פֿון דער ווײַטן און באַטראַכט די דאָזיקע מאָדנע מינים ייִדן. ווידער אַקאַדעמיעס אין ארץ־ישׂראל? איין אַקאַדעמיע אויף גאַנץ ארץ־ישׂראל איז זיי קאַרג; זיי באַדאַרפֿן האָבן צען אַקאַדעמיעס, הונדערט אַקאַדעמיעס, טויזנט אַקאַדעמיעס, מיליאָנען אַקאַדעמיעס!...

דער חכם זעצט זיך אַנידער און עס שטייט־אויף אַ נײַער תּנא און באַקלאָגט זיך אויף דער לאַגע פֿון די ייִדישע גערטנער אין ארץ־ישׂראל, וואָס זיי האָבן הײַנטיקס יאָר ניט געקאָנט אַרײַנטראָגן אין פֿאָנד אַרײַן מער פֿון אַ האַלבן מיליאָן פֿראַנק... נאָר אויב, זאָגט ער, די לאַגע פֿון די גערטנער איז נישט צום בעסטן, איז די לאַגע פֿון די בעלי־מלאָכות אין ארץ־ישׂראל גאָר טרויעריק: די בעלי־מלאָכות אין ארץ־ישׂראל, זאָגט ער, האָבן תּמיד געהאַט זייער אייגענע ביבליאָטעקע, און הײַנט זײַנען זיי, נעבעך, געבליבן אָן אַ ביבליאָטעקע: זי איז אָפּגעברענט געוואָרן, און זיי מוזן גיין אין פֿרעמדע ביבליאָטעקעס. אַ גאָטס רחמנות אויף זיי!... הײַנט, זאָגט ער, די ייִדישע אַרבעטערס פֿונעם אײַזנבאַן אין ארץ־ישׂראל — די זײַנען גאָר אומגליקלעך: ביז אַהער האָבן זיי געהאַט זייער אייגן טעאַטער און איצט איז דאָס טעאַטער צעפֿאַלן געוואָרן, וואָרעם די בעסטע שפּילער האָבן חתונה געהאַט און זײַנען זיך צעפֿאָרן — דער אַהער, דער אַהין. און דערווײַלע זײַנען, נעבעך, די ייִדישע באַן־אַרבעטער געבליבן אָן אַ טעאַטער. אַ שטיין קאָן אויך צעגאָסן ווערן פֿון געוויין!... אַ קלייניקייט — ייִדישע באַן־אַרבעטער זײַנען געבליבן אָן אַ זיידן!...

נאָך דעם תּנא שטייט־אויף נאָך אַ חבֿרה־מאַן פֿון די יונגע לײַט און רעדט מיט פֿײַער, פֿאַלט־אָן אויף דער חבֿרה „כּרמל“ און זאָגט, אַז די חבֿרה „כּרמל“ איז די רײַכסטע צווישן אַלע ייִדישע

חבֿרות! ס'איז אַ יושר, אַז חבֿרה „כּרמל" זאָל געבן ווײַן אויף אַלע ייִדישע ביקור־חולימס אין ארץ־ישׂראל אומזיסט. נישקשה, זאָגט ער, טאָמער וועט די חבֿרה „כּרמל" פֿאַרדינען ווינציקער מיט עטלעכע הונדערט טויזנט קערבלעך אַ יאָר, איז אויך נישט קיין אומגליק! דער גוטער יאָר וועט זיי ניט נעמען!...

נאָך אים שטייט־אויף אײנער אַ יונגער־מאַנטשיק און לייענט פֿון אַ פּאַפּיר עפּעס אַ גאַנצע מגילה מכּוח מיליטער, מכּוח ייִדיש חייל, לייגט־פֿאָר נײַע פּלענער, ווי אַזוי און וואָס און ווען, און אַלע הערן אים אויס מיט קאָפּ, פֿרעגן קשיות, און ער פֿאַרענטפֿערט זיי. און אַז ער לאָזט־אויס, ווערט אַ פּאַטשערײַ „בראַוואָ!" און אַ געשריי הידד, הידד! — מע קאָן טויב ווערן!...

צום סוף שטייט־אויף דער באַלעבאָס אַליין, דאָס הייסט, דער ראַבינער, און לייענט־איבער אַ בריוו פֿון רויטשילדן. פֿונעם לייענען פֿאַרשטיי איך, אַז רויטשילד שמייכלט זיך צו צו דער חבֿרה, ער וויל ווערן אַ חבֿרה־מאַן גלײַך מיט אַלע און זאָגט זיי צו „הרים וגבֿעות", שיט מיט מיליאָנען... שטיי איך און באַטראַכט זיי און קלער מיר: בײַ אונדז, אַז ס'זאָל זיך טרעפֿן, אַ שטייגער, אַזאַ מעשׂה: אַ גבֿיר זאָל זיך וועלן אײַנקויפֿן אין חבֿרה, — איך וויס, וואָס עס וואָלט געווען? מע וואָלט געקראָכן אויף אַלע פֿיר, מע וואָלט פֿאַר פֿרייד געגאַנגען אַ טענצל! וואָרעם בײַ אונדז אַ גבֿיר, אַז ער זאָגט נאָר אַ גוט וואָרט אַליין, אָן געלט, איז מען שוין אויך צופֿרידן: „דער גבֿיר האָט גערעדט, דער גבֿיר האָט געזאָגט, דער גבֿיר האָט גענו־מען בײַם שמש אַ שמעק טאַבעקע און האָט אַ ניס געטאָן, צו געזונט זאָל אים זײַן, צו לאַנגע יאָר!..." איך האָב געמיינט, אַז חבֿרה וועט דאָ צעגאַנגען ווערן פֿאַר תּענוג; צום סוף — ווער? וואָס? ס'איז געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן געפֿרעגט קשיות: „ווו איז געווען רויט־שילד פֿריִער, דעמאָלט ווען מע האָט אים באַדאַרפֿט? דעמאָלט ווען מען איז צו אים געקראָכן? דעמאָלט ווען עס האָבן זיך געגאָסן ייִדישע טרערן און ייִדיש בלוט? דעמאָלט האָט ער זיך פֿאַרשלאָסן בחדרי־חדרים? דעמאָלט האָט ער ניט פֿאַרשטאַנען קיין ייִדיש?... איצט, אַז

גאָט האָט אונדז געהאָלפֿן, מיר האָבן זיך מיט אונדזער אייגענער הילף אַרויפֿגעשלאָגן אויף אַ דרך, איצט, אַז גאָט האָט אונדז מזכּה געווען, אונדזער פֿאָלק הייבט־אָן ווערן לײַטן גלײַך, קומען צו אונדז אונדזערע צאַפּעס — (אַ שייגעץ קאָן!) און ווילן זיך אײַנקויפֿן מיט זייערע מיליאָנען, בכדי זיי זאָלן קאָנען זאָגן אַ דעה? ניין, בײַ אונדז פֿאַרקויפֿט זיך ניט קיין כּבֿוד פֿאַר קיין געלט! כּבֿוד באַדאַרף מען בײַ אונדז פֿאַרדינען, פֿאַרהאָרעווען! מיר דאַרפֿן ניט רויטשילדן! מיר דאַרפֿן ניט זײַנע מיליאָנען!"

דאָ האָב איך זיך שוין מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און בין אַרויסגעשפּרונגען:

— רבותים! — האָב איך מיך אָנגערופֿן צו זיי אויף אַ קול — האָט קיין פֿאַראיבל ניט, וואָס איך, אַ ווילדפֿרעמדער גאָר, אַן אורח פֿון יענער זײַט סמבטיון, שפּרינג־אַרויס און מיש מיך אַרײַן אין אײַערע ענינים. מע זאָגט בײַ אונדז אַ ווערטל: „אַ גאַסט קומט אויף אַ ווײַל און זעט אויף אַ מײַל". איך בעט בײַ אײַך נאָך אַ מאָל הונדערט מאָל מחילה, איר ווײַזט מיר אויס אין מײַנע אויגן ריין משוגע! מילא, דאָס אומגליק, וואָס די באַן־אַרבעטערס אין ארץ־ישׂראל זײַנען געבליבן, ניט דאָ געדאַכט, ניט פֿאַר קיין ייִדן געדאַכט, אָן אַ טעאַטער — דאָס בין איך אײַך מוחל. נאָר דאָס, וואָס דער דאָזיקער עזות־מחוצף־פּנים האָט נאָר־וואָס גערעדט קעגן אַזאַ מענטשן ווי רויטשילד — אַ קלייניקייט: רויטשילד! — דאָס, זאָג איך, איז שוין אַזאַ עוולה, וואָס איך קאָן דאָס שוין ניט אַריבערטראָגן! בײַ אונדז וואָלט מען אַזאַ חבֿרה־מאַן אַנידערגעלייגט און מע וואָלט אים, איך בעט איבער אײַער כּבֿוד, אַרײַנגעפֿידלט אין ווי־הייסט־מען־דאָס אַ שטיקלעך זעכציק, ער זאָל וויסן הלכות דרך־ארץ, ווי אַזוי צו ריידן קעגן אַ גבֿיר! איך זאָל זײַן באַקאַנט מיט רויטשילדן, וואָלט איך אים דער ערשטער איבערגעגעבן, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן! ס'איז אַ מצווה, מע זאָל אַזעלכע שקצים, עזות־פּנימער, צערײַסן, ווי מע צערײַסט אַ הערינג ערבֿ יום־כּיפּור! אַדרבה, זאָגט אפֿשר, אַז ניין?...

דערהערט פֿון מיר אַזעלכע דיבורים, האָבן זיי זיך, אַ פּנים,

שטאַרק פֿאַרשעמט, מחמת זיי האָבן מיר נישט געענטפֿערט דאָס אַנ־דערע וואָרט; זיי האָבן זיך נאָר איבערגעקוקט איינס מיט דאָס אַנדערע, געשמייכלט און געשושקעט זיך שטילערהייט... עס ווײַזט־אויס, אַז זיי האָבן מורא געהאַט, טאָמער, אַ קשיא אויף אַ מעשׂה, נעם איך און איך שרײַב טאַקע אַוועק וועגן דעם צו רויטשילדן?...

— מיר וועלן אײַך ביסלעכווײַז קלאָר מאַכן — רופֿט זיך אָן צו מיר דער רבֿ — מיר וועלן אײַך...

— איר האָט מיך ניט — זאָג איך — וואָס קלאָר צו מאַכן; איך בין נאָך, ברוך השם, בײַ אַלע געדאַנקען...

דער אַלטער, וואָס מיט די ברילן, טוט אַ קלונג מיטן גלעקל און זאָגט, אַז די אַסיפֿה איז אויס אַסיפֿה, און דער עולם הייבט זיך אויף און מע זינגט אַלע אין איינעם אַ ליד אויף לשון־קודש, וואָס הייבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס מיט די ווערטער עוד לא אָבדה תקותנו. אַלע זינגען: אי די אַלטע לײַט, אי די יונגע, איר די זכרים, אי די נקבֿות — ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן!...

— איר האָט דאָס גוט געזאָגט! מאַכט צו מיר דער סטאָליער צוריקוועגס און בלאָזט זיך אָן ווי אַ פּוכיר און ווערט צעפּלאַצט לאַכנדיק — איך האָב אָבער באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז איר מאַכט פֿון זיי אַ שפּאַס.

— אַוודאי! — זאָג איך — איר פֿאַרשטייט מער פֿון אַ טויטן! איר פֿאַרשטייט פּונקט אַזוי פֿיל, וויפֿל מײַן שטיוול!

דער סטאָליער כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט בײַ די זײַטן און קאַטשעט זיך פֿאַר געלעכטער.

— ס'איז שוין אויף אײַך ווידער — זאָג איך — אָנגעפֿאַלן דאָס לעכעריקע? שוטה בן פּיקהאַלץ! ר' שעיה קאַטער! ר' מענדי לאָקש! אַבֿרהמל חיריק! בערל באַס! חיים טראַסקי! מאָטל וואַרעניק!...

ער לאַכט נאָך שטאַרקער, ער ווערט שיעור ניט צעזעצט פֿאַר געלעכטער!

איך טו אַ שפּײַ אויף דעם משוגענעם סטאָליער און פֿאַרטיף מיר אין מחשבֿות: וואָס זײַנען זיי פֿאַר אַ ברואים?... פֿון דעם שבת־צור־

נאַכטס, מיט די אַלע רעדעס, מיט זייערע מיליאָנען דרייט זיך מיר אַזוי דער קאָפּ, אַז איך ווייס שוין גאָר ניט אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט איך בין. איינס פֿון די ביידע: אָדער זיי זײַנען משוגעים, אָדער איך בין משוגע?...

ניין, זיי זײַנען די אמתע משוגעים!...

1900

ש. י. אימבער

## לאַנד, אָ לאַנד...

לאַנד, אָ, לאַנד! בײַ דיר נאָר איינציק
ווער עס זוכט — געפֿינט אַ טרייסט!
לאַנד, אָ לאַנד — בײַ דיר נאָר איינציק
בליט די בלום, וואָס האָפֿ'נונג הייסט.

כ'האָב די בלום געזען בליִען
אויף דײַן גאַנצער לענג, אָ, לאַנד:
פֿון די זאַמדן פֿון תּל־אָבֿיבֿ
ביז צום גרינעם גליל־שטראַנד.

כ'האָב די בלום געזען וואַקסן,
ווו דער רויטער בלוטטוי פֿאַלט:
אויף מרחבֿיהס גלוטן־פֿעלדער,
אין חדרהס קילן וואַלד.

אויף מרחבֿיהס גלוטן־פֿעלדער
קוקט מען קאַלט דעם טויט אין אויג.
הערסט דעם נאָמען, פֿרײַנד אין גלות —
פֿאַר זײַן קלאַנג דעם שטערן נויג!

אין חדרהס קילן שאָטן
שטייגט פון קבֿרים לעבנסגלוט;
כ'האָב מיין האָרץ די רו פאַרבאָטן,
ווען כ'האָב דאָרט מיך אויסגערוט.

לייב יפה

## אין אַ לבנה־נאַכט

איך גיי אין פעלד צו מיין געליבטן,
און לייכט און ריטמיש איז מיין גאַנג.
עס רוישט דער וואַלד פון איקאַליפטן,
עס קומט פון ים אַ ווייטער קלאַנג...
איך וואַרט... אין ווייטע, בלויע רוימען
האָט די לבֿנה היינט פאַרזאַמט,
זי שווימט־אַרויס און זילבער־זוימען
פאַרכישופן דעם דיונענזאַמד.
די שטראַלן הוידען זיך אויף צווייגן,
זיי שפּילן אין מיין פייכטן האָר;
מיין האַרץ איז פול מיט סוד און שווייגן,
איך גיי און חלום אויף דער וואָר.
אַ ליכטשטראַל כישופט דורך די ביימער,
מיך פירט אַן אומגעזעענע האַנט;
מיין ליבסטער איז דער בעסטער שומר,
באַקאַנט און ליב אין גאַנצן לאַנד.
פון ווייטן זע איך ביי דער טיר אים
פון קליינעם הילצערנעם געצעלט...
עס זינגט אַ ליד פון שיר־השירים
מיין האָרץ, דער ים, דער וואַלד, דאָס פעלד...




## צפֿת

אויב איר פֿאָרט אויפֿן וועג פֿון עכּו קיין צפֿת, זאָלט איר למען־השם נישט פֿאָרן אַליין. איר זאָלט אומבאַדינגט מיטנעמען נאָך עמעצן, כּדי איר זאָלט האָבן מיט וועמען צו טיילן זיך אײַערע אײַנדרוקן און התפּעלות, כּדי איר זאָלט האָבן וועמען צו טאָרען בײַ דער זײַט, שלעפּן פֿאַרן אַרבל און רופֿן:

— זעט נאָר, זעט! קוקט! קוקט!...

עס איז שווער פֿאַר איינעם אַליין אַריבערצוטראָגן אַזאַ שיינקייט. די שיינקייט פֿון דער לאַנדשאַפֿט אויפֿן וועג פֿון עכּו קיין צפֿת איז פּונקט דער היפּוך פֿון דער שיינקייט פֿון די הרי־יהודה. דאָרט איז די שיינקייט גרוי, שטרענג, מאַסיוו, דראַמאַטיש. אַ מין אָראַטאָריע. דאָ דערקעגן איז די שיינקייט לעבעדיק, פֿריילעך, שפּילעוודיק און פֿאַרביק — אַ מין לײַכטע מוזיק.

דאָ, אַרום צפֿת, האָט די נאַטור באַוויזן, אַז זי קאָן נישט נאָר שאַפֿן גרויסקונסט, נאָר אויך קליינקונסט, אילומין־מאַלערײַ. אין די מאַטעריאַלן: גינגאָלד, עמאַל, פּלאַטין, זילבער, שפּיגלגלאָז, פּערל־מוטער, העלפֿאַנטביין און אַלערליי איידל־שטיינער.

דאָ איז די נאַטור נישט פֿאַרגליווערט און נישט סטאַטוס־קוואָ־דיק. דאָ איז אַלץ רירעוודיק און באַוועגלעך. דאָ טראָגט זיך דער אויפֿגעהויבענער ים כּנרת־בעקן ווי אַ ריזיק בלוי אויג צווישן גאָל־דענע ברעמען און באַגלייט אײַך, און קוקט אײַך נאָך ווו איר קערט זיך און ווענדט זיך. דאָ לויפֿן אײַך נאָך די פֿאַרביקע גרינבלויע, ראַצנמאָרענע, טיולענע בערג, רינגלען אײַך אַרום, שפּילן מיט אײַך, טאַנצן מיט אײַך און גייען מיט אײַך אַ קאַראַהאָד...

אויף זיי איז געזאָגט געוואָרן דער פּסוק „ההרים רקדו כאילים, גבֿעות כּבֿני צאן". איז דער טײַטש: די בערג שפּרינגען ווי באַראַ־נעס און די בערגלעך — ווי בעק.

*

און איצט קערסטו זיך אָפּ און דו נעמסט קלעטערן באַרג־אַרויף צום אייבערשטן גליל און דערזעסט פֿון דער ווײַטנס פּלוצ־לינג אויפֿן סאַמע שפּיץ פֿון אַ הויכן באַרג אַ ווײַסע שטאָט. דאָס איז צפֿת.

אַ סטאַדע ווײַסע הײַזלעך קלעטערן דאָרט איבער דעם משופּע פֿון באַרג. קריכן איינער אויף דעם אַנדערן, איינער איבער דעם אַנדערן מיט אַזוי פֿיל גראַציע און חנעוודיקייט, מסתּמא כּדי צו מאַכן אויף דעם דורכפֿאָרער אַ סימפּאַטישן אײַנדרוק.

טעראַסנמעסיק הייבן זיך די הײַזער ווי ווײַסע פּאַלאַצלעך איינס איבער דעם אַנדערן. דאָרט, ווו בײַ איין הויז איז דער דאַך, הייבט זיך בײַם צווייטן הויז אָן דער פֿונדאַמענט, און דאָס, וואָס בײַם צווייטן הויז איז דער דאַך, הייבט זיך אָן בײַם דריטן הויז דער פֿונדאַמענט, און אַזוי ווײַטער, ביז אַרויף, אַרויף... פֿון ווײַטן בלאַנקן זיי, די הײַ־זער, שפּילן אויף דער זון און קאָקעטירן, קאָקעטירן מיט יעדן פֿאַר־בײַפֿאָרער און טוריסט, וואָס קומט פֿון דער ווײַטן.

אַליך האָט די שטאָט געטאָן, כדי אַרויסצורופֿן אַנטציקונג און באַוווּנדערונג בײַ לײַטן. אָבער פֿאַר זיך אַליין האָט די שטאָט גאָר נישט געטאָן. פֿאַר זיך אַליין, אינעווייניק, איז די שטאָט, נעבעך, אָפּגעלאָזט, קרוע־בלועדיק, ענג, אָרעם און שמוציק. פּונקט אַזוי ווי זי איז הערלעך פֿון דער ווייטן, אַזוי אָרעם און שפּלדיק איז זי פֿון דער נאָענט. מען זעט טאַקע, אַז די שטאָט איז אַ צדקת, וואָס לעבט



די גאָלדענע יוגנט פון צפת, וואָס דער טונקעלער האָט געזען
אין בני ברק — צווישן פרומע ערדאַרבעטערס

נאָר פֿאַר יענעם און נישט פֿאַר זיך. אַ שטאָט נישט פֿון דער וועלט. וואָרעם צפֿת איז דאָך די מעטראָפּאָליע פֿון הימלישקייט, די וואָל־סטריט פֿון לומדות און פּאַטריאַרכאַלער ייִדישקייט, די צענטראַלע פֿון תּורה, שירה, קבלה און מיסטיק. צפֿת מאַכט דאָך ציצית, פּאות, תּפֿילין. עס איז שיין די אָרעמקייט פֿאַר צפֿת. הגם עס וואָלט נישט געשאַדט, אַז זי זאָל זײַן אַ ביסל רײַכער.

דאָ, אָז צוויי ייִדן גייען און ריידן, מעגט איר זיכער זײַן, אַז זיי

ריידן נישט פון הבלי העולם, נישט פון געלט און פון וואַליוטע, נאָר פון תורה און קבלה.

וואָס אײַך ראַשט־איבער איז, וואָס אַזעלכע פּאַטריאַרכאַלע הדרת־פּנימדיקע ייִדן, וועלכע ריידן וועגן אַזעלכע הייליקע ענינים און תורה־זאַכן, ריידן דווקא אויף אַ זאַפּטיקן היימישן ייִדיש.

אַ באַזונדער מיסטישער חן איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף צפת אין אירע געסלעך. אַזאַ נשמהדיקייט שוועבט איבער איר אָרעמקייט און דלות. איר קוקט אַרײַן און איר פילט, ווי גײַסטער וואָלטן דאָ אַרומגעגאַנגען.

און באמת, דאָ איז דאָך די נעסט פון ייִדישער גײַסטיקייט, דאָס וויגעלע פון משיחיזם און קבלה. אַהער האָבן געצויגן אַלע טרוימערס פון גאולה. דאָ האָט זיך צום ערשטן אַנטפּלעקט דער אר״י הקדוש. דאָ געפינען זיך די קברים פון די רעפּרעזענטאַנטן פון ייִדישן גײַסט און גלויבן.

דאָרט, אונטן, אין טאָל, זעט איר אַ בערגל מיט שטיינער. ייִדן גייען דאָרט איצט מיט הקפות, — דאָס איז דער קבר פון ר׳ פנחס בן יאיר, דער שווער פון ר׳ שמעון בר יוחאי. אַ ביסל ווײַטער ווײַזט מען מיר קברים פון הלל הזקן מיט זײַן גוטמוטיקער גרויער באָרד, און שמאַי מיט זײַן קנאַפּיש שפּיציק בערדל און זייערע תּלמי־דים. אַמאָל האָבן זיי זיך געריסן אַפילו איבער אַ ביצה שנולדה ביום־טוב. איצט אָבער האָבן זיי שלום געמאַכט... און אָט דאָ, אין דעם קבר, ליגט דער באַוווסטזיניקער פּראָלעטאַריער — יוחנן הסנדלר. געוועזן אַ פּשוטער בעל־מלאכה, נאָר פאַרשטאַנען אַ בלאַט גמרא און געקאָנט לערנען אַ פּרק משניות. און דאָרט ווײַטער אַ ביסל איז דער קבר פון ר׳ יוסף קאַרו, דער בעל השולחן־ערוך. אַלץ אַזעלכע שיינע ייִדן, וואָס זײַנען פּאָפּולער בײַ ייִדן נישט ווייניקער ווי אַ סך מאָ־דערנע קולטור־טרעגערס.

און אָט דאָרט, ווײַט אַרונטער איבער באַרג און טאָל, ווײַסט זיך אַ גרופּע בנינים מיט קופּאָלן, ווי ווײַסע שטרײַמלעך — דאָס איז מירון, דאָרט זײַנען די קברים פון ר׳ שמעון בר יוחאי מיט זײַן זון ר׳ אליעזר,

מאָרגן איז ל״ג בעומר. מאָרגן איז די יאָרצײַט פֿון גרויסן תּנא. מאָרגן וועט זיך דאָ טאָן אויף טיש און אויף בענק. מאָרגן וועט דאָ זײַן הילולא וחינגא. צענדליקער טויזנטער מענטשן וועלן דאָ פּראַווען די גרויסע יאָרצײַט מיט פֿײַער און פֿלאַם, עקסטאַז און התלהבֿות. הילולא דר׳ שמעון בר יוחאי.

אַ גרויסע רעליגיעזע שׂמחה וועט דאָ זײַן ביז צום פֿאַרגעסן זיך. דערפֿאַר איז דאָך דאָ הײַנט אין צפֿת אַזאַ ענגשאַפֿט פֿון אָנגע־פֿאָרענע געסט, רבנים, ישיבֿה־לערנערס, חוקר־ייִדן, קבלנים, בעט־לערס, קאַבאַליסטן, טוריסטן און ייִדן פֿון אַרבע פּינות ארץ־ישׂראל. דערפֿאַר איז דאָ הײַנט אַזאַ דוחק אויף צימערן. דערפֿאַר רײַסן דאָ הײַנט די האָטעל־אייגנטימערס אַזאַ פֿאַס פֿון אונדז. די דאָזיקע טעג איז פֿאַר זיי אַ שניטצײַט. אַ גאַנץ יאָר — זאָגן זיי — וואַרטן זיי אויף ל״ג בעומר און דערפֿאַר דאַרפֿן איצט פֿיר פֿאַרשוין שלאָפֿן אין איין צימער, צווישן זיי — דרײַ שרײַבערס, ווי איז מיר: איך, בער־קאָוויטש, אָנכי און נאָך איינער, אַן אָנשטענדיקער מענטש. דאַכט זיך — אַ דאַמסקע שנײַדער.

וואַרשע 1932




נעמען פון דער מגילה, תורה
און ליבשאַפט

י. פאַפּיערניקאָוו

## כ׳בין געוואָרן אַ ציגיינער

כ׳בין געוואָרן אַ ציגײַנער
אין דער מזרחס הייסער פרעמד,
ברוין, פאַרברענט, אַ האַלב־אַנטבלויזטער,
נישט געשוכט און אָן אַ העמד.

לאָז איך לײדיק דאָס געצעלט מײַנס,
ווי עס גייט די זון נאָר אויף,
וואַנדער־אום אויף אַלע וועגן,
שפּרינג אויף יעדער פור אַרויף;

כ׳פרעג זיך נישט בײַם בעל־עגלה,
צי איך מעג און ווו ער פאָרט,
פרעמדע זײַנען מיר, און ברידער —
אומעטום איז אונדזער אָרט...

זיץ איך מיר, אַ הפקר־מענטשל,
אַ פאַרכלײניעטער פון ליכט,
ס׳גייט די זון מיר נאָך פון הינטן,
בלענדט און פלאַמט מיר דאָס געזיכט.

ס׳הייבט אַ שטויב זיך אויף אין וואָלקנס
און ס׳פאַרקנוילט זיך אונדז דער וועג,
האַלט דער פורמאַן זיך נישט אײַן מער —
טוט מיך נײַגעריק אַ פרעג:

— ביסט אַ חלוץ? צי אַ היגער?
לאַנג שוין דאָ? פון וואָסער לאַנד?
גיב איך ביטער לײַכט אַ שמייכל,
טו אַ פאָך אים מיט דער האַנט,

פּלאָנטער מיט דער צונג און פֿרעג זיך:
— וואָס? מײַן היים? איר מיינט די היים?
עט! נישט לאַנג, יאָ, לאַנג... וואָס ליגט עס
אויפֿן וועג דאָ? שטיינער? ליים?

ציִען זיך די בערג נאָך ווײַטער?
שלאָג איך איבער מיט אַ מאָל:
— יאָ, די געגנט רופֿט זיך עמק,
טאַקע ווײַל זי ליגט אין טאָל.

— זעסטו? — ווײַזט ער מיט דער האַנט מיר —
זעסטו, ווי עס בליט און גרינט?
ס'איז דער טיפֿסטער זומפּ געווען דאָרט,
קוק זשע, ווי ס'זעט־אויס אַצינד!

גערטנער, כּרמים, אַ גן־עדן!
זעסט, געצעלטן פֿון ברעזענט?
דאָרטן וווינען זיי, די חבֿרה —
בענטשן דאַרף מען זייערע הענט...

— — — — — — — — — — —

טויכן־אויף פֿאַר מיר געשטאַלטן,
בילדער ווײַטע, רויכיק גראָ,
כ'שווײַג, אַנטשוויגן ווערט דער פֿורמאַן,
ס'הערט זיך בלויז זײַן לאַנגער „וויאָ—אָ"!

ציט די לייצעס, דרעמלט־אונטער,
אַ פֿאַרשמאַכטער פֿון דער היץ,
כאַפּט זיך צו דער בײַטש פֿאַרשלאָפֿן,
טיילט די פֿערדלעך פֿוילע שמיץ.

און דער וואָגן האָצקעט, וואַרפֿט זיך,
טרייסלט זיך פֿון וועג צו וועג,

און עס דאַכט מיר, אַז דעם וואָגן
יאָגן מײַנע טויטע טעג,

לויפֿן־נאָך נאָך אים פֿון הינטן,
ווילן אײַנהאַלטן די פֿערד,
כ׳מאַך זיך האַרץ זיי אָפּצוטרײַבן,
פֿײַף און שרײַ צו זיי: אין דר׳ערד!

וואָס מיר היים און טאַטע־מאַמע?
וואָס מיר ברידער, שוועסטער, פֿרײַנד?
כ׳האָב פֿאַר קיינעם הײַנט קיין ליבע
און קיין גאַל — צו האָבן פֿײַנט!

כ׳בין געוואָרן אַ ציגײַנער,
כ׳האָב צעריסן יעדע בריק,
ווו כ׳בין איין מאָל שוין געוועזן —
קום איך ס׳צווייטע מאָל נישט צו׳ריק!...

תל־אָביב 1924

## מיין איינציקער צער דאָ...

מײַן איינציקער, מײַן גרעסטער צער דאָ איז:
פֿאַר וואָס כ׳בין נישט געקומען דאָ — אַ קינד,
פֿאַר וואָס אַזאַ דערוואַקסענער,
אין אומעט, נישט צעוואַקסענער —

אַ קלאָגנדיקע ווערבע
אין פּוילנס רײַכן, פֿרעמדן וואַלד,
ווו ס׳ווערט מײַן שטאַם געהאַסט
און אונטערגעהאַקט...

מיך פֿרעסט נאָך אויף די ביטערניש
פֿון דער מאַמעס זויערער געזעצטער מילך פֿון פּחד,
אין דער וויג, געוויגט מיט אומרו
פֿון אירע ציטעריקע הענט,

ווען ס'האָבן קלויסטער־גלעקער
אימה איבער מײַנע ברידערס קעפּ צעטראָגן,
און דער טאַטע האָט מיט אויגן פֿול מיט שרעק און זאָרג
געזוכט שוין פֿאַר דער שוועסטער מײַנער
אַ באַהעלטעניש...

ווי גוט וואָלט מיר געווען דאָ —
ווען די מאַמע וואָלט מיך אויסגעטראָגן דאָ אין טאָל פֿון עמק
און געהאַט מיך אויף דער סטעפּיש ווײַס־פֿאַרברענטער ערד
פֿון בערגיק־שטיינערנעם און פֿעלדזיקן גליל
בײַם הייסן, נאַקעטן צופֿוסנס פֿון פֿאַרשנייטן חרמון —
איידער אין דער פֿרעמד,
אויף שוואַרצער, פֿעטער ערד,
וואָס אויף די פֿעלדער מײַנע ברידער פֿאַלן בעטלענדיק
און גייען־אויס בײַם גאָלדענעם גערעטעניש
פֿון הונגער...

גוט וואָלט מיר געווען דאָ —
ווען מען וואָלט פֿון מײַן געבירטיק היימלאָז גרויער היים
אַרויסגעריסן מיך — אַ יונג געוויקס
בײַם שטאַרק־פֿאַרריסענעם און פֿלאַכן ווײַסלבערג,
ווו ס'האָבן מיך אַ צופֿעליקס, אַזאַ נישט־אויסגעקוקטס,
די פֿרילינג־ווינטלעך פֿאַלש געגלעט,
די זונען — קאַלט געוואַרעמט,
און די בענקשאַפֿט נאָך געזונטע פֿריידקוואַלן —
צעבראָכן...

תל־אָביב 1926

## כ׳בין מקנא...

כ׳בין מקנא מײַנע ברידער,
כ׳בין מקנא מײַנע שוועסטער —
דעמביק זײַנען זיי געוואַקסן,
זײַנען גלײַך און שטאָלץ
ווי פּאַלמעס,
און פֿאַררײַסן אין די הימלען,
ווי ציפּריסן אויפֿגעשאָסן...

האַמערס — זייערע הענט,
שמידן זיי אַ לעבן,
גליִען עס מיט מזרח־ברען,
און די פֿינגער ווי די
קלעשטשעס[1] —
גלײַכן אַקסן, בייגן רעדער,
און די דלאָניעס, ווי די פּיאַשן,
אַקערן און וואַרפֿן איבער
באָדן שטייניק, אָפּגעלאָזן,
שוין פֿון דורות נישט באַטראָטן —
שטעלן זיי די פֿיס אויף אים
ווי בעטאָנע פֿונדאַמענטן...

בין איך זיי דערפֿאַר מקנא,
איך, אַ שוואַכער, אַ קליינער,
איך פֿון קינדווײַז אַ געשטראָפֿטער
מיט אַ האַרץ פֿון אַ פֿאַרבענקטן,
אויפֿצוציטערן מיט אָפּהילך
פֿאַרן ווײַטסטן, ווײַטסטן קלאַנג;
איך, אַ שטילער בעל־חלומות,
מיט פֿאַרנעפּלט גרויע אויגן,
ווי פֿאַררויכערטע מיט ליכט
פֿון זונען־אויפֿגאַנג,
שׂריפֿות פֿון פֿאַרגייענדיקע
טעג —
איך, וואָס טראָג אויף מײַנע ליפּן
גאַל פֿון אָפּגעסמטע קוואַלן
אויסגעמישט מיט פֿרייד
פֿון אַ פֿונק פֿאַרבליבענעם גלויבן;
איך, וואָס האַלט דאָס מויל
געעפֿנט
מיט אַ קינדערשער פֿאַרגאַפֿונג
פֿאַר אַ סוד און פֿאַר התגלות,
קאָן מיט תּמימות בלויז
אַנטציקט זײַן
און באַגײַסטערונג געפֿינען
אין דער וועלטס אַנטבלויזטער
שיינקייט,
און באַוווּנדערן די גבֿורה,
און מקנא זײַן די ברידער,
און מקנא זײַן די שוועסטער,
וועלכע כ׳קאָן נישט מער
צו שטײַער געבן
ווי מײַן ליד פֿון לויב...

תל־אָביב 1924

---

[1] צוואַנגען.

מ. צאַנין

# „עבֿדים היינו"

חיים כ"ץ, אַ געוועזענער ישיבֿה־בחור פֿון דער לאָמזשער ישיבֿה, איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל פֿון אַ מײַזאַנקער גאַזקאַמער, ווען אַן אָנגעזויפּטער דײַטש האָט אים מיט אַ זעץ פֿון אַ באַהײַקע פֿאַרהאַלטן און קורץ געזאָגט:

— דו האָסט נאָך צײַט, ייִד!

אייגנטלעך ווייסט נישט חיים כ"ץ, פֿאַר וואָס ער געדענקט אָט דעם קורצן אורטייל. וואָרעם דער זעץ מיט דער באַהײַקע, וואָס איז געווען פֿאַרענדיקט מיט אַ מעטאַלענעם באַלעם, איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין עפּעס אַזאַ מאָדנער אויסערוועלטיקער נאַכט. דאָס ערשטע געפֿיל אין דער דאָזיקער נאַכט איז געווען, אַז ער פֿאָרט, און אונטער אים קלאַפּן באַנרעדער. דורך אַ שמאָלער פֿאַרקראַטעוועטער עפֿענונג האָט ער געזען קאַלטע, בלייכע שטערן, אומבאַוועגלעכע, ווי זיי וואָלטן מיט אומזעיִקע פֿעדעם געווען צוגעבונדן צו די קראַטן. פֿון דעם פֿולן, פֿאַרקלעפּטן מויל האָט ער שווער אַרויסגעשטופּט די צונג און געוואָלט אַ לעק טאָן די שטערן. וואַסער! דער דאָרשט פֿון דער צונג האָט אים געזאָגט, אַז די שטיקלעך אײַז וועלן אַרײַנפֿאַלן אין מויל...

ווען חיים האָט שוין אין גאַנצן געקענט באַגרײַפֿן, וואָס מיט אים איז געשען, האָט ער זיך געפֿונען איבער אַ גרויסן פֿאַרענדיקן קעסל, ווו אַלע מענטשן אַרום זײַנען געווען אויסטערליש נישט ענלעך צו מענטשן, וואָס ער האָט ביז איצט געזען אין זײַן לעבן.

בײַ שווערע, אומגעלומפּערטע מאַשינען זײַנען געשטאַנען אויסגעלאָשענע שאָטנס, אַרומגענומען מיט פֿאַרבלאָז פּאַקפּאַפּיר. די פּנימער פֿון די שאָטנס זײַנען געל, געל די אויסגעלאָשענע אויגן. די האָר — אָפּגעוועלקט רויטלעך. אין דער לופֿט הענגט אַ שווערער ביטערער ריח, ווי גאַל. פֿון די אויגן פֿון די שאָטנס רינען טרערן,

כאָטש זיי וויינען נישט. אויך אים, חיימען, טרערן די אויגן, כאָטש דאָס גאַנצע לעבן אין אים האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט. אַלע געפילן אין אים זײַנען טויט, אַזוי ווי זײַן איבעוויייניקייט וואָלט אײַנגע־שלאָפן, ווי עס שלאָפט אַ מאָל אײַן אַ פוס.

חיים כ״ץ איז אַרײַנגעפאַלן אין לאַגער סקאָזשיסקי, אין ווערק „צע״ פון „האַ־אַג״. אין דער טויטן־האַלע דריי־און־פופציק איז ער געוואָרן אַ קעסלער. נעבן אים איז געשטאַנען אַ ייִדנשקלאַף אַרומגע־וויקלט מיט פאַקפאַפיר, אָנשטאָט מלבושים, און אים געלערנט ווי צו מישן אין דעם צעגליטן קעסל.

— געדענק, וואָס עס זאָגט דיר אַ זשיכלינער ייִד! — לערנט אים דער שקלאַף — אין דעם קעסל מישסטו דעם טויט. עס קאָכט זיך דער טראָטיל אָנצופילן שראַפנעלן. אָבער אײדער די אָנגעפילטע כלים וועלן דערגיין צום פראָנט, וועסטו נישט לעבן מער.

דער זשיכלינער ייִד בייגט זיך אַריבער איבערן ראַנד פון ריזיקן קעסל און מישט מיט אַ לאָפּעטע די געדיכטע פליסיקייט. אַ געדיכ־טער שטיקנדיקער וואָלקן הייבט זיך אַרויס פון קעסל און הילט־אײַן דעם ייִדנס קאָפּ. ער צעהוסט זיך, דער זשיכלינער. דאָס מישן ווערט שווערער. פלוצעם לאָזט ער אַרויס די לאָפּעטע פון די הענט און לאָזט זיך אַראָפּ בײַ חיימס פיס, ווי אַן אויסגעשיטער זאַק. צוויי אַנ־דערע, שטומע שאָטנס לויפן־צו, כאַפּן דעם געפאַלענעם אונטער די אָרעמס און שלעפּן אים אַרויס פון דער האַלע.

אין חיימען צאַפּלט דאָס האַרץ: אַ מענטש איז געפאַלן! אָבער אַנטקעגן אים דערזעט ער צוויי אויגן פון מײַסטער. ער כאַפּט שנעל די לאָפּעטע און מישט אינעם קעסל, ווי ער וואָלט געוועזן דער זשיכ־לינער ייִד. ס׳איז גאָר נישט געשען.

די אַנדערע שאָטנס בײַ די שווערע פרעסן האָבן אויף קיין רגע נישט איבערגעריסן דעם אימפּעט פון זייער אַרבעט. זייערע געלע אויסגעלאָשענע אויגן האָבן אַפילו קיין בליק נישט געטאָן צום קעסל, ווו ס׳איז געפאַלן אַ מענטש. ס׳איז גאָר נישט געשען.

דאָ, אין די האַלעס פֿון פּיקרין און טראַטיל, ווונדערט מען זיך נישט מער. עס איז געפֿאַלן אַ שקלאַף.

חיים איז נאָך געווען אַ יונגער אין לאַגער. כאָטש דורך עטלעכע טעג זײַנען אים די מלבושים צעפֿרעסן געוואָרן פֿון די אויסדעמפֿונגען בײַם קעסל און ער האָט שוין אָנגעהויבן זוכן פּאַקפּאַפּיר צו פֿאַרשטעלן די לעכער — האָט ער נאָך נישט געקענט באַגרײַפֿן, ווי אַזוי ווערן מענטשן אַזוי געל ווי די, מיט וועלכע ער אַרבעט. ניין, ער גופֿא ווערט אויך געל. אָבער זיך האָט ער נישט געזען. נישט געוואָלט זיך זען. דער זשיכלינער ייִד האָט אים שלעכט געוויזן, ווי מען מישט אין קעסל. ניין, ניין, ער וועט זיך נישט אַריבערבייגן איבערן קעסל. ער וועט נישט פֿאַלן ווי אַן אויסגעשיטער זאַק.

אין די אָוונטן ווערן די פֿענצטער פֿון דער האַלע פֿאַרהאָנגען פֿאַר לופֿט־אָנגריפֿן. די נאַכטשיכטן אין דער דרײַ־און־פֿערציקסטער האַלע אַרבעטן אָן לופֿט. דער טומאַן פֿונעם גיפֿטיקן שטויב פֿון טראָטיל און פּיקרין רײַסן די לונגען. די מענטשלעכע שאָטנס עטעמען ווי דיכאָווע פֿערד. דער שווייס פֿון פּנים רינט־אַרײַן אין מויל, ווי גאַל. פֿון צײַט־צו־צײַט חלשט עמעצער אַנדערש. מען שלעפּט אים אַרויס פֿון דער האַלע.

אַ געלער שאָטן, וואָס ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַ ליאַדע רגע וועט ער פֿאַלן, הייבט פּלוצעם אָן צו לופֿטערן מיט די הענט. ער האָט דער ערשטער דערזען דעם נאַצי־אויפֿזעער, וואָס איז דערשינען בײַם אַרײַנגאַנג. אָן אומהדיק געשריי, ווי פֿון אַן אַקס, צעגייט זיך איבער דער האַלע. די שאָטנס הייבן־אָן אַרבעטן שנעלער, שנעלער, ווי אין אַ משונהדיקן טאַנץ. דער געבריל פֿונעם אויפֿזעער רײַסט די גלידער פֿון די געלענקען. די מײַסטערס טרײַבן: שנעל, שנעל! שנעלער! עמעצער לויפֿט־צו צו חיימען, כאַפּט אים אָן בײַם נאַקן:

— הער, זשיד! מיש! פֿאַר מיט דער וויאָסלע!

און דער מײַסטער שטופּט־אַריבער חיימס קאָפּ איבערן אָפֿענעם צעגליטן קעסל. די ביטערע פּאַרע זעצט אים אין די אויגן, אין דער נאָז. ער הערט, ווי עמעצער לאַכט מיט אַ הילצערן קול. די פֿיס

ברעכן זיך אים אונטער. ניין, ניין, ער וועט נישט פֿאַלן! אים, חיימען, וועט מען נישט אַרויסשלעפּן ווי דעם זשיכלינער ייִד...

ווען די נאַכטשיכט טוישט זיך, שלעפּן־אַהיים מיט זיך די מידע שקלאַפֿן די פֿאַרוווּנדעטע פֿון דער נאַכט: אַ שאָטן פֿון אַ פֿרוי אַרומ־געבונדן מיט פּאַקפּאַפּיר און אַ פֿופֿצניעריק ייִנגל, וואָס ביים שלעפּן אים האָט ער געבראָכן מיט בלוט, אויסגעבראָכן דעם פּיקרין. חיים איז געגאַנגען מיט זיינע אייגענע כּוחות. ער איז געגאַנגען אין די ערשטע רייען, כאָטש צוגעאייַלטע קלעפּ פֿון האַרץ מאַכן אים שווינד־לען פֿאַר די אויגן און עס איבלט אים צום ברעכן.

„וואָס פֿאַר אַ טאָג איז הייַנט?‟ — פֿרעגט ער זיך אַליין, ווי ער וואָלט זיך גופֿא אויסגעפּרוּווט, צי ער קאָן נאָך טראַכטן. און ער ענטפֿערט זיך אַליין: „הייַנט איז שבת. שבת‟.

זיין שכן, וואָס באַוועגט קוים מיט די שווערע אָנגעשוואָלענע פֿיס אין הילצערנע טרעפּערס, הייבט־אויף דעם קאָפּ צו חיימען און דעכעט אים שווער אין פּנים אַריין:

— אַ מאָדנער ייִד: אין דער דריי־און־פֿופֿציקסטער האַלע פֿעלט אים נישט מער נאָר געדענקען דעם טאָג.

— און איר ווייסט נישט?

דער שכן שטעלט־אָן צו אים זיינע געלע פֿויגל־אויגן:

— וואָס פֿאַר אַ טאָג? וואָס דאַרף איך וויסן וואָס פֿאַר אַ טאָג? די צרות זיינען דען אַנדערש מאָנטיק ווי מיטוואָך?

— מען דאַרף געדענקען! — ענטפֿערט שטיל חיים כ״ץ — מען מוז זיך קלאַמערן אין די טעג ווי אין דעם איינציקן ממשותדיקן.

— איר ווילט מסתמא אַנטלויפֿן, יונגער־מאַן. איך זע שוין. אַ סך האָבן געפּרוּווט. זיי פֿאַלן אַלע פֿון די אוקראַיִנישע ווערקשוצן.

— אַנטלויפֿן?... וווהין אַנטלויפֿן? איבערן גאַנצן לאַנד די זעל־ביקע וועלף! — חיים פֿאַרהוסט זיך. דער טראָטיל־גיפֿט זעצט אים אין קאָפּ.

— וואָס פֿאַר אַ נפֿקא־מינה, צי מיטוואָך אָדער שבת? — רעדט צו זיך אַליין דער שכן.

— געדענקט, ייִדן אַ מענטש, וואָס געדענקט דעם טאָג אין דער וואָך, פֿאַרנעמט נאָך אַן אָרט אין דער וועלט...

חיים האָט זיך קוים דערשלעפּט צום באַראַק. ווען ער האָט אַרויפֿגעקלעטערט אויף דער פּריטשע, האָט דאָס מויל טרוקן גע־חזרט: „הײַנט איז שבת, שבת"...

*

אין די ראַיאָנען פֿון ווערק „צע" איז אַלץ געווען פֿאַרסמט און געל. די באַראַקן, די מענטשן, די ביימער אינעם וואַלד, וווּ דער לאַ־גער האָט זיך געפֿונען. קיין שום לעבן האָט זיך דאָ נישט געהאַלטן. אַפֿילו לײַז, די אייביקע באַגלייטערס פֿון די שקלאַפֿן, האָבן נישט געהאַט קיין שליטה אין די גרענעצן פֿון ווערק „צע". די געלע גע־שטאַלטן האָבן געקוקט אויפֿן גרויסן מתים־קאַסטן בײַ דער לאַטרינע, ווי בלויז אַהין וואָלט געפֿירט זייער גורל.

פֿלעגט חיים, מיטן צופֿאַלן פֿון אָוונט, אַדורכגנבֿענען זיך דורך די שטעכיקע דראָטן צום שכנותדיקן ווערק „בע". בלויז איינצלנע, דרייסטע פֿלעגן אײַנשטעלן דאָס לעבן דורך די דראָטן. זיי פֿלעגן אײַנשטעלן דאָס לעבן, ווײַל זיי האָבן בשום אופֿן נישט געוואָלט שטאַרבן...

אינעם ווערק „בע" האָבן די שקלאַפֿן געהאַט אַ מער דער־טרעגלעך לעבן. דאָ זײַנען אַפֿילו די פּרויען־באַראַקן נישט געווען אָפּגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן פֿון די מענער־באַראַקן, ווי אין אַנדערע ווערקן. נאָך דער שווערער שקלאַפֿן־אַרבעט אויף דער פֿרײַ־ער לופֿט, איז זיי נאָך געבליבן צײַט אויף „האַנדלען" מיט עסן, וואָס זיי פֿלעגן פֿאַר אַ סך געלט אַרײַנבאַקומען דורך די פּוילישע אַר־בעטערס פֿון דער וואָפֿן־פֿאַבריק. די שקלאַפֿן פֿון ווערק „צע" האָבן געקוקט אויף אָט די ייִדן ווי אויף מענטשן, וואָס דער גורל האָט צו זיי אַ שמייכל געטאָן אין די לעצטע טעג פֿון זייער לעבן.

און פֿאַרקערט, די ייִדן פֿון ווערק „בע" האָבן באַטראַכט די געלע שקלאַפֿן ווי מצורעים, געשפּענסטער אין פּאַקפּאַפּיר, וואָס פֿאַרסמען די לופֿט מיט ביטערקייט פֿון גאַל. זיי טראָגן מיט זיך דעם

שטויב פֿון טראָטיל, ווי אַ שרעקלעכע פעסט. פֿלעגן זיי טרײַבן די געשפּענסטער פֿון זיך. און כּדי פּטור צו ווערן, האָבן זיי פֿון רחמנות וועגן צוגעוואָרפֿן זיי אַ ביסל קאַרטאָפֿל־שאָל.

דאָס מאָל האָט חיים באַמערקט אין מענער־באַראַק אַ נישט־געוויינטלעכע באַוועגונג. עטלעכע ייִדן האָבן זיך געפּאָרעט אַרום אַ קליין אַנגעגליט איוועלע. איינער האָט מיט אַ פֿלאַש געוועלגערט אַ מצה אויף אַ נישט־געהובלטן ברעט. אַ צווייטער האָט די מצה גע־שטופּלט מיט אַ טשוואָק. די ייִדן האָבן געטריבן חיימען:

— טראָג זיך אַרויס פֿון דאַנען. דײַנע טראָטיל־שמאַטעס פֿאַר־ביטערן אונדזער אַזוי אויך ביטער לעבן.

— מצות? — פֿרעגט חיים פֿאַרחידושט.

— מצות, שמאַצעס, ס'איז נישט דײַן עסק.

— מצות? — חזרט־איבער חיים און ציט זיך הינטערווײַלעכץ צו דער טיר.

דער ריח פֿון פֿרישע מצות האָט דערוועקט אין אים אַ קלעמענ־דיקע בענקשאַפֿט. אַ היים! אַ ווײַסער טיש, ליכט באַשײַנען יום־טובֿדיקע פּנימער. פֿון דרויסן האָט זיך געטראָגן דער ריח פֿון אַ יונגן פֿרילינג. חיימען האָט זיך געדאַכט, ווי מען באַהאַלט פֿאַר אים אַ גרויסן סוד, אַ גורל־סוד.

— הײַנט איז ערבֿ פּסח? — פֿרעגט ער די צעטומלטע פּנימער.

— הײַנט נישט. מאָרגן, מאָרגן אין אָוונט איז פּסח! — זאָגט אים דער וואָס שטייט בײַם אַרײַנגאַנג און היט, צי עמעצער פֿון די דײַטשן גייט נישט.

חיים האָט דערפֿילט: ס'איז שלעכט מיט אים. ער האָט געוואָלט ראַטעווען דאָס לעבן דורך געדענקען די טעג פֿון דער וואָך. ער האָט זיך געקלאַמערט אין אָט די טעג, ווי אין שטאַנדהאַפֿטיקע ווירק־לעכקייטן און דערווײַל פֿאַרגעסן אין די צײַטן פֿון יאָר, ער האָט פֿאַרגעסן אין יום־טובֿ. ער איז איצט מקנא געווען די ייִדן, וואָס פּאָרען זיך בײַם איוועלע, בײַ די מצות, אַפֿילו די וואָס היטן בײַם אַרײַנגאַנג. זיי אַלע וועלן איבערלעבן דעם לאַגער. זיי האָבן זיך אין

וואָס צו קלאַמערן. ער זעט באַשײַמפּערלעך אַז אָט די אַלע ייִדן גרייטן זיך צו אַ ווײַטערדיקן לעבן.

דער ביטערער ריח פֿון זײַנע קליידער צעשפּרייט זיך איבערן באַראַק און די ייִדן בייזערן זיך:

— אפֿשר וועסטו זיך אַרויסטראָגן? — דײַנע שמאַטעס וועלן זיך אָנצינדן און ס'עט ברענגען אַן אומגליק אויף אונדז!

— איך קען די הגדה אויסעווייניק... — בעט ער זיך — איך וועל די הגדה זאָגן אויסעווייניק...

דער ייִד, וואָס וועלגערט די מצות, דרייט זיך אויס און ווײַזט אויף אים מיט דער פֿלאַש:

— דו קענסט די הגדה אויסעווייניק?

נאָך איידער חיים האָט דערהערט, וואָס מען פֿרעגט אים, רײַסט זיך פֿון אים אַרויס אַ פּסוק פֿון דער הגדה, ווי ער וואָלט אַרויסגע־ריסן אַ ברעט פֿון אַן אונטערגייענדיקער שיף, און אויסגעשריגן: „ונצעק אל ד' אלהי אֲבותינו. וישמע ד' את קולנו, וירא את ענינו ואת עמלנו ואת..."

— איר הערט, ייִדן? — שטייט דער וועלגערער מיט דער פֿלאַש אין דער האַנט — איר הערט דעם ניגון?

חיים האָט נישט געגלייבט די מבֿולבֿלדיקע פּנימער. ס'האָט זיך אים געדאַכט, מען לאַכט פֿון אים, וואָס פּלוצעם אין באַראַק האָט אַרויסגעזונגען פֿון אים דער ניגון פֿון אַ סדר־נאַכט.

חיימען האָט זיך בלויז געדאַכט, מען לאַכט פֿון אים. זיי, די ווײַסע שקלאַפֿן פֿון ווערק „בע", האָבן זיך אָבער אונטערגעשיידט פֿון אים בלויז מיט זייערע פּנימער, וואָס זײַנען נישט געל. זיי האָבן זיך געקלאַמערט אין לעבן פּונקט ווי ער. זיי האָבן געדענקט דעם לוח פֿון יום־טובֿ. זיי האָבן זיך געגרייט צום פּסחדיקן סדר, ווי דאָס וואָלט געווען אַ תּרופֿה צו דערגענטערן די באַפֿרײַונג.

פֿאַרמעגלעכע האָבן בײַ פּוילישע אַרבעטערס פֿון דער פֿאַבריק געקויפֿט מעל אויף מצות אָדער בוראַקעס אויף אַרבע כּוסות. די אַרעמערע, וואָס טראָגן נישט צו קיין בוראַק אָדער אַ ביסל מעל,

האָבן זיך געפֿילט אומגליקלעך, ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעשלאָסן פֿון דער האָפֿענונג באַפֿרײַט צו ווערן.

ברוך מעזריטשער, וואָס האָט געאַרבעט בײַם מיסטקאַסטן פֿון דער דײַטשישער קאַנטינע, האָט אַרײַנגעגנבֿעט אַן עפּל אויף חרוסת. שלמה דער קראָקעווער האָט פֿון ערגעץ געבראַכט אַ כריינוואָרצל. מרים פֿון אָטוואָצק, וואָס האָט געאַרבעט אין דער וועשערײַ, האָט געבראַכט אַ גרויס ליכט.

די טיפֿוס־קראַנקע זײַנען געלעגן אויף די פּריטשעס און אויסגע־שמעקט די ריחות פֿון מצות. צווישן די ריחות, וואָס האָבן זיך גע־טראָגן פֿון איווועלע, האָבן זיי אין זייערע צעפֿיבערטע דמיונות נאָך פֿון פֿריִער אָפּגעריכט דעם סדר. זיי אײַלן זיך, האָבן נישט קיין צײַט. מאָרגן קענען אַרײַנפֿאַלן אין באַראַק די אוקראַיִנישע ווערקשוץ און די ס.־ס., זיי קענען דורכפֿירן אַ סעלעקציע צווישן די קראַנקע.

חיים האָט זיך אַרויסגעשאַרט פֿון באַראַק. אין צעטראָגעניש האָט ער שיִער נישט פֿאַרגעסן, אַז אין געציילטע מינוטן גייט־אַוועק דער נאַכטשיכט צו דער האַלע. אין אײַלעניש האָט ער זיך פֿאַרטשעפּעט מיט די פֿיס אין די דראָטן. די שטעכערס האָבן זיך אײַנגעביסן אינעם פּאַפּיר אַרום די פֿיס. ער רײַסט די דראָטן, און זיי שפּרינגען־אָפּ ווי סטרונעס. פֿון וועכטער־טורעם צעשטעפּט זיך אַ מאַשין־געווער. איצט הערט שוין נישט חיים, צי איבער אים זשומען די דראָטן, צי עס זשומען די קוילן. אויף די דראָטן בלײַבן שטיקער פּאַפּיר און חיים אײַלט צו דער מחנה.

עטלעכע מינוט שפּעטער מאַרשירן די געלע געשטאַלטן צו די האַלעס. עס קלאַפּן די הילצערנע טרעפּעס. די טיפֿוס־קראַנקע גייען מיט דראָבנע, שנעלע, צעפֿיבערטע טריט. צווישן זיי גייט אויך חיים כ״ץ. עס דאַכט זיך אים, אַז נישט ער גייט צו דעם נאַכטשיכט, נאָר עפּעס אַ שאָטן פֿון אים. ער אַליין איז אין באַראַק בײַם צעגליטן איווועלע.

בײַם טראָטיל־קעסל האָט ער מער נישט געפֿילט די סמיקע אויס־דעמפֿונגען. ער האָט מער נישט געהערט די קולות־געשרייען פֿון די

פּוילישע מײַסטערס. מאָרגן איז פּסח. דאָרט, אין באַראַק, וועלן ייִדן אָפּריכטן דעם סדר, בעת ער וועט שטיין בײַם צעהיצטן קעסל און מישן מיט דער לאָפּעטע דעם גיפּס. די שקלאַפֿן באַוועגן שנעל מיט די הענט, די רעדער פֿון די פּיקרין־פּרעסן באַוועגן זיך אין דער אומענדלעכקייט אַרײַן. אין דעם וואָלקן פֿון טראָטיל טראָגט זיך דער טויטגעשריי פֿונעם דײַטשישן אויפֿזעער. איצט ווייסט שוין חיים, אַז מאָרגן, אין דער סדר־נאַכט, וועט ער דאָ נישט זײַן, ניין, זיכער נישט! אים איז קלאָר, אַז דאָס, וואָס ער טראַכט — טראַכטן איצט אַלע קנעכט אין דער האַלע. ער קוקט צו די „גיסער״, וווּ עס אַרבעטן כּמעט בלויז פֿרויען. און אין דער רגע דערהערט ער אַ קורץ געשריי פֿון אַ פֿרוי. צוויי שאָטנס לויפֿן אַהין און שלעפּן־אַוועק אַ פֿרוי. (אַ פּופֿציק־קילאָדיקער שראַפּנעל איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף אָט דער פֿרוי).
די מײַסטערס טרײַבן:

— אַרבעטן! ס׳איז גאָר נישט געשען!

האַרט פֿאַר טאָג, ווען דער קעסל האָט שטאַרק געדעמפּט, האָט חיים זיך טיף אַריבערגעבויגן איבערן ראַנד און אַרײַנגעאָטעמט דעם סם. דער אָטעם האָט זיך אים פֿאַרהאַקט, פֿון מאָגן האָט אַ שטויס געטאָן מיט ביטערן שליים. דאָס באַוווסטזײַן אַרבעט: ס׳איז נאָך נישט גענוג! ער אָטעמט־אַרײַן נאָך עטלעכע מאָל, עס פֿאַרדרייט זיך אים דער קאָפּ. אייגנוויליק באַפֿרײַט ער די לאָפּעטע פֿון די הענט און לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, ווי אַן אויסגעשיטער זאַק. אויף דער ערד, בײַם קעסל, האָט ער פֿאַרלוירן דאָס באַוווסטזײַן. אַ גרינ־לעכע שוים האָט אים געיערט פֿון מויל, די אָפֿענע אויגן האָבן געקוקט אין ערגעץ נישט, קאַלט און שטײַף.

ווען דער נאַכטשיכט האָט זיך צוריקגעקערט אין די באַראַקן, האָבן זיי געשלעפּט מיט זיך חיימען ווי מען שלעפּט אַ שווערן זאַק.

חיים איז געקומען צו זיך שפּעט נאָך האַלבן טאָג. די פֿרילינג־דיקע זון, וואָס איז אַרײַנגעפֿאַלן דורך דער אָפֿענער טיר, האָט גע־שײַנט מיט בלוילעכער יומטובֿדיקער פֿאַרב. חיים האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר און שטאַר אַ קוק געטאָן אויף דעם פּאַס ליכט.

זײַן שכן פֿון דער פּריטשע גיט אים איבער, אַז אין דער פֿרי איז געווען דער דאָקטער און אים פֿאַרשריבן, אַז הײַנט איז ער פֿרײַ פֿון דער נאַכטאַרבעט.

— הײַנט איז ערבֿ פּסח? — פֿרעגט ער און פֿאַלט־צוריק צו דער פּריטשע. ער האָט שווער געכאָרכלט מיט די פֿאַרסמטע לונגען, ווי ער וואָלט געאָטעמט דורך אַ צעריסענעם בלאָזזאַק. אָבער אין מוח זײַנען דורכגעלאָפֿן שטיקלעך פֿון פֿאַרוואָלקנטע געדעכענישן: פּסח, פּסח. און ווידער פֿאַלט ער אַרײַן אין אַ הינערפּלעט, ווו אַלץ ווערט מטושטש, פֿאַרווישט אויף אַ רגע, כּדי אויפֿצוטויכן שטאַרקער, קלאָרער.

נאָך זונפֿאַרגאַנג איז ער אַראָפּגעקראָכן פֿון דער פּריטשע און בײַ דער אָפֿענער טיר איז ער געפֿאַלן ווי אַ שיכּור. זײַן דמיון האָט שוין איצט געאַרבעט קלאָר: דערשלעפּן זיך צו די דראָטן. דאָרט, אויף יענער זײַט, אינעם לאַגער פֿון ווערק „בע״ וואַרט אויף אים עפּעס וויכטיקס.

חיים איז דערגאַנגען. ווי אַ הוילער שאָטן האָט ער זיך אַרײַנגעשאַרט אין באַראַק. אַרום אַ לאַנגער, שמאָלער באַנק זײַנען אויף דער ערד אויסגעזעצט יידן, אויף דער באַנק ברענען ליכט. בײַם ראַנד פֿון דער באַנק, דאָרט ווו עס זיצט דער ייִד, וואָס האָט געוועלגערט די טייגלעך, ליגן דרײַ מצות, אַרום דער באַנק זײַנען אויסגעשטעלט בלעכענע קאָנסערוון־פּושקעס. טיפֿער אין באַראַק, אויף די פּריטשעס, זיצן עטלעכע פֿרויען. די יידן האָבן אָנגעקוקט חיימען, ווי ער שאַרט זיך אויפֿן דיל נענטער צו דער באַנק. קיינער האָט צו אים גאָר נישט געהאַט. די בליקן זײַנען בײַ אַלעמען געווען שטילע, פֿרידלעכע.

דער ייִד, דער וועלגערער, אָנגעטאָן אין אַ העמד אָנשטאָט אַ קיטל, שטעלט זיך אויף און גיסט פֿון אַן עמער אין די קאָנסערוון־פּושקעס רויטן בוראַקעס־זאַפֿט. שטיל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט פֿאַרן אָוונט, האָט ער געמאַכט קידוש. די פֿלעמלעך פֿון די ליכט האָבן געציטערט ווי קליינע צעשראָקענע הערצער. חיים האָט גע־

קוקט אויף דעם ייִדס ליפּן און מיטגעזאָגט, ווי ער וואָלט מורא גע־האַט, אַז דער ייִד אַליין האָט נישט קיין כּוח צו דערשלעפּן די ווער־טער...

ווען עמעצער האָט חיימען דערלאַנגט אַ שלוק צו טאָן פֿון אַ קאָנסערוון־פּושקע, האָבן זיך אים די הענט געטרייסלט, ווי אַ דאָרש־טיקער, וואָס איז צוגעפֿאַלן צו אַ לעבעדיקן קוואַל, און ס׳האָבן זיך אים אַליין פֿון האַרצן אַרויסגעריסן די ווערטער: „השתא הכא, לשנה הבאָה בארעא דישׂראל, השתא עבדי, לשנה הבאָה בני חורין...״

פֿון מויל האָבן זיך אים געריסן הייסע ווערטער, ווי אין אים וואָלטן אויפֿגעגאַנגען פֿלאַמען. האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביי־דע הענט אויף דער ערד, מיטן געלן פּנים געווענדט צו די ליכט, און געזאָגט: „עבדים היינו לפרעה במצרים, ויוציאנו ד׳ אלהינו משם ביד חזקה ובזרוע נטויה...״

אין סקאַזשיסקער שקלאַפֿן־לאַגער איז איצט געווען שטיל. דער פֿרילינגדיקער אָוונט האָט זיך אַרײַנגעריסן דורך די שפּאַרעס פֿון באַראַק און אָנגעפֿילט די הערצער מיט אַזאַ אויסטערלישער בענק־שאַפֿט. די ייִדן אין באַראַק זײַנען געזעסן — די אויגן געווענדט צו חיימס געל פֿאַרשלאָסן פּנים. ער האָט געהאַלטן די אויגן פֿאַרמאַכט, ווי ער וואָלט פֿון די אָפּגרונטן פֿון זײַן זכּרון אַרויסגעזוכט זכרונות פֿון זײַנע זיידעס. דורך אים האָבן איצט דורות שקלאַפֿן אַרויסגע־רעדט. וואָס ווײַטער ער האָט געזאָגט, אַלץ גלייכער זײַנען געוואָרן די ווערטער, אַלץ מער האָט ער דערגרייכט צו די טיפֿענישן פֿון פּײַן און קנעכטשאַפֿט. די ייִדן אַרום אים האָבן געפֿלאַמט, זיי האָבן מיט די מײַלער און אויגן געשלונגען פֿון זײַנע ליפּן די ווערטער: „והיא שעמדה לאבותינו ולנו, שלא אחד בלבד עמד עלינו לכלותנו, אלא שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו...״

דורך די קליינע וואָלקנדלעך אויפֿן פֿרילינגדיקן הימל האָט זיך די לבֿנה אַדורכגעריסן און געשטעלט מיטן פּנים צום באַראַק...

תל־אָביב 1949

יעקב פרידמאַן

## תימנער יידן

איצט ווייס איך אויף געוויס:
ס'ווערט אין דער וועלט גאָרנישט נישט פֿאַרלוירן.
דער ייד וואָס פֿאַר טויזנטער יאָרן געשטאָרבן איז —
פֿאַר אַ וואָך איז ביים תימנער שוחט געבוירן...
הײַנט איז זײַן ברית.

איך זיץ צווישן די תימנער אין פֿרימאָרגנדיקן ליכט.
מײַנע אויגן זײַנען אָפֿן און קלאָר:
איך דערקען יעדעס קנייטשעלע אויף איטלעכנס געזיכט,
איך געדענק זיי פֿאַר טויזנטער יאָר.

אין ווינקל זיצט אַהרן הכּהן,
סמאָטשקעט אַ טייטל און פֿאַרזופּט מיט ווײַן.
פֿון הויף קומען דרײַ זקנים פֿאַרסאַפּעט אַרײַן,
ווישן מיט די טליתים דעם שווייס.

איך קען שווערן, איך ווייס,
זיי האָבן אין מידבר מן צונויפֿגעקליבן,
אָדער אין אוהל־מועד געווען...
איך געדענק זיי אַלע פֿון די חדר־יאָרן,
איך האָב זיי אויפֿן חומשל שפּאַנען געזען...

איצט דערקען איך זיי,
די דראָבנע פּיצעלעך יידעלעך מיט די ווײַסע דערשראָקענע בערד.
טייל שטייען אין ווײַנגאָרטן און לאָדן טרויבן
אויף די אייזלען און פֿערד.
ווער וואָלט זיי נישט דערקענט?
מיט קוישן אויף די קעפּ,

און פּיצלעך קינדער אין די הענט,
שטייען די ווײַבער... יענע דאָרט מיט די רויטע אויגן
איז נישט די מאַמע לאה?
זי שטייט נעבן צעלט און בײַסט פֿון הענגל טרויבן.
— אוי, ס'זאָל דיר וויל באַקומען, מאַמעשי, זאָג איך אויף פּראָסט ייִדיש.
זי פֿאַרשטייט נישט און קוקט מיך אָן פֿאַרחידושט.
איך גיי צוריק אין שטוב אַרײַן צום ברית.

דאָס קינד ליגט אין די הענט פֿון אַהרן הכּהן.
די „שבֿטים" זיצן און קנאַקן ניס,
ברומען עפּעס פֿאַרטײַעט און טײַען...
—לחיים! — הייב איך אויף מײַן בעכער — לחיים!
— לחיים! — ענטפֿערן די פּיצלעך ייִדעלעך — לחיים!
און טוען זיך אַ הייב און צעפֿלעכטן אַ ריקודל אַרום די טישן.
זיי האָבן שוין אַ מאָל געטאַנצט אַזוי:
אַרום עגל־הזהבֿ? אָדער אַרום דעם מישכּן?
אַ חילוק?... ברידער טאַנצן, טאַנץ איך אויך...
עס טאַנצט־אַרײַן אין מיטן דער בעל־ברית...
איצט ווייס איך ווידער, ווייס עס אויף געוויס:
ס'ווערט גאָרנישט נישט פֿאַרלוירן.
דער ייִד, וואָס פֿאַר טויזנטער יאָרן געשטאָרבן איז,
פֿאַר אַ וואָך איז בײַם תּימנער שוחט געבוירן —
הײַנט איז זײַן ברית...

## יעקב־צבי שאַרגעל

### ו אַ נ י...

ואני בבאי מפדן...
בראשית, מ״ח, ז׳.

א

דאָס וואָרט, וואָס גענידערט פֿון די הייכן
און געקומען צו מיר אײנעם טאָל —
אַנקערט אין מײַן יונגן זכּרון.
ווער בין איך, צו דיר, זיך צו גלײַכן,
כּדי דערגרייכן דעם געאַרבטן אַמאָל?
אַ מידן פֿון רום און פֿון יאָרן
איך טראָג אים, דײַן נאָמען, מיט באַרים,
כאָטש עס ברענט און ברענט נאָך דער דאָרן
און איך — אין אײנעם מיט אים.

מײַן וויג איז נישט געשטאַנען אין זאַמדן פֿון כּנען
ווי דײַנע.
דײַן לענדערוועג איך נעם נישט פֿאַר אַ בײַשפּיל.
מיט מיר האָט נישט געראַנגלט אַ מלאך בײַם טײַך,
כּדי מײַן דיך צו בענטשן נאָכן שלאָגן.
כאָטש נישט קיין צופֿאַל איז דאָס,
וואָס דײַן נאָמען איך טו אויך טראָגן.

בײַ קיין שום עשׂו האָב איך נישט אויסגענאַרט די בכורה
פֿאַר קיין שום גייער — נישט צוגעשפּאַרט די טויערן,
און דאָך האָט מען מײַנע לינדזן צערויבט — אין אַלע קאַלירן.
טוט רעה דער שטערן פֿון הימל אַלץ נאָך לויערן
און איך ציטער־אויף ווען מחנות מאַרשירן.
נאָר צי פֿון פּחד, צי ווי דו — געטראַכט וועגן זיך אַליין נאָר,

און געביין פֿון אייגענע געלאָזט דאָרט, ביי זיי,
אַצינד, אַז עס יאָגט זייער זכר מיך אין טיפֿן באַרג־אַראָפּ,
גייען־אַרויף אויף מײַנע לייטערס די לידער פֿון געשריי.

גייט מיר תּמיד נאָך דײַן פּרשה וָאָני,
און דײַן ממעמקימדיקער באַרג, דײַן דורותדיק באַדויערן,
און ר׳ סענדערל, מײַן רבי, און דאָס חדר פֿון נישט־הי,
און דאָס טײַכל, וואָס אויף שטענדיק שוין פֿאַרפֿרוירן:

„ואני, און איך, יעקבֿ, כאָטש כ׳בין דיך מטריח
מיט מײַן קבֿורה, זאָלסט מיך טראָגן פֿון מצרים
קיין ארץ־ישׂראל, — אָבער מיט דער מוטער רחל
האָב איך נישט אַזוי געטאָן״.

אַזוי עד־היום
רינגלט זיך מײַן חלום אין דײַן ווידוי וָאָני
און דײַן חרטה וויל מײַן וויזער זײַן אין אָונטיקן גלי.

ב

פֿון מײַנע לעפֿצן טריפֿט נאָך אַלץ דער טוי פֿון צאינה וראינה
און אין אָט דעם לשון כ׳רייד אַצינד פֿון בענטשונג און סך־הכּל.
אין שנייען, רעגנס און חמסינען געטונקען כ׳האָב מײַן פּענע,
וועל איך אַצינד אונטערצײַען, — בײַם צאַנקענדיקן פֿאַקל.

וועט איר מיך דען פֿאַרשטיין? —
וועט אײַער הייסער לויף צום צוריק פֿאַרמאָגן אויך אַהבֿה?
אָ, צעאיינצלטע, יחידישע, איר וואָס ווייסט נישט פֿון קיין רייען,
זאָלן פֿליסן מײַנע רייד צו אײַך, ווי פֿון פֿײַערבערג די לאַווע.

ס׳איז געווען אַ וועלט, זי איז דאָ און וועט זײַן,
און אַ הימל וואָס צעפֿלאַמט אין זריחה און אין שקיעה:

און שטערן פֿאַרפֿירנדע, און שטערן וואָס לײַכטן, זײַנען אַלץ נאָך די שײַן

פֿאַר די, וועמעס לעצטע פֿרייד עס טריפֿט אַראָפּ פֿון ווײַעס.

ואַני, און איך? זאָל זײַן, איך גיי־צוריק צו יענעם פֿאַרטאָג,
ווען דער וועג איז געווען בלוי ווי דאָס אויג
און דער פּחד — דער היימישסטער באַלייטער,
נאָר פֿון וועגן מײַן אייגענעם נאָמען כ׳האָב זיך געבויגן און גענייגט,
און אָפּגעלאָפֿן פֿון זיך אַליין ווײַטער און ווײַטער.

ג

געאײַלט אין טריט פֿון ניגון פֿון ווײַטן דאָרט ביז נאָענטן הי,
דורך קינדצײַט, יוגנט און עלטער.
געשפּאַנט און געוואַרט פֿון שפּעט ביז פֿרי
ווי דער וועכטער אין קעלטן,
צו דערבליקן דאָס געליכט, וואָס וועט אַ שײַן טאָן
פֿון ערגעצן פֿאַרכמאַרעטע, פֿאַרווייִנטע.
וויל איך אָ הייב טאָן מײַנע פֿליגל צום פֿלי,
צו דערלאַנגען דעם חלום פֿון יענעם אינדערפֿרי,
ווען מײַן רבי האָט ס׳ערשטע מאָל מיר באַשיידט
דעם חומשדיקן ואַני...

ד

מײַן זיידע איז אַוועק אַ ריקודל פֿון קאַזמער
מיטן גאַרטל, דעם זײַדענעם, אויף די לענדן.
דער יאָמער האָט געטײַעט אינעם פֿידל פֿון קלעזמער
און נישט געווען איז ווי צו קערן, ווי צו ווענדן.
די שײַן, די פֿאַרהוילענע, וואָס האָט פֿול געמאַכט די שטובן,
האָט געזונגען ניגונים פֿון פֿאַרצײַטנס,
און דער הונגער האָט געמאָלט אויסגעלאָזטע גריוון,
ווי אין באַלעבאַטישע הײַזער, בײַ לײַטנס...

האָט די מאַמע געזונגען פֿון דוד, דעם מלך,
און דער טאַטע — פֿון רביים, חז״ל,
אין אומעטיקן שבת געמאַכט האָט עס פֿריילעך —
דאָס מעשׂהלע מיט מופֿתים פֿון מהר״ל.

די ליכט האָבן געצאַנקט אין לײַכטער פֿון מעש
און די שאָטנס — געטאַנצט אויף די ווענט.
דער חוזה פֿון לובלין, דער גר״א און דער בעש״ט
האָבן געשטעקט אין די גאַרטלען די הענט.

פֿאַרוואָרפֿן זיי האָבן קעפּ אויף די אַקסלען,
געגאַנגען אַ ראָד און אַ פֿריילעכס, —
ביז אָט דעם ליכט זײַנען געקומען און געוואַקסן
דאָס אָרעמע געזינדל דעם מלכּס.

ה

פֿון דער אָרעמוואַנט האָט געשירעמט דער קדוש אַר״י
און זײַן בליק וואָס האָט ס׳חיות אַרויסגעצויגן;
און דאָס גרויסע געזאַנג וואָס געשטראָמט האָט מפּיו
האָט געשײַנט מיט חסד־ליכט פֿאַר די אויגן.

האָבן זעמעלעך און פּירות געוווּנקען אין פֿענצטער
און שטיוול, דעם טאַטנס, האָבן מיטגעוויינט דער נויט,
וואַטע גרויע האָט אַרויסגעקוקט פֿון שפּענצער
און פֿאַרחלשט איז געלעגן דער טעם פֿון ברויט.
נאָר קיין ברויט איז נישט געווען און נישט געווען קיין שיך
און דער פּחד האָט פֿאַריאָגט די ייִדן פֿון די וועגן,
ביז כּבֿיכול האָט אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויף זײַן דיך
און אַ בונד מיט אים פֿאַרשניטן פֿאַר די קינדערס וועגן.

איז אַרויס פֿונעם פּאָס דער שפּונט
און ס׳האָט אַ גאָס געטאָן מיט גאָליקן געטראַנק.

דער טאָג האָט גענידערט טיפֿער צום גרונט
און בײדע געוואָרן זײַנען קראַנק...

ו

אַ יתום, אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען,
כ'לאָז זיך אַליין צו דער וועלט.
נאָר דער וועג איז פֿאַרשטעלט מיט אַ חלום
און פֿרעמד צו מײַן נאָמען.
יאָגט אָט די פֿרעמדקייט אין קאָרק
אין די פֿריידיקסטע טעג פֿון די גאַסן,
כ'לויף־אָפּ פֿון מאַרק צו מאַרק
און פּלאָנטער אין געגיי פֿון מאַסן.

איך שפּאַן אין עקסטאַטישן גלי
מיט די וואָס אין רייען צעשטעלט
עס האָט גלויבן, פּײַן און פֿאַרדראָס,
איך זוך מײַן אָרט אין דער וועלט —
אין לשון, אין וואָרט, אין אות.
האָב איך געטראָגן מײַן אייגענע פּאָן:
אַ צעהויקערטע נאָז פֿון אַ ייִד.
ביז צעקרייעט עס האָט זיך דער האָן
און צעלאָפֿן עס זײַנען אַלע פֿון יאַריד.

ז

כעלעם האָט געהייסן מײַן שטאָט
און מײַן טאַטע האָט געהייסן ר' איטשע,
זי האָט קיין מאָל נישט געוואַרט אויף גנאָד,
אַפֿילו ווען דער הונגער האָט דערקוטשעט.

אירע ייִדן זי האָט געטוליעט באַהבֿה,
געשפּײַזט זיי מיט שפּע און מיט נויט,

אירע גאַסן — באַרגאַרויפּיקע, טשעקאַווע,
קיין מאָל נישט איבערגעזעטיקע מיט פֿרייד.

פֿול מיט גבאים, פּרנסים און פֿירערס,
מיט קאָמוניסטן, ציוניסטן און חסידים;
מיט סוחרים, באַלמעלאָכעס, וואַסער־פֿירערס,
מיט שטענדיק נויטבאַדערפֿטיקע און גבֿירים.

מיט שטרײַקערס, פֿאַרבליבענע פֿון ניקאָלײַען,
מיט ביבליאָטעקן — אַרומגענומענע מיט ליבע,
מיט קאַמפֿן פֿאַר חיונה און מיט הײַען,
און מיט גלויבן אָנגעהויפֿטן אין די שטיבער.

מיט אַ שול, אַ פֿון טרערן אויסגעווייקטע,
מיט אַ יחוס פֿון אַן אַכט הונדערט יאָר;
משה לערער, אין ספֿרים אַ פֿאַרדבקהטער,
קען אײַך אויסרעכענען אַלץ אויף אַ האָר.

ער ווייסט, אַז די שול איז פֿון אַ טומאה
איבערגעבויט דאָ געוואָרן העט, העט,
און דאָס קהל פֿון ערלעכע און פֿרומע
קען גיין מיט אײַך אין אַ געוועט.

אַז אונטערן באַרג פֿון די שטיינער, די פֿאַרטריפֿטע,
וואָס ליגן צווישן מצבֿות, ווי אין קלעם,
אַז אונטערן באַרג פֿון די שטיינער אין דער טיף דאָ
ליגט און רוט ר׳ אלי בעל השם.

און אַ סגולה אַ גרויסע פֿאַר דער עדה
איז דאָס ליגן זײַנס מיט כעלעמער באַזאַמען,
עס עפֿענען זיך די טויערן פֿון גן־עדן
און עס כאַפּן אײַך אַרום יענע פֿלאַמען.

וואָס קומען פון דער שטול פון כביכול
און זאָגן צו אַזוי פיל און נאָך,
ביז ווידער איז אַרויס די מוטער רחל
צו וויינען אויף דער פליוכענדיקער בראָך.

ח

אין כעלעם, דער שטאָט, איז קיין ייִד נישט געבליבן,
זײַנען עלנט די מצבֿות אין פעלד.
און דער ריח פון בלוט — ס׳שטייט אין פנקס פאַרשריבן —
שמעקט מיט בעט, מיט צירונג און מיט געלט.

אין כעלעם, דער שטאָט, נישטאָ מער קיין ייִדן,
נישטאָ מער קיין רײַסערס פון קבֿרים.
אין סאָווין און סוטשין זײַנען פוסט די יאַרידן —
דערציילן הײַנטצײַטיקע ספרים.

אין כעלעם, דער שטאָט, נישטאָ מער קיין ווײַנערס —
ווער זשע זוכט דען געוויין הײַנט אין כעלעם?
וואָס קען דען זײַן פײַנערס, קליגערס און שענערס,
ווי זינגען אונטער אַ הימל, אַ העלן?

האָט מײַן מאַמע געעפנט אַ שפּאַלט אין איר קבֿר
און אַרויס אונטער הימל דעם העלן,
אין תּכריכים צעשיטע, אַבֿר צו אבֿר,
גענומען זינגען אַ ליד צו איר כעלעם.

— דאָס געזאַנג פון דעם שיר און די מעלות,
וואָס געזונגען ס׳האָט דער זינגער פון תּהילים —
איז איר ניגון אַרײַן אין די יעלות
און שיער נישט אין מענטשלעכע געפילן.

נאָר קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען איר שפּראַך,
ווײַל איר לשון איז אַראָפּ אין די גריבער,

האָט ס׳קבֿר איבער איר זיך פֿאַרמאַכט
און איר ניגון איז דעם ירדן אַריבער.

ט

אין שאָטן פֿון פּיטאַנגאָ־ביימלעך — מײַן פּלויט,
זיי פֿאַרפֿלאַנצט כ׳האָב מיט אייגענע הענט,
איך רוף דיך אַרויס אין זכּרון.
כ׳האָב אַ נעסט, כ׳האָב זאַלץ און האָב ברויט
און אייגענע וואַרעמע ווענט.
נאָר אויסגעטאָן פֿון טאַטנס מנהגים
כ׳פֿרעג זיך שטענדיק פֿון וואַנען און וווהין,
און ווי געשאַל פֿונעם וואַלדיקן האָרן
עס ענטפֿערט מיט זשום מיר די בין.

דאָס פֿאַרבאָרגענע ליכט אין טויזנט געשטאַלטן
דרינגט אַלץ נאָך אַרײַן אין מײַן זײַן.
דורך כמאַרעס און חמימות, דורך שפּאַרעס און שפּאַלטן,
אין מיר עס רינט־אַרײַן ווי פֿאַרהיטענער ווײַן.
די גאַס און די היים און דער מאַמעס געוויינען,
דאָס חדר, די שול און דער לאָקאַל —
פֿאַרן זכר פֿון אַלץ וואָס געווען פּײַנלעך און שיין
און אַוועק ווי אַן עלנטער שטראַל,
פֿלאַקערט די זון דאָ און וואַרעמט־אויס נײַע זאָמען
דאָ, אין לאַנד פֿון מײַן נאָמען.

י

בײַ אונדז בליִען שוין מאַראַנצן.
אָ, ווי פֿריידיק איז דאָס וואָרט.
כ׳בין אַ פּויער, מײַנע הענט פֿלאַנצן,
ס׳וואַקסןביימער בײַ מײַן טיר.
זאָל איך וויינען נאָכן דאָרט,

צי גאָר רײַסן דאָס געדענקען?
בײַ אונדז בליִען שוין מאַראַנצן
און טרינקען, טרינקען־אויס מײַן בענקען.
בײַ אונדז בליִען איצט מאַראַנצן
און אין מיר זינגט נאָך דער וואַני...
כ׳לאָז אַ באָרוועסער זיך טאַנצן
בײַם שפּראָץ אויף טאָג, נאָך פֿאַר פֿרי,
אײדער עס לעשט זיך אויס דאָס בענקען
נאָך יעדער שײַן פֿון אָרעם־יום־טובֿ,
בליִען מיט בשׂורה די מאַראַנצן
און דעם בשׂמים־רײַך מיר זיי שענקען.
מאַך איך איבער אים אַ ברכה,
אַן אײַנגעהילטער אין טאַטנס בגדים:
ביימער מײַנע, שלום און הצלחה
אײַך,
מײַן היים
און דעם מינדסטן אָדם.

# צו דער כאראקטעריסטיק

## פון „ג״ט א ייד קיין ארץ-ישראל“

בלעטער פון געשיכטע, שפראכפארשונג, קריטיק און זכרונות

---

מ. קאסאווער

### „די ראזע״, די ערשטע יידישע צייטונג אין ארץ־ישראל און אירע רעדאקטארן *

דער אנהייב פון דער יידישער פרעסע אין ארץ־ישראל פאלט־צונויף מיטן אנהייב פון דער השכלה־באוועגונג אין ירושלים, אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יארהונדערט. די דאזיקע געזעלשאפט־לעך־קולטורעלע באוועגונג האט זיך געשטעלט פאר איר ציל אריינ־צוטראגן אן ענדערונג אין דעם ארץ־ישראלדיקן אשכנזישן ישוב און צעטרייסלען זיינע אלטע מסורה־מויערן. ביזאהער איז תורה גע־ווען די בעסטע סחורה און די פארשיידנסטע ישיבות — די אנשטאלטן וועלכע האבן ארויסגעגעבן אט די תורה־מענטשן. אמת, מיט קיין גרויסע תלמידי־חכמים, שארפע מוחות האט זיך דער ישוב קיין מאל נישט געקאנט איבערנעמען. דאס לערנען איז גיכער געווען א „מלאכה“ אזא, וואס האט אין פארעם פון כולל־געלטער, חלוקה, געגעבן פרנסה — אמת, שטארק בצימצום — דעם יעניקן וועלכער האט זיך מיט איר אפגעגעבן. די ישיבה־לייט זיינען דעריבער געווען

---

* געדרוקט אין ליטעראַרישע בלעטער נ׳ 627, וואַרשע 1936.

אַ מין אָרגאַניזירטער מיוחסדיקער „קלאַס“, וואָס זײַנע געמיינזאַמע אינטערעסן האָבן זיך געדרייט אַרום דער אַקס פֿון חלוקה און זייערע „ממונים“ — אָט די יעניקע וועלכע האָבן געהאַט צו זאָגן אַ דעה בײַם פֿאַרטיילן זי. פֿאַנאַטישע פֿרומקייט איז געווען דער כאַראַקטעריסטישער שטריך זייערער און דעריבער איז קלאָר, אַז זייער אָנשווינגס־קרײַז איז געווען אַן ענגער און אַ שמאָלער, און האָט פֿאַר קיין פֿאַל נישט געקאָנט אַרײַננעמען אין זיך אַזעלכע געדאַנקען, וואָס האָבן געשמעקט מיט אַן ענדערונג פֿון די אָנגענומענע לעבנס־פֿאָרמען. ווען־נישט־ווען ווערט אָט די וואַנט אַ ביסל דורכגעבראָכן און דעמאָלט טוען זיך די ישיבֿה־לײַט אָן אַ כּוח און באַמיִען זיך אַ קוק טאָן דורך די שפּאַרעס אויף דעם, וואָס עס טוט זיך אַרום זיי. ערשט דאַן געפֿינט מען זיי אויך ווי לייענערס פֿון אַ כּשרער לשון־קודשדיקער צײַטונג, ווי דעם המגיד, אָדער דעם רבנים־אָרגאַן הלבֿנון, וואָס איז אַרויס אונטער יחיאל ברילס רעדאַקציע — צו ערשט אין ירושלים און שפּעטער — אין פּאַריז, מײַנץ און לאָנדאָן (ביזן יאָר 1886).

די געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט־צעטיילונג איז געווען אַ שאַרפֿע, אַ קאַנטיקע און האָט זיך שטאַרק געוואָרפֿן אין די אויגן: די מענער — בית־מדרש־זיצערס און עולם־הבא־פֿאַרזאָרגערס; די ווײַבער — שטוב־פֿירערינס, באַלעבאָסטעס, קראָם־זיצערינס, די ווירקלעכע חיונה־פֿאַרזאָרגערינס. זיי, די ווײַבער — די פּראָדוצענטן, די מענער — „קאָנסומענטן“, אַ ליניע אַ באַקאַנטע ביז גאָר אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט פֿון פֿריִערדיקן יאָרהונדערט.

און אָט טיילט זיך אויס אַ קליינע גרופּע משׂכּילים, וואָס האָבן געשטרעבט צו צעטרייסלען זי פֿון אינעווייניק. פֿון אָט דער גרופּע זײַנען אַ טייל געווען היגע געבוירענע, אַ טייל — געקומענע פֿון גרויסן רוסלאַנד. צווישן זיי האָבן זיך אַרויסגערוקט אַזעלכע ווי יחיאל־מיכל פּינעס, דער מחבר פֿון ילדי רוחי; יואל־משה סאַלאָמאָן, דער מיטרעדאַקטאָר פֿון ירושלימער הלבֿנון (1863—64), רעדאַקטאָר פֿון יהודה וירושלים (1877—78) און מיטגרינדער פֿון דער ערשטער ייִדישער קאָלאָניע אין ארץ־ישׂראל פּתח־תּקוה; דער פּאַלעסטינער פֿאָרשער אַבֿרהם־משה לונץ; ישׂראל־דובֿ פֿרומקין, דער רעדאַקטאָר פֿון ירושלימער העברעיִשן וואָכנבלאַט חבֿצלת (1869—1911) און פֿון דער ערשטער ייִדישער צײַטונג אין ארץ־ישׂראל די ראָזע (1877); און שפּעטער קומען־צו: דער העברעיִשער לעקסיקאָגראַף אליעזר פּערלמאַן־בן־יהודה און שמואל ראַפּאַלאָוויטש, דער באַקאַנטער ייִדי־

שער נומיזמאַטיקער און רעדאַקטאָר (צוזאַמען מיט שלמה עפּשטיין)
פֿון דעם וואָכנבלאַט דער ארץ־ישׂראל־ייִד (ירושלים, 1890).

צו ערשט טראָגט די השׂכּלה אין ירושלים אַ דעמאָקראַטישן
כּאַראַקטער. איר הויפּטאײַנהאַלט איז דער קאַמף קעגן די געשוווי־
רענע כּלל־טוערס און פֿאַרשיידענע כּולל־ממונים, וועלכע האָבן זיי־
ערע אַמטן באַקומען בירושה. די הויפּטקעמפֿערס אין די אַכציקער
יאָרן זײַנען ישׂראל־דובֿ פֿרומקין פֿון איין זײַט און יוסף־יואל ריב־
לין פֿון דער אַנדערער זײַט. די אָרגאַנען, ווו אָט דער קאַמף געפֿינט
זײַן אויסדרוק, זײַנען פֿון איין זײַט — חבֿצלת און הלבֿנון, און יהודה
וירושלים — פֿון דער אַנדער זײַט. סוף אַכציקער און אָנהייב נײַנצי־
קער יאָרן ווערט דער השׂכּלה־קאַמף פֿאַרשאַרפֿט. עס קומט־צו יחיאל־
מיכל פּינעס — אַן עקשנותדיקער קעמפֿער, וועלכער טרעפֿט זיך
מיטן בריסקער רבֿ, ר׳ יהושע־ליב דיסקין. די ליניע איז דאָ אַ
קלאָרע: השׂכּלה פֿון איין זײַט און שמאָלקעפּיקער פֿאַנאַטיזם פֿון
דער צווייטער זײַט. יחיאל־מיכל פּינעס פֿאַרנעמט זיך מיט מינדלע־
כער און שריפֿטלעכער פּראָפּאַגאַנדע און דער בריסקער רבֿ באַניצט
זיך קעגן אים און די איבעריקע אַפּיקורסים מיטן אַלט־אויסגעפּרוווטן
מיטל — דעם חרם. בײַ שוואַרצע ליכט ווערט ער אויסגערופֿן פֿאַר אַ
„מוחרם ומנודה", מען ווײַכט אים אויס, מען קעמפֿט קעגן אים און
מען באַוואַרפֿט אים מיט שטיינער אין די גאַסן.

אָבער אין מיטן ברעכט זיך איבער אָט די ליניע: ישיבֿה־לײַט,
רבנים, ממונים און משׂכּילים און אויפֿן זיגזאַג אירן זעען מיר
די גרעסטע פֿאָלקסשיכט — עמך און באַלמעלאָכעס, וועלכע זײַנען
אין גאַנצן געבליבן אויסער דער אַ באַוועגונג. אָט אָ די נישט־אָר־
גאַניזירטע מאַסע איז פֿאַראייניקט דורך איין זאַך: מיט אָרעמקייט
און אָנמעכטיקייט עפּעס צו טאָן, כּדי צו פֿאַרבעסערן איר לאַגע. נאָר
אַ קליינער טייל אירער, די באַלמעלאָכעס וועלכע פֿלעגן זייער שווער
פֿאַרהאָרעווען אַרבעטסטאָג פֿאַרענדיקן אין בית־מדרש הערנדיק אַ
קאַפּיטל עין־יעקבֿ אָדער אַ פּרק משניות, פּרוווט זיך צו אָרגאַניזירן
אין אַ חבֿרה פּועלי־צדק און אין די תּקנות, וואָס זיי האָבן צו דער
צײַט אַרויסגעגעבן, הערן מיר פּשוטע האַרץ־רירנדיקע ווערטער,
וואָס גיבן־צו עטלעכע כּאַראַקטעריסטישע שטריכן צו אָט דעם
אַלגעמיינעם בילד. אָט וואָס עס שרײַבן די גרינדערס פֿון דער חבֿרה
(אין דער איבערזעצונג פֿון העברעיִש): „דאָס האָט אָנגערירט אונד־
זערע הערצער זיך צונויפֿנעמען אין אַ פֿאַרבאַנד, באַפֿעסטיקן דאָס
געצעלט, ווײַל טאָמער טרעפֿט, חס וחלילה, עמעצן פֿון אונדז, אַר־

בעטס־מענטשן, אַ צרה, צי אַן אומגליק — ווער וועט אויף דעם קלאָגן, ווער וועט אויף אים רחמנות האָבן, און ווער וועט אים בײַשטיין אין זײַן בראָך? צי וועלן דאָס טאָן די גרויסע רבנים, וואָס טראָגן די לאַסט פֿון פֿאָלק און וואָס דאַרפֿן אים לערנען און ווײַזן אים ווי צו פֿירן זיך? צי די גבאים, וואָס טראָגן די קרוין פֿון גבאות אויף זייער קאָפּ און זײַנען פֿאַרנומען מיט דער צדקה־קאַסע פֿון דעם ציבור? צי די געזעלשאַפֿטלעכע טוערס („העוסקים בצרכי ציבור"), וואָס טראָגן די פֿאָן פֿון דער פֿאָלקסלאַסט? צי אָט די אַלע ישיבֿה־לײַט, וואָס ליגן אין די אָרעמס פֿון דער תּורה און שלאָפֿן אין שויס פֿון דער גמרא? דעריבער דאַרפֿן מיר זיך פֿאַרלאָזן אויף אונדזער פֿאָטער אין הימל און אויף דער אָנשפּאַר פֿון דער חבֿרה, וואָס האָט זיך צוזאַמענגענומען, כּדי יעדערער זאָל טראָגן דעם צווייטנס לאַסט, אונטערשטעלן אַ פּלייצע און איינער דעם אַנדערן זאָל זאָגן: שטאַרק זיך!"

... אָבער דער ערשטער פּרוּוו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויפֿצוקלערן דעם ברייטן עולם, צעטרייסלען אַ ביסל זײַן אָנמעכטיקייט, אויפֿהייבן אים פֿון זײַן נבֿנעדיקייט און אַרויסהעלפֿן אים פֿון זײַן געפֿאַלנקייט. איז — די ערשטע ייִדישע צײַטונג אין ארץ־ישׂראל, „די ראָזע", וואָס עס האָבן אַרויסגעגעבן ישׂראל־דובֿ פֿרומקין און מיכל הכּהן אין יאָר 1877 אין ירושלים (פֿאַר דעם, אין 1876, איז אַרויס אַ צוויי־מאָנאַט־בלאַט „שערי ציון" אונטער דער רעדאַקציע פֿון י. גאָשציני, חיים פּרעס און א. מ. לונץ, וואָס איז צו ערשט געווען געדרוקט האַלב־העברעיִש, האַלב־ייִדיש, און אין אַ יאָר אַרום — נאָר אין העברעיִש). בײדע האָבן געהערט צו דער ירושלימער משׂכּילים־גרופּע, אין וועלכער י. ד. פֿרומקין האָט פֿאַרנומען ס'ערשטע אָרט.

*

ישׂראל־דובֿ פֿרומקין — אַ ברודער פֿון מיכאל־לוי ראַדקינזאָן, וועלכער האָט אין 1876 אַרויסגעגעבן דאָס העברעיִשע בלאַט „הקול" (שפּעטער געהייסן „הכּרם") און דאָס ייִדישע בלאַט קול לעם (שפּעטער געענדערט אויף (קעניגסבערגער איזראַעליט) — איז געבוירן געוואָרן אין 1851 אין דובראָוונע. זײַן טאַטע, אַ שקלאָווער, איז געווען פֿון די חשובֿסטע חב"דער חסידים, האָט געפֿירט אַ גרויסן האַנדל מיט ריגע, אַ ייִד אַ למדן, מיט בקיאות אין תּנך, איז צו די זעכציק יאָר אַוועק קיין ירושלים און מיטגענומען זײַן 9יאָריקן זון, אים געלערנט בײַ די בעסטע מלמדים און פּריוואַט־לערערס, און פֿאָרנדיק

צוריק קיין רוסלאַנד, צו ליקווידירן זײַנע געשעפֿטן, האָט ער דעם זון אויך מיטגענומען. צוריק אין ירושלים, איז ישׂראל־דובֿ אין 1869 — ער איז דעמאָלט אַלט געווען 19 יאָר — צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן דאָס העברעיִשע צווייִ־וואָכנבלאַט „חבֿצלת“, וואָס איז אָן הפֿסקה אַרויס 41 יאָר ביז 1911. גלײַכצײַטיק האָט ער אויך אַרויסגעגעבן די „חבֿצלת“ אין שפּאַניאָליש, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר די אינטערעסן פֿון די שפּאַניאָלישע ייִדן אין די מזרח־לענדער. דאָרט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט ברענגען נײַס פֿון סיריע, מצרים און אינדיע, „וואָס זײַנען נאָענט צום הייליקן לאַנד“, און פֿון דער אַנדערער זײַט האָט ער געהאַט אין זינען, אַז „אַלע וואָס רײדן שפּאַניאָליש אין לעוואַנט“ (מזרח) זאָלן קאָנען הערן, וואָס עס טוט זיך אין ירושלים. ביידע צײַטונגען האָבן זיך געדרוקט אין דער דרוקערײַ פֿון זײַן שווער ישׂראל באַק — דער אײנציקער, וועלכער האָט דאַן געהאַט אין ירושלים דערלויבעניש אויף אַ דרוקערײַ — ער איז שוין במילא אויך געווען אַ שותּף צו דעם העברעיִשן און שפּאַניאָלישן „חבֿצלת“, וואָס איז אַרויס נישט מער ווי צוויי יאָר.

כּדי צו פֿאַרברייטערן דעם לייענער־קרײַז פֿון די ביידע צײַטונגען, איז פֿרומקין אַרויסגעפֿאָרן אין יאָר 1870 קיין אויסלאַנד. האָט באַזוכט אַלע לענדער בײַם מיטללענדישן ים, וועלכע האָבן געהערט צו טערקײַ. געווען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אַרומגעפֿאָרן די באַלקאַן־לענדער. און פֿון דאָרט אַוועק קיין ווין. צוליב דעם, וואָס זײַן פּאַס איז נישט געווען אין אָרדענונג, האָט אים די ווינער פּאָליציי אַרעסטירט און פֿרומקין איז מיטן עטאַפּ אָפּגעשיקט געוואָרן צוריק קיין ירושלים.

כּדי צו זײַן אומאָפּהענגיק, האָט ער מיט דער הילף פֿון נאָך אַ פּאָר שותּפֿים געגרינדעט אין יאָר 1873 אין ירושלים אַן אייגענע דרוקערײַ, אויף וועלכער ער האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו דרוקן ביכער אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן און אויך אַרויסצוגעבן זײַן „חבֿצלת“. דאָרט האָט פֿרומקין אויך געדרוקט דערציילונגען אין העברעיִש, וואָס ער האָט איבערגעזעצט פֿון ענגליש און דײַטש. אין אַ קורצער צײַט אַרום איז די דרוקערײַ אין גאַנצן אַריבער אין זײַן רשות. אין דעם זעלביקן יאָר האָט ער צוזאַמען מיטן ארץ־ישׂראל־פֿאָרשער אַבֿרהם־משה לונץ געגרינדעט דעם פֿאַראיין „תּפֿארת ירושלים“, וואָס זײַנע מיטגלידער זײַנען געווען סײַ אַשכּנזים און סײַ ספֿרדים, מיט דעם ציל צו פֿירן אַ קאַמף פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון קהלשן לעבן. נישט האָבנדיק אָבער קיין מעגלעכקייטן צו פֿאַר־

בריטערן זײַן טעטיקייט, האָט זיך דער פֿאַראיין באַגרענעצט נאָר מיט צדקה־זאַכן אַליין, ווי באַזאָרגן אָרעמע לײַט מיט מצה אויף פּסח, געבן „מתּן בסתר“ געפֿאַלענע באַלעבאַטים און ענלעכס. מיט אָט דעם פֿאַראיין איז אָבער פֿאַרבונדן אַ וויכטיקער קולטור־אויפֿטו און דאָס איז די גרינדונג פֿון אַ ביבליאָטעק, „בית אוסף ספֿרים“, אין יאָר 1875, אויפֿן נאָמען פֿון משה מאָנטעפֿיאָרע, צו זײַן אַלט ווערן נײַנציק יאָר. אין זײַן אָרגאַן „חבֿצלת“ האָט פֿרומקין אָפּגעדרוקט אַן אויפֿרוף, ווו ער האָט אָנגעוויזן, אַז נאָך מיט עטלעכע יאָר פֿאַר דעם האָט דער ירושלימער רבֿ ר׳ העשל וואָלאָזשינער גערופֿן צו גרינדן אַ ביבליאָטעק, פֿאַר וועלכער ער האָט אויך געהאַט די שטיצע פֿון דעם ספֿרדישן הויפּט־רבֿ ר׳ אליהו אַשכּנזי. פֿרומקין האָט אין דער זאַך געהאַט די הילף פֿון מאָנטעפֿיאָרען גופֿא און אויך פֿון חיים־זעליג סלאָנימסקי, דעם רעדאַקטאָר פֿון „הצפֿירה“. די ממונים פֿון די כּוללים, קעגן וועלכע פֿרומקין האָט אין זײַן אָרגאַן געפֿירט אַן אומאויפֿהערלעכן קאַמף, האָבן דאָ געפֿונען אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט אים און האָבן קעגן דער ביבליאָטעק אויפֿגעהויבן אַ גרויסן שטורעם אָנווײַזנדיק, אַז זי וועט זײַן אַ „נעסט פֿון אַפּיקורסות, פֿון וואַנען עס וועט זיך פֿאַרשפּרייטן כּפֿירה“. צו ערשט האָבן זיי אויסגערופֿן אַ חרם אויף די יעניקע, וועלכע באַזוכן די ביבליאָטעק, און זעענדיק, אַז אָט דאָס מיטל ווירקט שוואַך, האָבן זיי אָנגענומען אַ מער ווירקזאַם מיטל: זײַענדיק די אויפֿזעערס איבער די חלוקה־געלטער, האָבן זיי גאָר גיך אָפּגעשטעלט אָט די אַלע ביבליאָטעק־באַזוכערס זייער שטיצע. דאָס האָט געווירקט: די ביבליאָטעק איז ביסלעכווײַז פֿאַרלאָזט געוואָרן און לסוף אין גאַנצן אונטערגעגאַנגען.

אַ קאַמף האָט י. ד. פֿרומקין געפֿירט אויך קעגן דער „מיסיאָן“, וואָס האָט פֿאַרשפּרייט איר טעטיקייט אין ירושלים. די „מיסיאָן“־געזעלשאַפֿטן פֿלעגן זײַן אונטער דער שוץ פֿון זייערע רעגירונגען און נעמענדיק אין באַטראַכט די קאַפּיטולאַציע־סיסטעם, וואָס האָט דאַן געהערשט אין טערקײַ, לויט וועלכער די קאָנסולאַטן פֿון די פֿאַרשיידענע רעגירונגען האָבן געהאַט פֿולשטענדיק פֿרײַע הענט אין זייער אַרבעט, קאָן מען פֿאַרשטיין, אַז אָט דער קאַמף קעגן דער „מיסיאָן“ איז אייגנטלעך געווען אַ קאַמף קעגן די פֿאַראינטערעסירטע רעגירונגען. דער קאַמף האָט טאַקע געבראַכט דערצו, אַז פֿרומקין איז צוליב אַ מסירה פֿון דער „מיסיאָן“ פֿאַרמשפּט געוואָרן אין יאָר 1883 דורכן ירושלימער פּאַשאַ אויף 45 טעג תּפֿיסה און אויף אַ

חודש צײַט אָפּצושטעלן זײַן „חבֿצלת“. אַרויסגייענדיק פֿון תּפֿיסה, ווו די רעגירונג האָט אים דווקא פֿײַן באַהאַנדלט, האָט ער דעם קאַמף נישט אויפֿגעגעבן און זיך גענומען צו אים מיט מער אימפּעט. צוליב דעם האָט ער דאָס אין יאָר 1884 צוזאַמען מיט בן־יהודהן און ניסים באַכאַר געגרינדעט די חבֿרה „עזרת נדחים“, וואָס האָט געציילט איבער הונדערט מיטגלידער און וואָס האָט געפֿירט איר אַרבעט ביז דער וועלט־מלחמה.

גאָר פֿאַרצווײַגט איז געווען י. ד. פֿרומקינס געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט, וואָס ער האָט געפֿירט אויף אַ ברייטן, ביז אים אומבאַקאַנטן, מאָסשטאַב. זײַן הויז איז געווען אָפֿן פֿאַר אַלעמען און פֿאַר יעדערן האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט, אַ רעכטפֿאַרטיקע עצה, גע־געבן שטיצע און הילף אַ נויטבאַדאַרפֿטיקן.

אינטערעסאַנטע שטריכן צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿון ישׂראל־דובֿ פֿרומקין געפֿינען מיר אין די זכרונות פֿון אפֿרים כּהן־רײַס, וועלכער האָט פֿאַר דער מלחמה אָנגעפֿירט מיטן ארץ־ישׂראלדיקן שולוועזן, וואָס איז געוואָרן אויסגעהאַלטן דורכן „הילפֿספֿאַראיין“ פֿון די דײַטשישע ייִדן (געדרוקט אין זײַן „מזכרונות איש ירושלים“, תּל־אָבֿיבֿ, תּרצ״ג) דאָרטן דערציילט אפֿרים כּהן־רײַס: „אויפֿן צוועלפֿטן יאָר פֿון מײַן לעבן פֿלעג איך אין די שבת־צו־נאַכטן זײַן פֿון די אײַנגייערס בײַ פֿרומקינען אין הויז, ווו עס פֿלעגן זיך צו־נויפֿקומען די ווינציקע ירושלימער משׂכּילים פֿון יענער צײַט. דאָ פֿלעג איך הערן פֿון רי״ד (ר׳ ישׂראל־דובֿ) פֿרומקין און פֿון די אַרו־מיקע דבֿרי־תּורה און געשעענישן, וואָס קומען־פֿאָר אויף דער וועלט בכלל און אין דער ייִדישער וועלט בפֿרט. ווען די הכנסה פֿון דער דרוקערײַ און פֿון „חבֿצלת“ אין משך פֿון דער וואָך איז געווען נישט קיין שלעכטע, פֿלעגט רי״ד פֿרומקין שיקן קויפֿן לכּבֿוד „מלווה מלכּה“ אויך וואורשט צו דער סעודה. דער וואורשט האָט אַלעמען זייער געשמעקט. רי״ד פֿרומקין פֿלעגט אָנהייבן זינגען „אָמר ה׳ ליעקבֿ“ און „אליהו הנבֿיא“, וואָס ער פֿלעגט זינגען מיט אַ זיסער שטימע. איך פֿלעג זיך אויך אָנשליסן אין די אַרומיקע און צוזאַמען זינגען אין אַ כאָר“. אָט אַזוי האָט געלעבט, געאַרבעט און געווירקט איינער פֿון די מערקווערדיקסטע טיפּן פֿון אַלטן אַשכּנזישן ישובֿ אין ירו־שלים. געשטאָרבן איז ישׂראל־דובֿ פֿרומקין אין ירושלים דעם 10טן מײַ 1914.

וועגן מיכל הכּהן, דעם צווייטן מיטרעדאַקטאָר פֿון די ראָזע גע־פֿינען מיר ידיעות אין דעם אַרטיקל „האריאל“, געשריבן פֿון זײַן

איינקל חיים־מיכל מיכלין (אין דעם צווייטן באַנד פֿון „קובֿץ לדבֿרי ימי העתונות בארץ־ישׂראל“, תּל־אָבֿיבֿ, ניסן תּרצ״ו, זז׳ 39—47). ער איז געבוירן געוואָרן אין 1834 אינעם שטעטל ראַסיין, ליטע. זײַן פֿאָטער, ר׳ אליעזר הכּהן, איז געווען רבֿ אין דאַסנעווע און שפּעטער האָט ער באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל און אָפּלאָזן דאָס רבנות. כּדי ער זאָל אָבער נישט דאַרפֿן אָנקומען צו חלוקה, האָט ער אויף זיך גענומען אויסצולערנען אַ פֿאַך. און כּדי קיינער זאָל דערפֿון נישט וויסן, האָט ער שטילערהייט פֿאַרבעטן צו זיך אַ שוסטער און אויף אַזאַ אופֿן זיך אויסגעלערנט שוסטערײַ. „די ירושלימער האָבן אויף אָט דעם נײַעם „שוסטער“ געקוקט מיט גרויס פֿאַרוווּנדערונג, ווײַל די גאַנצע פֿיזיאָגנאָמיע פֿון דעם מענטשן האָט זיך נישט גע־פּאַסט צו זײַן אַרבעט. זײַנע פֿינגער זײַנען געווען צו־אײדל און צו־ווײַס, כּדי זיך צו פֿאַרנעמען מיט שוסטערײַ, ווײַל סוף־כּל־סוף איז ער קיין גוטער שוסטער נישט געווען, נאָר אַ לאָטוטניק“. דער סוף איז געווען, אַז זײַנע לאַנדסלײַט האָבן אים דאָ דערקענט און די ירושלימער רבנים האָבן אים געצווונגען זיך נעמען צוריק צו רבנות. פֿון גרויס קלעמעניש, וואָס זײַן פֿרוי האָט זיך אים נישט אײַנגעגע־געבן, איז ער קראַנק געוואָרן און אין אַ קורצער צײַט אַרום גע־שטאָרבן.

מיכל הכּהן האָט געלערנט בײַם באַרימטן ירושלימער רבֿ ר׳ שמואל סאַלאַנט. אין גיכן איז ער באַקאַנט געוואָרן פֿאַר אַן עילוי. אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער אַוועקגעפֿאָרן הערן תּורה אין די ישיבֿות פֿון ליטע און פּוילן. קומענדיק צוריק קיין ירושלים, האָט ער באַשלאָסן זיך אָפּצוגעבן מיט דרוקערײַ און איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אײַנגעפֿירט אַ ליטאָגראַפֿיע אין ירושלים, ווו ער האָט צוזאַמען מיט יחיאל בריל און יואל־משה סאַלאָמאָן געהערט צו דער גרופּע, וואָס האָט דאָרט אין 1853 אַרויסגעגעבן דעם „הלבֿ־נון“, די ערשטע העברעיִשע צײַטונג אין ארץ־ישׂראל.

„מיכל הכּהן — שרײַבט חיים־מיכל מיכלין (דאָרט ז׳ 40) — איז געווען דער געלאַסנסטער צווישן זיי (פֿון דער אויבנדערמאָנטער גרופּע — מ. ק.). ער איז געווען אַ ירא־שמים, אַ גרויסער למדן און איינער פֿון די אויסגעצייכנטסטע פּקחים אין ירושלים. גלײַכצײַטיק האָט ער אויך געשטרעבט צו „השׂכּלה“, צו ישוב ארץ־ישׂראל און צו פֿאַרשפּרייטן אַרבעט, מלאכה און האַנדל אין ארץ־ישׂראל. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ שיינעם סטיל אויפֿן שטייגער פֿון מאַפּו און שולמאַן, וואָס ער האָט זיי ווונדערלעך נאָכגעמאַכט. ער האָט געהאַט אַ גרויסע

השפּעה אויך אין לאַנד און דער עיקר אין גלות, ווו מ׳האָט אים זייער געאַכט און אָפּגעגעבן כּבֿוד״.

... געשטאָרבן איז מיכל הכּהן אין ירושלים כ״ד אלול 1914, אין אָנהייב פֿון אויסבראָך פֿון דער וועלט־מלחמה.

*

אין יאָר תּרל״ז־1877 איז ישׂראל־דובֿ פֿרומקין מיט מיכל הכּהן צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן די ערשטע ייִדישע צײַטונג אין ארץ־ישׂראל, די ראָזע — וואָס האָט אייגנטלעך געהייסן „חבֿצלת״ — „די ראָזע, אַ ייִדישער פֿאַמיליען בלאַט, פֿאַר אַלע אוהבֿי ציון וירושלים, ערשײַנט לעת עתּה צוויי מאָהל אים חודש״.

אין דער הקדמה צום ערשטן נומער פֿון די ראָזע, וואָס איז אַרויס אין ירושלים ב׳ אייר תּרל״ז (Jerusalem, 16 April 5637), אין פֿאָרמאַט פֿון 31:21 צענטימעטער, זאַצשפּיגל 26:18 צ״מ, שרײַבן די אַרויסגעבער אַזוי (אויסלייג און אָפּשטעל־צייכנס — נישט געענדערט, נאָר צוליב טעכנישע טעמים — אויסגעלאָזט די נקודות):

„וואָס גיבין דאָ דיא לײַט אָן? וואָס ווילין זיי ווײַטער? שוין אַ חבצלת אָף זשאַרגאָן אויך?״ אַזוי ווערלין געוויס פֿרע־גין פֿיל לעזער וועלכע זיינען אונבעקאַנט מיט אונזער גרונד־ליכען צילל; אונד דער פֿאַר, קלערין מיר אַז עש איז טאַקע ניט איבעריג צו ערקלערין זיי וואָס אונזער צילל איז איי־געַנטליך מיט דער הערוס־גאַבע פֿאָן דעם חבצלת אין לה״ק (לשון הקודש) שוין 7 יאָהר, אונד איצטער מיט דעם זשאַר־גאָן בלאַטט. דאַרום גיבען מיר דאָ דיא ה ק ד מ ה, האָץ מיר שטיממען אייגענטליך גאָר נישט איין מיט דעם אַלטען מחבר׳שען שפּריך וואָרט „אַ ספֿר אָן אַ הקדמה, איז וויא אַגוף אָן אַ נשמה״.

ווײַטער דערקלערן די רעדאַקטאָרן בדרך משל, וואָס עס האָט זיי געבראַכט אַרויסצוגעבן די צײַטונג:

... „דיא ליבשאַפֿט צו ארץ ישׂראל וואָס פֿילט אָן — מעהר אָדער וויניגער — דיא הערצער פֿון אַללע אונזערע ברידער, אונד אונזערע אויך; אונד דער שטאַרקער וונש (וווּנטש) צו פֿאַר בעסערן דיא ביטערע לאַגע פֿון איהרע איינוואָהנער, פֿאָדערט בעקאַנט צו זיין מיט דיא פֿעהלער פֿון לאַנד אונד

לייט. ניט וויסענדיק דיא קראַנקהייט קאָן מען קיין רפֿואות ניט געבין — — אונזערע ברידער דאָ זיינען נעבעך קראַנק, זעהר געפֿעהרלעך קראַנק, דיא דאָקטוירים זיינען אָבער אַם מייסטען גאַנץ ווייט, נוא, מען שרייבט צו זייא, מיא ווײנט פֿאַר זייא, מיא פֿאַר לאַנגט פֿון זיי היילפֿע, מיא דערצײלט זיי אַפֿילו כלומרשט דיא קראַנקהייט אָבער ניט ריכטיג. נוא, זיי האָבין רחמנות זיי שיקין הילפֿע, אָבער דאָס העלפֿט גאַנץ ווייניג, דיא קראַנקהייט פֿאַר גרעסערט זיך, אונד אָפֿטער טרעפֿט טאַקע אַז זייערע רפֿואות אַלליין פֿאַר גרעסערן נאָך דיא געפֿאַהר אונד עש איז גאַנץ שלעכט".

דאָס איז אַ טיפּישער אויפֿקלערונגס־אופֿן פֿון אַ משׂכּיל, וואָס קוקט זיך צו, ווי דאָס פֿאָלק לײַדט, זעט זײַנע צרות און פּײַן, און נעמט זיך אונטער צו העלפֿן אים נאָך זײַנע מעגלעכקייטן נאָך. דאָס האַרץ ווייטיקט אים אויף דער צעשפּליטערטקייט, וואָס עס הערשט צווישן די ירושלימער ייִדן, אויף דעם תּהום, וואָס ליגט „צווישן די רבנים — ממונים און המון־העם", און נאָך מער אינטערעסירט אים „אויף דיא רדיפֿות אונד יסורים פֿון דיא אונוויססענדע, וואָס ווילין זיך לערנען פֿיליסופֿיא אָף אָרעמע לייטישע קאָסטען". די רעדאַקטאָרן ווילן דעריבער צו וויסן געבן, וועלכע זײַנען די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו אָט דער שפּלער לאַגע, ווי אויך אָנווײַזן די מיטלען, כּדי זי צו פֿאַרבעסערן. דאָס האָבן זיי שוין אויך דורכגעפֿירט אין זייער העבּרעיִשן אָרגאַן „חבצלת", אָבער צוליב דעם, וואָס דאָס פֿאָלק פֿאַרשטייט זייער ווייניק העבּרעיִש, האָבן זיי זייער ציל נישט אין גאַנצן דערגרייכט. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן זיך ווענדן צו די פֿאָלקסמאַסן אין זייער שפּראַך — אין ייִדיש. אויף זייער לשון הייסט עס בײַ די רעדאַקטאָרן אַזוי:

„אונזער ציילל צו פֿאַר בעסערין די לאַגע בכלל, דורך בעקאַנט מאַכונג פֿון דיא אַללע פֿעהלער וואָס זיינען די סיבה צו דער ביטערער לאַגע, אונד אללע מיטלען וואָס מיא דאַרף טאָן צו ממלא זיין דעם חסרון, קאָנען מיר דורך אונזער חבצלת בלשון הקודש, נור האַלב וועגס עררייכען, ווייל זייער פֿיל פֿון די יעניגע, וואָס דאַרפֿין דאָס וויסין, פֿאַרשטעהען לשון הקודש ווייניג אונד צו דעם צוועק אַז דער המון עם בארץ ישראל

ובחוץ לארץ זאל עפּפּנען די אויגין אונד גוט אכטונג געבין אף די זאכין וואס זיינען נוגע דער לאגע פון ארץ ישראל, צו דעם צוועק קאננען מיר בישע ה׳ דורך אַ זשארגאן בלאטט, פיל גיכער צוקומען, ווייל עש איז א פארשטאנדיק שפּראך אונטער די די אללע וואס זיינען אינטערעסירט דארינען״.

דעריבער דריקן די רעדאַקטאָרן אויס זייער האָפענונג, אַז „די אַללע אוהבי ציון וירושלים באמת וועלין פאַר שטיין ווי נאָטהיג אַזאַ בלאַטט איז צו דער היינטיגער לאַגע אונד וועלין שטיצין מיט דעם קליינעם פּרייז וואָס מיר האָבין גישטעלט אַף דעם בלאַטט״. ווײַטער ווײַזן די רעדאַקטאָרן אָן, אַז די צײַטונג וועט זיך נישט באַגרענעצן נאָר מיט איר הויפּטזאַכ־לעכן ציל, נײַערט וועט זען צו זײַן אַן אינפאָרמאַטיווע צײַטונג, ווו עס וועט אויך געדרוקט ווערן בעלעטריסטיק: „דען אויסער זיין הויפּט־זאַכליכען ציל, וועט ער אויך בריינגען אַנדערע זאַכען, שיינע ספּורים, איבער זעצונגען, לאַנדעס נאַכריכטען, פערשידענע פּאָליטישע אונד יידישע נאייקייטען, מיט דער צייט וועט ער אי״ה (אם ירצה השם) אויך פאַר גרעסערט ווערין, אונד וועט זיין אַ שאנער (שיינער) פאַמיליען בלאַטט, וואָס וועט בריינגען נוצען פאַר אַללעמען אונד איבער הויפּט לאו־הבי ציון וירושלם״.

... די רעדאַקטאָרן פון דיא ראָזע האָבן געהאַלטן וואָרט וועגן דעם בעלעטריסטישן טייל פון דער צײַטונג, ווו זיי ברענגען „שיינע ספּורים און איבערזעצונגען״. פון דער בעלעטריסטיק געפינען מיר אין דעם ערשטן נומער אויף ז׳ 2—6 אונטערן שטריך „גבֿריאל זיס. זעהר אַ שיינע ערצעהלונג, פערפאַסט פאָן שלמה כהן אין פּראָג, איבערזעצט פון דייטש״ (דורך ישׂראל־דובֿ פרומקין?) —, וואָס ענדיקט זיך מיט דער באַמערקונג „דיא איבריקע קומט וויטער״ (און נישט ווי ייִדישע צײַטונגען שרײַבן הײַנט „פאָרזעצונג קומט״!) אויף ז׳ 6—7 קומט אַ פעליעטאָן „אַ בטלאָנישע רייד״ וועגן דער „מכּה פון ממונים״, אַ שטאַרק באַליבטע טעמע בײַ פרומקינען, וועל־כער האָט כּל ימיו געפירט אַ קאַמף קעגן די ממונים איבער דער חלוקה — אַ קאַמף, וואָס ער האָט אים אויפגעגעבן ערשט אין די 90ער יאָרן, שלום־מאַכנדיק מיט זײַנע קעגנערס. אונטער דעם פע־ליעטאָן חתמעט ער זיך מיט אַ פסעוודאָנים „טאַקע איך אַלליין״.

... דער צווייטער נומער איז אַרויס אין צוויי וואָכן אַרום און איז געווען אויך דער לעצטער נומער פון דיא ראָזע, אַ צײַטונג וואָס

האָט זיך געשטעלט דעם ערלעכן ציל צו באַדינען די ייִדישע פֿאָלקס־מאַסן אין ארץ־ישׂראל, איינפֿלאַנצן אין זיי די ליבע צום לאַנד און אַרויסהעלפֿן זיי פֿון זייער געפֿאַלנקייט.

זרובבל

# פֿאָלק ישׂראל און מדינת ישׂראל

פֿראַגמענטן

... אַרבעט און הגנה זיינען דאָ געגאַנגען געפּאָרט. הגנה — ניט אין זיבעץ פֿון זעלבוץ אין גלות, פֿון פֿאַרטיידיקן זיך קעגן איבערפֿאַלן און פּאָגראָמען. הגנה — ווי שוץ פֿאַר די רעכט צו שאַפֿן אַליין אַן אייגן לעבן, צו טראָגן אַליין די אַחריות פֿאַר אים. הגנה, ווי אַ נייע לעבנס־עטיק — קודם־כּל פֿאַר זיך גופֿא, און דורך דעם, ממילא, אויך כּלפּי אַנדערע. קיין מאָל איז אין ארץ־ישׂראל ניט געווען דער געדאַנק פֿון פֿאַרטיידיקונג אָפּגעטיילט פֿון דעם פּרינציפּ פֿון זעלבסט־אַרבעט. עס איז די אַרבעט, דאָס רעכט אויף איר און אירע רעזולטאַטן, וואָס דאַרפֿן באַשיצט און פֿאַרטיידיקט ווערן. איז עס ניט די פֿראַגע בלויז פֿון דעם אַיין אָרט, וואָס ווערט אין קאָנקרעטן מאָמענט באַפֿאַלן און אַטאַקירט; ס'איז אַ נייע לעבנס־שיטה, אַ נייער גאַנג פֿון ייִדישן מענטש אין גאַנצן לאַנד. אין דער גאָרער וועלט. נעכטן איז עס געווען קעגן ווילדן פּרימיטיוון אַראַבער, דעם בעדויִנער פֿון אומ־קולטיווירטן מדבר; מאָרגן איז עס געוואָרן, פּונקט אַזוי נאַטירלעך, קעגן דעם כּלומרשט ציוויליזירטן ענגלענדער, וואָס וויל באַגליקן אַלע איינוווינערס פֿון לאַנד מיט זיין מאָדערנער אייראָפּעיִשער קולטור... דורך „השומער" צו „הגנה" ווערט אויסגעטראָטן דער וועג פֿאַר דער ייִדישער הגנה־אַרמיי, וואָס נעמט־אויף אומדערשראָקן די מלחמה קעגן די אַלע, וואָס ווילן באַרויבן אָדער פֿאַרמינערן אונדזער רעכט צו לעבן פֿריי אין אונדזער, דורך אונדז אויפֿגעבויטן פֿאָטערלאַנד.

די אַרבעטערשאַפֿט האָט אין ארץ־ישׂראל געבראַכט דעם יסוד פֿאַר אַ נייער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. איר געהערט די איניציאַטיוו כּמעט אויף אַלע שטחים פֿון אונדזער נאַציאָנאַלן אויפֿשטייג. זי איז אויך געוואָרן די טרעגערין און רעאַליזאַטאָרין פֿון דער נייער קולטור. עקאָנאָמיש און ווירטשאַפֿטלעך האָט די אַרבעטערשאַפֿט גע־

שאַפֿן די מעגלעכקייט פֿון אַ נײַער געזעלשאַפֿט אין האַרץ פֿון מי־טעלן מזרח, אין געדיכטעניש פֿון מדבר. דאָס איז אויך געווען דער יסוד פֿאַר אַ נײַער גײַסטיקער קולטור, ניט נאָר שפּראַך, נאָר אויך פֿאַרמעגן פֿון לעבן, אויך באַציִונגען צווישן פֿאָלק און פֿאָלק, באַציִונגען אין פֿאָלק, פֿון מענטש צו מענטש, צווישן קינדער און על־טערן, צווישן מאַן און פֿרוי, צווישן יחיד און כּלל, צווישן מענטש און נאַטור, צווישן מענטש און וועלט. דאָס גילט ניט ווי סתּם אַ מליצה און ס'איז ניט קיין ענין פֿון אַ יחיד דער כּלל, אַז אַלץ וואָס האָט אַ שײַכות צו מענטשהייט, גייט מיך אָן. דאָ איז עס נאַטירלע־כערהייט דאָס פֿאַרמעגן פֿון ייִדישן כּלל. ער קאָן ניט זײַן פֿרעמד צו דעם; ער אַליין שאַפֿט אָט דאָס מענטשלעכע אין די סאָציאַל־פּאָליטי־שע באַדינגונגען פֿון דער ייִדישער סבֿיבֿה. שטייט דער אַרבעטער מיט זײַנע שטרעבונגען און אידעאַלן אין צענטער פֿון ייִדישן לעבן אין ארץ־ישׂראל, און דאָס גאַנצע פֿאָלק הייבט־אָן ענדערן זײַן באַ־ציִונג צום אַרבעטער־קלאַס, ווי צום אייגנטלעכן שאַפֿער און צעמענ־טירער פֿון פֿאָלק אין זײַן נײַעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אויפֿגאַנג.

*

... ווינציקע האָבן געהאַט די אמונה, אַז דאָס ווערק פֿון ציוניזם וועט געלינגען. געווען אַ מורא, עס זאָל זיך ניט אויסלאָזן ווי מיט אַנדערע פֿאַלשע משיח־באַוועגונגען, עס זאָל דערנאָך נישט ווערן נאָך שווערער דער יאָך פֿון גלות... און אַלץ איז געווען אָפּהענגיק פֿון אייגענע גלידער און נערוון, פֿון אייגענעם אָנשטרענג און כּוח צו פֿאַרוואַנדלען אידייע אין וואָר. מיר האָבן איבער דעם געוויטיקט, געפּאָקט און געמאָזלט, געוואַכט טעג און נעכט, אויסגעשטאַנען שפּע־טערײַ און זידלערײַ, בײַגעקומען בערג מיט מכשולים און געבליבן פֿעסט פֿאַרוואָרצלט אויף תּמיד אין דעם לאַנד פֿון אָבֿות און קינדער.

ס'מוז זיך וואַרפֿן אין די אויגן אַ מערקווערדיקע דערשײַנונג, וואָס איז ניט צו געפֿינען אירס גלײַכן בײַ קיין שום אַנדער מדינה. גראָד אין די שווערסטע טעג פֿון גורלדיקע שלאַכטן, ווען ס'איז ניי־טיק צו מאָביליזירן אַלץ מער זעלנער פֿאַר דער קריג־פֿירנדיקער אַרמיי, — ווערט גאָר אין דער מדינה ישׂראל רעאַליזירט אַ פּלאַן פֿון מאַסן־קאָלאָניזאַציע אין אַ פֿאַרנעם, וועגן וועלכן מען האָט ניט געהאַט די העזה צו טראַכטן קיין מאָל פֿריִער. מ'איז בשעת דער מלחמה אַרויפֿגעגאַנגען אויף צענדליגער נײַע פּונקטן און זיך באַ־זעצט צו אַן אַרבעט־לעבן. די קאַמפֿן גייען נאָך אָן, און מען פֿאַר־נעמט זיך גאָר אינטענסיוו מיט קאָלאָניזאַציע־אַרבעט; און דאָס כאַ־

ראַקטעריסטישסטע דערבײַ איז, וואָס אָט די מאָביליזאַציע פֿאַר רעכט שעפּט טאַקע פֿון דער מאַסע זעלנער גופֿא. אַזוי איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין דער אַרמיי אַ טאָג פֿאַר קאָלאָניזאַציע ערבֿ די פֿונאַנדערגעפּלאַקערטע אַנטשיידנדיקע שלאַכטן אין נגבֿ. ממש אין דער זעלביקער צײַט, ווען די הגנה־אַרמיי האָט מיט גבֿורה פֿאַרנומען אַזאַ וויכטיקע סטראַטעגיש־פּאָליטישע פּאָזיציע, ווי באר־שבֿע, זײַנען הונדערטער סאָלדאַטן אַריבער צו נײַע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס. זיי האָבן זייערע ביקסן ניט געקאָנט איבערשמידן אין אַקער־אײַזנס, אָבער זיי האָבן זייערע כּלי־זיין פֿאַרוואָרפֿן איבערן אַקסל און אין האַנט גענומען פֿעסט דעם רידל אָדער זיך אַרויפֿגעזעצט אויפֿן טראַקטאָר. דער זעלביקער פּלמ״ח, וואָס האָט זיך קונה שם געווען ווי דער אַוואַנגאַרד, וואָס עפֿנט פֿאַרזיגלטע וועגן פֿון שונא און שפּאַנט אין זײַן באַפֿרײַונג־מאַרש פֿון נצחון צו נצחון, דער זעלביקער פּלמ״ח האָט זײַנע קעמפֿנדיקע איינהייטן פֿרײַוויליק אַרויסגעשיקט ווי פּיאָנערן בײַם באַזעצן נײַע באָדנס פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג. די אַרמיי האָט פֿאַרגרעסערט דעם שטח פֿון דער מדינה. דערמיט אַליין איז זי ניט יוצא: זי מאַכט אַ טראָט ווײַטער און גרייט צו דעם דאָזיקן באָדן פֿאַר נײַע עולים.

מדינת ישׂראל איז אויפֿגעקומען מיטן כּוח פֿון עליה. זי איז געהייליקט אויך ווײַטער פֿאַר דער עליה. דאַרף מען דען האָבן אַ בעסערן און מער באַגלייבטן עדות, ווי די מאַסן עולים, די מעפּילים, וואָס זײַנען אַרײַן אין לאַנד זינט די מדינה איז אויסגערופֿן געוואָרן?

תל־אָביב 1949

חיים ווייצמאַן

## אונדזער אוניווערסיטעט אין ירושלים אין 1918

### פֿון זײַן רעדע בײַם לייגן דעם גרונטשטיין פֿאַר דעם ייִדישן אוניווערסיטעט אויפֿן הר־הצופֿים חמישה־עשׂר באָבֿ תּרע״ח דעם 24סטן יולי 1918

דאָס, וואָס האָט נאָך מיט איניקע יאָרן צוריק אויסגעזען ווי אַ חלום, ווערט איצט אַ ווירקלעכקייט.

וואָס איז די באַדײַטונג פֿון דעם ייִדישן אוניווערסיטעט? וואָס

זאָלן זײַן אירע אויפֿגאַבן? אין פֿלוג זעט עס אויס ווי אַ פּאַראַדאָקס, וואָס אין אַ לאַנד מיט אַזאַ קלײנער באַפֿעלקערונג, אין אַ לאַנד וווּ מען דאַרף נאָך אַלץ טאָן, אין אַ לאַנד וואָס דאַרף נאָך אַזעלכע אײנפֿאַכע זאַכן ווי אַקער־אײַזנס, וועגן און פּאָרטן, גײען מיר אָנהײבן מיטן שאַפֿן אַ צענטער פֿאַר דער גײַסטיקער און אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג. אָבער דאָס איז נישט קײן פּאַראַדאָקס פֿאַר די, וואָס קענען די ייִדישע נשמה. אמת, מיר שטײען נאָך פֿאַר גרויסע סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען, וואָס זײער לײזונג וואַרט אויף אונדז. מיר, ייִדן, ווײסן אָבער, אַז ווען מען גיט דעם גײַסט דעם ברײטסטן שטח, ווען מיר האָבן אַ צענטער פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון ייִדישן באַוווסטזײַן, וועלן מיר אויך קומען צו דער באַפֿרידיקונג פֿון אונדזערע באַדערפֿענישן. אין די פֿינצטערע צײַטן פֿון אונדזער לעבן האָבן מיר געפֿונען אַ שוץ און באַהעלטעניש צווישן די ווענט פֿון אונדזערע בתּי־מדרשים און היכשולן, און אינעם מסירת־נפֿשדיקן שטודירן די ייִדישע וויסנשאַפֿט האָט דער ייִד געפֿונען אַ פֿאַרלײַכטערונג און טרײסט. אין מיטן דעם טריבסטן געטאָ זײַנען געשטאַנען כּסאות־הוראה, אַרום וועלכע עס זײַנען געזעסן מחנות יונגע ייִדן צופֿוסנס פֿון די רבנים און מורים. די בתּי־מדרשים און ישיבֿות זײַנען געווען די קראַפֿטקוואַלן, וווּ עס האָט זיך אין משך פֿון לאַנגע יאָרן פֿון רדיפֿות אָנגעזאַמלט די אינטעלעקטועלע און גײַסטיקע ענערגיע, וועלכע האָט פֿון איין זײַט מיטגעהאָלפֿן צום דערהאַלטן אונדזער נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ און פֿון דער אַנדער זײַט, בעת עס זײַנען געפֿאַלן די מויערן פֿון געטאָ, אַרויסגעשטראָמט ווי אַ ברכה פֿאַר דער מענטשהײט. די חכמים פֿון ארץ־ישׂראל און בבֿל, דער רמב״ם און דער גאון פֿון ווילנע, שפּינאָזאַ און קאַרל מאַרקס, הײַנריך הײַנע און פּאַול ערליך — אָט דאָס זײַנען אײניקע גלידער פֿון דער לאַנגער, נישט־איבערגעריסענער קײט פֿון גײַסטיקער אַנטוויקלונג. דער אוניווערסיטעט זאָל, ווי זײַן נאָמען באַווײַזט, לערנען אַלץ וואָס דער מענטשלעכער גײַסט נעמט־אַרום. קײן שום לערע קאָן הײַנט נישט זײַן פֿרוכטיק, ווען זי ווערט נישט געשטאַרקט דורכן גײַסט פֿון פֿאָרשן און זוכן. קײן שום מאָדערנער אוניווערסיטעט דאַרף נישט אַרויסגעבן בלויז הויך־געבילדעטע פֿאַכלײַט, נאָר ער מוז אויך געבן די געלעגנהײט אַלע וואָס זײַנען פֿעיִק און ווילן זיך ווידמען דער וויסנשאַפֿטלעכער טעטיקײט, דאָס צו טאָן אָן שטערונגען. אַזוי וועט אונדזער אוניווערסיטעט ווערן אַ הײם פֿאַר פֿיל הונדערטער באַגאַבטע יונגע ייִדן, וועלכע טראָגן אין זיך די ירושה פֿון יאָרהונדער־

טער אַלטן דאָרשט נאָך לערנען און קריטישן פֿאָרשן און וועלכע זײַנען איצט ס׳רוב געצוווּנגען צו שטילן זייער ברענענדיקן פֿאַרלאַנג אין אַ נישט־ייִדישער, אָפֿט אומפֿרײַנדלעכער סבֿיבֿה, אַ ייִדישער אוניווערסיטעט? איך גלייב נישט, אַז ווער ס׳איז דאָ זאָל אונטער אַן אוניווערסיטעט אין ירושלים זיך קאָנען פֿאָרשטעלן עפּעס אַנדערש ווי אַ ייִדישן אוניווערסיטעט. די פֿאָדערונג, אַז דער אוניווערסיטעט זאָל זײַן ייִדיש, שטיצט זיך אויף די ווערטן, וועלכע די ייִדן האָבן פֿון דעם לאַנד אַרויסגעגעבן דער וועלט.

אין דער אָנוועזנהייט פֿון די אָנהענגערס פֿון די דרײַ גרויסע וועלט־רעליגיעס, פֿאַר דער וועלט, וואָס שטיצט זיך אויף דעם ייִדישן געזעץ, נייגט זיך פֿאַר די ייִדישע נבֿיאים און האָט אָנערקענט די גרויסע גײַסטיקע און זעלישע ווערטן, וועלכע דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט איר געשאָנקען, זאָל דאָ אויף דער פֿראַגע געגעבן ווערן אַן ענטפֿער. דער אוניווערסיטעט זאָל דערוועקן דאָס ייִדישע פֿאָלק צו שטרעבן צום ווײַטערדיקן אמת. צי בין איך צו דרייסט, ווען איך וועל דאָ, אויף דעם אָרט, צווישן די הרי־יהודה און אפֿרים אויסדריקן מײַן איבערצײַגונג, אַז די ייִדישע נבֿיאים זײַנען נאָך נישט אין גאַנצן אונטערגעגאַנגען, אַז אונטער דער לייטונג פֿון דעם דאָזיקן אוניווערסיטעט וועט די געטלעכע קראַפֿט פֿון נבֿיאישער חכמה, וואָס איז אַמאָל געווען אונדזערס, ווידער געבוירן ווערן?

דער אוניווערסיטעט וועט ווערן דער ברענפּונקט פֿאַרן ווידעראויפֿשטיין פֿון אונדזער ייִדישן באַוווּסטזײַן, וואָס איז איצט אַזוי קליין, ווײַל עס איז צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אונטער דעם אַטמאָספֿערישן דרוק פֿון אָט דעם באַרג קאָן אונדזער ייִדיש באַוווּסטזײַן זיך פֿאַרברייטערן, נישט ווערנדיק אָפּגעשוואַכט. אונדזער באַוווּסטזײַן וועט זיך אויף דאָס נײַ אָנצינדן און אונדזער ייִדישע יוגנט וועט פֿון ייִדישע קוואַלן שעפּן אַ נײַע קראַפֿט. וועגן דער שפּראַך פֿון דעם ייִדישן אוניווערסיטעט קאָנען קיין צוויי מיינונגען נישט זײַן. צוליב אַ מאָדנעם טעות האָט מען העברעיִש באַטראַכט ווי אַ טויטע שפּראַך, בעת זי איז באמת קיין מאָל אויף די מענטשן־ליפּן נישט געשטאָרבן. אמת, פֿאַר פֿיל פֿון אונדז, ייִדן, איז זי געווען אַ צווייטע שפּראַך, אָבער פֿאַר טויזנטער פֿון מײַן פֿאָלק איז העברעיִש פֿון שטענדיק אָן געווען און איז אַ הייליקע שפּראַך, און אויף די גאַסן פֿון תּל־אָבֿיבֿ, אין די אויבסט־גערטנער פֿון ראשון און רחובֿות, אויף די פֿערמעס פֿון חולדה און בן־שמן איז זי שוין געוואָרן אַ מוטערשפּראַך. דאָ, אין ארץ־ישׂראל, אין מיטן פֿון דעם

שפּראַכן־בבֿל, איז העברעיִש די איינציקע שפּראַך, אין וועלכער יעדער ייִד קאָן זיך צונויפֿרעדן מיטן צווייטן ייִד. מכּוח די טעכנישע שוועריקייטן בײַם העברעיִשן לימוד דאַרף איך איצט נישט ריידן. מיר קענען די דאָזיקע שוועריקייטן, אָבער די דערפֿאַרונגען האָבן אונדז שוין באַוויזן, אַז מען קאָן די דאָזיקע שוועריקייטן גובֿר־זײַן. דאָס אַלץ זײַנען פּרטים, וואָס זײַנען באַטראַכט געוואָרן און מיט וועלכע מען וועט זיך אין דער געהעריקער צײַט באַשעפֿטיקן. איך האָב גערעדט וועגן דעם ייִדישן אוניווערסיטעט, וואָס זײַן שפּראַך וועט זײַן העברעיִש, פּונקט ווי מען באַנוצט פֿראַנצייזיש אויף דער סאָרבאָנע און ענגליש אין אָקספֿאָרד. נאַטירלעך וועלן אַנדערע שפּראַכן, אַלטע און נײַע, געלערנט ווערן אויף די געהעריקע פֿאַקולטעטן; צווישן זיי וועט אַ באַזונדער אַכט געלייגט ווערן אויף אַראַביש און אַנדערע סעמיטישע שפּראַכן.

אמת, דער ייִדישער אוניווערסיטעט זאָל קודם־כּל זײַן פֿאַר ייִדן. אָבער, נאַטירלעך, וועט זי פֿרײַנדלעך מקבל־פּנים־זײַן די מיטגלידער פֿון יעדער ראַסע און יעדן גלויבן. „ביתי בית תּפֿילה יקרא לכל העמים“, אַחוץ די געוויינטלעכע שולן און אינסטיטוטן, פֿון וועלכע אַ מאָדערנער אוניווערסיטעט ווערט געשאַפֿן, וועלן אויפֿגענומען ווערן וויסנשאַפֿט־צווײַגן, וואָס זײַנען צו אונדזער אוניווערסיטעט באַזונדערס צוגעפּאַסט. די אַרכעאָלאָגישע פֿאָרשונג, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט אַזוי פֿיל פֿון דער געהיימענישפֿולער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון מצרים און גריכנלאַנד, דאַרף אין ארץ־ישׂראל רעכענען אויף אַ רײַכן געווינס — און אונדזער אוניווערסיטעט איז באַשטימט צו שפּילן אַ באַדײַטנדיקע ראָלע אויף דעם דאָזיקן וויסנשאַפֿט־געביט.

די פֿראַגע מיט וועלכע פֿאַקולטעטן אונדזער אוניווערסיטעט זאָל אָנהייבן זײַן לער־טעטיקייט, געפֿינט דורך פּראַקטישע באַאָבאַכטונגען אַ געוויסע באַגרענעצונג. עס פֿעלן אונדז נישט די יסודות פֿאַר אונדזער אוניווערסיטעט. מיר האָבן אין ירושלים די עלעמענטן פֿון אַ פּאַסטער־אינסטיטוט און פֿון אַ ייִדישן געזונטהייט־ביוראָ, וואָס האָט שוין געגעבן ווערטפֿולע שטודיעס פֿאַר באַקטעריאָלאָגיע און געזונטהייט־וועזן. אין חיפֿה עקסיסטירט דער טעכניקום און אין אַטליט — אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָבן־סטאַנציע. דער וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג און איר אָנווענדונג האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען, וואָס מיר קאָנען מיט בטחון האָפֿן אויסצוראָטן די דאָפּלטע פּלאָג פֿון ארץ־ישׂראל: מאַלאַריע (קדחת) און טראַכאָמע, פּונקט ווי אַנדערע

אָרטיקע קראַנקייטן. אַ דאַנק דער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט קאָנען מיר האָפֿן אויף דער פֿולער אויסניצונג פֿון דעם דאָזיקן שיינעם און פּרוכטיקן לאַנד. דאָ וועט מען דאַרפֿן ווי הילף־קרעפֿטן כעמיע און באַקטעריאָלאָגיע, געאָלאָגיע און קלימאַטאָלאָגיע, אַזוי אַז דער גרויסער ווערט פֿון דעם אוניווערסיטעט פֿאַרן אויפֿבוי פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער היים איז בולט.

דאָס אַלץ דערמאָנט אונדז ווידער אין אַ פֿאַקט, וועלכן מען איז, נאָך די פֿיר יאָר מלחמה מיט איר שלעכטער אָנווענדונג פֿון די וויסנשאַפֿטלעכע מעטאָדן, געניגט לייַכט צו פֿאַרגעסן — אַז מיר דאַרפֿן טאַקע נאָר אין דער וויסנשאַפֿט זען דעם רופֿא פֿון פֿיל ווונדן און דעם גואל פֿון פֿיל שלעכטס. נעבן דער וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג וועלן די הומאַניסטישע פֿאַכן שפּילן אַ באַדייַטנדיקע ראָלע. די אַלטע ייִדישע וויסנשאַפֿט, די האַלב־פֿאַרבאָרגענע אוצרות פֿון אונדזער אַלטער פֿילאָסאָפֿישער און רעליגיעזער ליטעראַטור, זאָלן ווידער געבראַכט ווערן צו דעם ליכט און באַפֿרייַט ווערן פֿון שטויב פֿון די צייַטן. זיי זאָלן אַרייַנגיין אין דעם נייַעם לעבן, וואָס וועט זיך אַנטוויקלען אינעם לאַנד, און אונדזער פֿאַרגאַנגענהייט זאָל פֿאַרבונדן ווערן מיט אונדזער קעגנוואַרט.

צי דאַרף איך נאָך, איידער איך ענדיק, אָנווייַזן אויף אַ זייער וויכטיקן פּונקט פֿון אונדזער נייַעם אוניווערסיטעט? אין דער צייַט, ווען ער וועט זיך באַמיִען צו דערגרייכן דעם העכסטן וויסנשאַפֿטלעכן ניוואָ, מוז דער אוניווערסיטעט גלייַכצייַטיק געמאַכט ווערן צוגענגלעך פֿאַר אַלע קלאַסן פֿון פֿאָלק. דער ייִדישער אַרבעטער און לאַנדמענטש מוזן דאָרט געפֿינען אַ מעגלעכקייט צו פֿאַרגרעסערן און פֿאַרפֿולקומען אין זייערע פֿרייַע שעהען זייער וויסן. די טירן פֿון אונדזערע ביבליאָטעקן, אודיטאָריעס און לאַבאָראַטאָריעס מוזן פֿאַר זיי שטיין ברייט געעפֿנט. אַזוי וועט דער אוניווערסיטעט האָבן אויף דער גאַנצער נאַציע זייַן ברכהדיקן אייַנפֿלוס. דער ערשטער קערן פֿון דער ביבליאָטעק עקסיסטירט שוין דאָ און זייער ווערטפֿולע דערגאַנצונגען צו אים שטייען שוין אין רוסלאַנד און ערגעץ־אַנדערש. די דערעפֿענונג פֿון אַן אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק און אוניווערסיטעט־פּרעסע ווערט געפּלאַנט אויף נאָך דער מלחמה. נאָך זייַנען נייטיק פֿיל הכנות. אייניקע פֿון זיי ווערן שוין געמאַכט; אייניקע, ווי דער בוי פֿון דעם דאָזיקן הויז, מוזן מחמת נויטווענדיקייט אָפּגעלייגט ווערן ביז צום גליקלעכן טאָג פֿון שלום. אָבער פֿון הייַנטיקן טאָג אָן איז דער ייִדישער אוניווערסיטעט אַווירקלעכקייט.

אונדזער אוניווערסיטעט, געשפּייזט דורך ייִדישער וויסנשאַפֿט און ייִדישער קראַפֿט, וועט ווערן אַ וויכטיקער טייל פֿון דעם נאַציאָנאַלן בנין, וועלכן מיר בויען איצט. ער וועט באַקומען אַ צענטראַל־פּעטאַלע קראַפֿט דורך דעם, וואָס ער וועט צוציִען אין זײַן קרײַז אַלץ, וואָס איז איידל אינעם ייִדנטום פֿון דער גאַנצער וועלט און וועט ווערן אַ צענטער פֿון פֿאַראייניקונג פֿאַר אונדזערע צעשפּרייטע קרעפֿטן. פֿון אים וועלן אַרויסגיין באַגײַסטערונג און שטאַרקייט, וועלכע וועלן דערפֿילן מיט אַ נײַעם לעבן אונדזערע קרעפֿטן, וואָס זײַנען צע־שפּרייט. דאָ זאָל ישׂראלס וואַנדערנדיקע נשמה געפֿינען איר האַפֿן; זײַן קראַפֿט זאָל זיך שוין נישט אויסשעפּן אין דער אומאויפֿ־הערלעכער און אומזיסטער וואַנדערונג. ישׂראל זאָל, ענדלעך, גע־פֿינען דעם שלום מיט זיך אַליין און מיט דער וועלט. דאָס איז אונדזער גלויבן.

אַריה־לייב פּילאַווסקי

חיפה 1977

# די פּאָלעמיק אַרום דעם פּלאַן צו שאַפֿן אין 1927 אַ קאַטעדרע פֿאַר ייִדיש *

## דער פּראָיעקט פֿון ניו־יאָרקער „טאָג" צו גרינדן אַ קאַטעדרע פֿאַר ייִדיש בײַם העברעיִשן אוניווערסיטעט

... סוף 1927 האָט יהודה־לייב מאַגנעס, דער דעמאָלטיקער פּרעזיצער פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט, וויזיטירט אַמעריקע אין שליחות פֿון אַנשטאַלט. מאַגנעס, אַ געבוירענער אין אַמעריקע, בײַ עלטערן אָפּשטאַמיקע פֿון דײַטשלאַנד, האָט אין משך פֿון זײַן לאַנג־

* פראַגמענטן פון דאָקטאָראַט־טעזיס „ייִדיש און ייִדישע ליטעראַטור אין ארץ־ישראל 1907—1945", געשריבן פֿאַר דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים און געדרוקט אין 93סטן נומער פון די גאָלדענע קייט, תל־אָביב 1977. אַזוי ווי איבער די קיצורים ווערט אויך רעדוצירט דער ביבליאָגראַפֿישער אָנ־ווײַזער, העריבער איז די נומעראַציע אַ געענדערטע.

יאָריקער אַקטיוויטעט ווי אַ ציוניסטישער און אַלגעמיינער ייִדישער כּלל־טוער אין ניו־יאָרק זיך נאָענט באַקענט און פֿאַרבונדן מיט די ייִדישע מזרח־אייראָפּעיִשע אימיגראַנטן. פֿון אָט דעם מגע־ומשׂא מיט זיי, נעמט זיך, משמעות, מאַגנעסעס טיפֿער אָפּשײַ פֿאַר זייער קולטורעלן און גײַסטיקן האָב־און־גוטס [1]. אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי מאַגנעס האָט געקענט משפּיע זײַן צו רעאַליזירן דעם פּלאַן פֿון שאַפֿן אַ ייִדיש־קאַטעדרע בײַם העברעיִשן אוניווערסיטעט, וואָס דער טאָג האָט געהאַט פֿאָרגעלייגט נאָך אין אַפּריל 1925 [2]. עס קאָן גרײַלעך געמאָלט זײַן, אַז בעת זײַן וויזיט האָט זיך מאַגנעס געטראָפֿן אין ניו־יאָרק מיטן אַרויסגעבער פֿון טאָג, דוד שאַפּיראָ, און אויסגעדריקט זײַן הסכּמה צום פֿאָרלייג. דעריבער איז דעם 6טן נאָוועמבער 1927 געפּראַוועט געוואָרן דורך דער פֿאַרוואַלטונג פֿון טאָג אַ פֿײַערלעכער באַנקעט לכּבֿוד מאַגנעסן. בײַ דער געלעגנהייט האָט שאַפּיראָ מודיע געווען, אַז ער און זײַנע פֿרײַנד זײַנען מנדבֿ פֿופֿציק טויזנט דאָלאַר צו גרינדן אַ ייִדיש־קאַטעדרע בײַם העברעיִשן אוניווערסיטעט [3].

אינעם באַריכט פֿון טאָג און אין די רעדעס געהאַלטן אויפֿן באַנ־קעט, ווערן דערמאָנט די עיקר־אַרגומענטן לטובֿת דער קאַטעדרע. ראובֿן ברײַנין, וועלכער האָט גערעדט העברעיִש, האָט געזען אין פּראָיעקט אַ קערפּונקט אין דער ייִדישער קולטור־געשיכטע. דער שפּראַכנקאַמף, געפֿירט פֿון פֿאַנאַטישע העברעיִסטן און ייִדישיסטן, האָט גורם געווען אַ סך שאָדן בײדע שפּראַכן, בײדע ליטעראַטורן און דעם ייִדישן שאַפֿן בכלל. די נעגאַטיווע באַציִונג צו ייִדיש און צו דער ייִדישער ליטעראַטור אין ארץ־ישׂראל האָט כּמעט ווי גע־צווּנגען צו אַ קאַמף קעגן העברעיִש און קעגן דער נאַציאָנאַלער היים. דערצו נאָך האָט דער שפּראַכן־ווידעראַנאַנד געבראַכט שאָדן

---

[1] לויט ש. ה. בערגמאַן ציט זיך מאַגנעסעס נאָענטער קאָנטאַקט מיט מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן פֿון דער צײַט ווען מאַגנעס האָט געלערנט אין בערלין און הײַדעלבערג, אָנהייב 20סטן י״ה. זען: האנציקלופדיה העברית, ב׳ כ״ב, ז׳ 27. מען דאַרף אויך דערמאָנען, אַז אַ צווײַג פֿון מאַגנעסעס משפּחה שטאַמט פֿון אַ חסידישן הויף אין פּוילן. וועגן מאַגנעסן זען אויך Enc. Judaica (ירושלים) ב׳ 11, זז׳ 716—718.

[2] טאָג, 7טן נאָוועמבער 1927, ז׳ 1 און פּ״גל ייִדישער אַרבעטער, 3, (1925) נומ׳ 7, זז׳ 10—11.

[3] לכּבֿוד דעם 13טן יאָרטאָג פֿון דער צײַטונג.

דעם קאַמף פֿאַרן מיעוטים־רעכט פֿון ייִדן אין מזרח־אייראָפּע. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דעם ייִדישן חינוך אין די תּפֿוצות. די פֿײַנדשאַפֿט און דער ביטול מצד ייִדישיסטן כּלפּי העברעיִש און דער העברעיִשער קולטור, האָבן פֿון אַ צווייטער זײַט, דערווײַטערט די מאָסיקע העברעיִסטן פֿון די קוואַלן פֿון פֿאָלקס־לשון. מעגלעך, אַז דער שפּראַכנקאַמף וועט ברענגען אַ שפּאַלטונג אינעם ייִדישן פֿאָלק. דעריבער קאָן אַ קאַטעדרע פֿאַר ייִדיש אין ירושלים באַטײַטן אַ ביז גאָר וויכטיקן שפּאַן פֿאָרויס אין די באַמיִונגען צו מאַכן שלום צווישן העברעיִסטן און ייִדישיסטן. ברײַנין האָט צוגעגעבן, אַז מען טאָר ניט פֿירן קיין מלחמה צווישן דיביידע שפּראַכן, להיפּוך, צוזאַמען דאַרפֿן זיי דינען ווי אַ צוים קעגן אַסימילאַציע און רעאַקציע.

דוד פּינסקי האָט אויך באַטאָנט, אַז די קאַטעדרע וועט קענען העלפֿן אָפּטעמפּן די שאַרפֿקייט פֿונעם שפּראַכנקאַמף. דערבײַ האָט ער באַמערקט, אַז ער סאָלידאַריזירט זיך ניט מיט קיין איינער פֿון די ביידע מחנות. עס איז פֿאַר אים קיין ווונדער ניט, וואָס העברעיִש איז די שפּראַך פֿון ירושלימער אוניווערסיטעט, מחמת דער ציוניזם שטרעבט אויפֿצולעבן ארץ־ישׂראל און די העברעיִשע שפּראַך. אָבער ניט באַשטימען קיין אָרט פֿאַר ייִדיש אין העברעיִשן אוניווערסיטעט וואָלט געהייסן אַליין־פֿאַרניינונג. פּינסקי האָט צוגעגעבן, אַז אַ ווערטפֿולע ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך אַנטוויקלט פֿאַר די לעצטע פֿופֿציק יאָר, פֿון אַן אָפּגעשטאַנענער שפּראַך, אָן גראַמאַטישע תּקנות.

י. ל. מאַגנעס האָט אין זײַן רעדע געטענהט, אַז נאָך דעם ווי עס איז געקומען אין 1925 דער פֿאָרלייג פֿון טאָג איז דער ענין אַרומגערעדט געוואָרן אינעם אַקאַדעמישן ראָט פֿונעם יודאַיִסטיק־אינסטיטוט אין העברעיִשן אוניווערסיטעט. על־כּן נעמט ער אָן דעם פֿאָרלייג, מיט דער פֿולער הסכּמה פֿונעם אינסטיטוטס מיטגלידער. מאַגנעס האָט געדרונגען, אַז ייִדיש דאַרף געלערנט ווערן אין העברעיִשן אוניווערסיטעט, ווײַל דאָס איז געווען און געבליבן די שפּראַך פֿון מיליאָנען ייִדן. זי פֿאַרמאָגט אַ רײַכע ליטעראַטור און פֿאָלקלאָר און עס זײַנען אין איר געשריבן געוואָרן וויכטיקע דאָקומענטן פֿאַר דער געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. דאָס לערנען ייִדיש אין העברעיִשן אוניווערסיטעט וועט הייבן די אַליין־אָפּשאַצונג פֿון ייִדישן פֿאָלק און זײַן אָפּשאַצונג דורך ניט־ייִדן. מאַגנעס האָט ספּעציעל באַטאָנט, אַז די ייִדיש־לימודים וועלן געפֿירט ווערן דורכויס אויף העברעיִש,

מחמת די העברעיִשע שפּראַך איז דער הויפּטקוואַל פֿונעם ייִדישן קיום [4].

## די קעגן־אָפּרופֿן אין ארץ־ישׂראל און די עפֿנטלעכע פּאָלעמיק אַרום דער קאַטעדרע־פֿראַגע

די ידיעה וועגן מאַגנעסעס הסכּמה צו אַ ייִדיש־קאַטעדרע אין ירושלים האָט זיך, משמעות, פֿאַרשפּרייט אין ארץ־ישׂראל אויפֿן סמך פֿון אַ באַריכט אין דבר געדרוקט אויף דער ערשטער זײַט פֿון דער צײַטונג דעם 10טן נאָוועמבער 1927. יוסף קלויזנער און מנחם אוסישקין האָבן תּיכּף אַרויסגעזאָגט די שאַרפֿסטע קעגנערשאַפֿט צום פּראָיעקט און אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע אים אָפּצושאַפֿן. אין קלויזנערס אַרכיוו איז פֿאַראַן אַ קאָפּיע פֿון אַ דעפּעשע, אָן אַ דאַטע, ווו עס ווערן דערמאָנט די נעמען פֿון די פּראָפֿעסאָרן קלויזנער, עפּשטיין און מאַן [5]. די געלערנטע שרײַבן, אַז די נײַס וועגן דער קאַטעדרע וועלן פֿאַרשאַפֿן דעם אוניווערסיטעט אַ גרויסן שאָדן און זיי פֿאָדערן פֿון מאַגנעסן אַ באַלדיקן ענטפֿער. דעם 18טן נאָוועמבער האָט מאַגנעס טעלעגראַפֿיש געבעטן איבערגעבן קלויזנערן, אַז די ייִדיש־לימודים וועלן דורכויס געפֿירט ווערן אויף העברעיִש [6].

...הגם קלויזנער האָט געהאַלטן, אַז די ,זשאַרגאָנישע קאַטעדרע' מיינט דער אונטערגאַנג פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט, האָט ער געבעטן אוסישקינען, מען זאָל „קיין זאַך ניט דרוקן אין די גאַזעטן און מען זאָל ניט טומלען, כּדי ניט צו פֿיל אויפֿצוּוועקן די קעגנערס"... מאַגנעס פֿון זײַן זײַט, האָט זיך באַמיט אַז דער ענין זאָל ניט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָפֿענער דעבאַטע. אַ טעלעגראַם פֿונעם „קאָנגרעס פֿון ארץ־ישׂראל־לערערס", געדרוקט אין דאר היום פֿון כ"ו חשון תּרפּ"ח, איז דערווײַל פֿאַרבליבן דער איינציקער עפֿנטלעכער אָפּקלאַנג פֿון דער אָפּאָזיציע צו דער קאַטעדרע אין א"י.

דעם 27סטן נאָוועמבער 1927 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ זיצונג

---

[4] טאָג, דאָרט, ז' 6; מאַגנעסעס רעדע איז אויך געווען געדרוקט אין הצפירה, 27 דעצ' 1927, ז' 2.

[5] קלויזנערס אַרכיוו געפֿינט זיך אין נאַציאָנאַלער און אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין ירושלים.

[6] קלויזנער־אַרכיוו, טעקע 515.

פֿון דער „ארץ־ישׂראל־קאָמיסיע פֿון יודאַיִסטיק־אינסטיטוט". די דאָזיקע קאָמיסיע איז באַשטאַנען פֿון די לערערס אין אינסטיטוט, פֿון שרײַבערס און כּלל־טוערס, ווי אַ שטייגער ביאַליק און אוסישקין. ווי עס ווײַזט זיך אַרויס פֿון אַ פֿאַרקירצטן פּראָטאָקאָל, האָט אוסישקין געפֿאָדערט אַז די קאַטעדרע־פֿראַגע זאָל ניט אַרויף אויף דער טאָג־אָרדענונג פֿונעם „ראָט־קאָנגרעס" (דער דעמאָלט אַזוי גערופֿענער קוראַטאָריום פֿון יודאַיִסטיק־אינסטיטוט). דער קוראַטאָריום האָט געזאָלט דיסקוטירן אויף זײַן צוזאַמענפֿאָר אין דעצעמבער 1927, צווישן אַנדערן, דעם פּלאַן פֿון אַ ייִדיש־קאַטעדרע. אוסישקין האָט צוגעגעבן, אַז אויב דער ענין וועט סוף־כּל־סוף יאָ אַרומגערעדט ווערן, זאָל די ארץ־ישׂראל־קאָמיסיע אַרויסזאָגן איר פּרינציפּיעלע קעגנערשאַפֿט צו דער קאַטעדרע, מחמת, די ייִדישע לימודים וועלן אַרײַנברענגען אין אוניווערסיטעט סיכסוכים און פּאָליטישע פּראָבלעמען, וואָס וועלן שטעלן אין סכּנה די וויסנשאַפֿטלעכע אַקטיוויטעט פֿון אוניווערסיטעט'[7].

נאָך לאַנגע דיסקוסיעס איז אוסישקינס פֿאָרלייג אָנגענומען געוואָרן מיט זעקס שטימען קעגן דרײַ. עס האָבן געשטימט פֿאַר, אַחוץ אוסישקין גופֿא, — י. ב. עפּשטיין, נאָרמאַן בענטוויטש, ד. ילין, י. מאַן און י. קלויזנער. קעגן האָבן געשטימט ח. נ. ביאַליק, ש. ה. בערגמאַן און א. ל. מאיר. די דרײַ האָבן געפֿאָדערט אַרײַנצושרײַבן אין פּראָטאָקאָל, אַז זיי זײַנען ניט מסכּים מיטן מערהייט־באַשלוס.

אַ טאָג נאָך דער זיצונג האָבן ג. שלום, ש. ה. בערגמאַן, ד. צ. באַנעט און א. ל. מאיר אַרויסגעשיקט מאַגנעסן אַ לאַנגן בריוו. עס וואַרפֿט זיך אין די אויגן, אַז די פֿיר געלערנטע, וואָס מיט דער צײַט זײַנען זיי געוואָרן פּראָפֿעסאָרן אין העברעיִשן אוניווערסיטעט — דאָס אייגענע מ. שוואַבע, וואָס זײַן בריוו צו מאַגנעסן וועט ווײַטער דיסקוטירט ווערן — האָבן אַלע דורכגעמאַכט זייערע מיטלשולן און העכערע לימודים אין מערבֿ־ אָדער מזרח־אייראָפּע. די פֿיר ווענדן זיך צו מאַגנעסן, ‚מיט האַרצווייטיק און פֿאַרזאָרגטקייט', מחמת דער פּראָפּאַגאַנדע וואָס ווערט געפֿירט אין ירושלים קעגן דער קאַטעדרע. לויט זייער מיינונג, זײַנען זיי אין אַ מיעוט. דערפֿאַר טאַקע זײַנען זיי אים מודיע, אַז זיי זײַנען מחולק מיט די וואָס האָבן אים אַרויס־

---

[7] אוסישקין־אַרכיוו, טעקע 8, 783. דער דאָקומענט איז רעדאַגירט אין זייער אַ שוואַכן העברעיִש.

געשיקט דעפּעשן און סטראַשונקעס און אַריבערגעפֿירט דעם ענין „אויפֿן פֿעלד פֿון שאָוויניזם און טעראָר". די געלערנטע האַלטן, אַז מען דאַרף שאַפֿן אַ ייִדיש־קאַטעדרע אײַנצײַטיק מיט די קאַטעדרעס פֿאַר תּנ״ך און פֿילאָלאָגיע, אָדער נאָך דעם. פֿונעם ראָש פֿון די ייִדיש־לימודים וועלן געפֿאָדערט ווערן גאָר גרויסע און פֿאַרשיידנמיניקע קענטעניש, מחמת ייִדיש איז זייער אַ וויכטיקער פֿאָרשונג־אָביעקט.

די פֿיר געלערנטע זאָגן עדות, אַז דער ענין פֿון ייִדיש־לימודים איז אַרומגערעדט געוואָרן אין יודאַיִסטיק־אינסטיטוט מיט אַן אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק און קיינער איז קעגן דעם ניט אַרויסגעטראָטן. אַצינד, ווען עס איז געקומען די צײַט מקיים צו זײַן דעם פּראָיעקט, האָט זיך מיט אַ מאָל דערוועקט דער פּאָליטישער און דעמאַגאָגישער יצר־הרע ... דאָס זײַנען די געפֿילן פֿון נאַציאָנאַלן שאָוויניזם, פּרעסטיזש און נקמה, וואָס מיר האָבן באַדאַרפֿט באַקעמפֿן און ניט סטימולירן[8]. אין זייער בריוו פֿאַרסכהכּלען זיי די אַרגומענטן וואָס ווערן געבראַכט אין ירושלים קעגן פּראָיעקט: א) היות די יעווסעקציע רודפֿט העברעיִש אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, דאַרף מען רודפֿן ייִדיש אין ארץ־ישׂראל, ווײַל „מיר זײַנען בכּוח דאָס צו טאָן". די פֿיר געלערנטע האַלטן ,ווי מענטשן און ווי ייִדן', אַז אַזאַ אַרגומענט איז ניט ווערט קיין ענטפֿער; ב) דער הכשר פֿאַרן „ממזר" וועט דערמעגלעכן צו ריידן ייִדיש אין אוניווערסיטעט. די געלערנטע באַטאָנען אין שײַכות דערמיט, אַז אין דער פֿאַרביינונג פֿון ייִדיש שטעקט אַן עקסטרעמיסטיש־ ראַציאָנאַליסטישע טעאָריע, וועלכער עס פֿעלט אַ היסטאָרישע פֿאַרשטענדעניש. דער אוניווערסיטעט טאָר ניט פֿאַרשטעלן דעם וועג צו פֿאָרשונג, מיט וועלכער עס איז „פֿאַרטײַישער דאָגמע". די פֿיר געלערנטע באַטאָנען, אַז זיי האָבן אַ פּאָזיטיוון גלויבן אין העברעיִש, אָבער ניט קיין נעגאַטיווע דאָגמע כּלפּי ייִדיש; ג) די קעגנערס פֿון דער קאַטעדרע טענהן, אַז מען טאָר ניט לערנען ייִדיש אין ירושלים כּל־זמן די אַ שפּראַך איז ,אַ לעבעדיקער כּוח'. אַזאַ אַרגומענט איז ,אַ גרויסע סכּנה פֿאַר פֿרײַער פֿאָרשונג און לימוד'. אויב אַזוי, וואָלט מען דאָך ניט געטאָרט פֿאָרשן דאָס קריסטנטום און דעם איסלאַם אין העברעיִשן אונוערסיטעט. דער בריוו זאָגט עדות

[8] אוניווערסיטעט־אַרכיוו, טעקע 14/3. — דער בריוו איז דאַטירט 11/28 תרפּ״ח [!].

וועגן דער שפּאַנונג, וואָס דער פּראָיעקט האָט אַרויסגערופֿן אין לאַנד. אַחוץ דעם ווערט פֿון אים קלאָר, אַז די דעפּעשן פֿון די קאַטעדרע־קעגנערס זײַנען געוואָרן אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד. די פֿיר געלערנטע באַשולדיקן די „טעלעגראַמע־שיקערס" אין העצן די עפֿנטלעכע מיינונג און די סטודענטן. „מען דאַרף ניט מורא האָבן פֿאַר די טעראָר־סטראַשונקעס און פֿאַר פֿאַשיסטישע מעטאָדן". די אוניווערסיטעט־פֿאַרוואַלטונג טאָר זיך ניט אונטערגעבן דעם דרוק פֿון די קאַטעדרע־קעגנערס. אַניט וועט זיך שאַפֿן אַ מצבֿ, אַז יעדער מאָל וואָס מען וועט אָנרירן „געזעלשאַפֿטלעכע און לעבנס־ענינים, וועט מען זיך באַניצן מיט אָט די כּל־זיין".

... מ. רבינזאָן האָט געדרונגען, אַז ער גלייבט ניט אין קיין שלום צווישן די מחנות פֿון ייִדיש און העברעיִש, מחמת דער חילוק צווישן זיי איז אַ סאָציאַלער און קולטורעלער, אַזש אַ היסטאָרישער, און ער איז „צו טיף ער זאָל אויסגעמעקט ווערן צוליב דער, אָדער יענער געווונטשענער פּאַסירונג". ווער עס וועט אויסגעקליבן ווערן אָנצופֿירן מיט דער קאַטעדרע, וועט זיך סטאַרען צו באַטאָנען אויף ווי ווײַט ייִדיש איז „דעמאָקראַטיש, פּראָגרעסיוו און נאַציאָנאַל געשטימט". אין אַזאַ פֿאַל איז פֿאַראַן אַ חשש, אַז ס'זאָל אויפֿגעבויט ווערן אין ירושלים אַ „צלם בהיכל". פֿון דעסט וועגן דאַרף מען זיך ניט אין גאַנצן ווערן קעגן פּראָיעקט. דער אוניווערסיטעט קען שטעלן באַדינגונגען די פּראָפֿעסאָרן, וואָס וועלן לערנען ייִדיש. עס איז ניט גענוג אַ פֿאָנד פֿאַר דער קאַטעדרע, עס איז אויך נייטיק אַ „מאָראַלישע גאַראַנטיע". מען דאַרף באַמערקן אַז רבינזאָן איז געווען דער ערשטער צווישן די קעגנערס פֿון דער קאַטעדרע, זי אָנצורופֿן „צלם בהיכל"[9].

אליהו־אליעזר פֿרידמאַן האָט געדרונגען, אַז די קאַטעדרע קאָן ברענגען „די צעשטערונג פֿון דער העברעיִשער שפּראַך און פֿון דער גאַנצקייט פֿון ייִדישן פֿאָלק". די אָנהענגערס פֿון ייִדיש אין ניו־יאָרק גייען אין די דרכים פֿון אַנטיוכוס, וואָס אַנשטאָט חרובֿ צו מאַכן דעם בית־המקדש, האָט ער אים אויסגעניצט, כּדי צו העלעניזירן די ייִדן אין ארץ־ישׂראל. פֿרידמאַן באַטאָנט, אַז אויב מען זאָל וועלן שאַפֿן

[9] תענית כ"ו, ב. רבינזאָן האָט געחתמעט (דאר היום כ' חשון תרפּ"ח, ז' 2) מיט זײַן פּסעוודאָנים, מהפּך פּשטא( זען: א. יעדי, קרית ספר תרצ"ד־ה, ז' 300). וועגן רבינזאָן זען: קרסל, ב' 2, זז' 825—826.

אַ קאַטעדרע פֿאַרן „הישפּאַניאָלישן זשאַרגאָן" אָדער פֿאַר די אַנדערע זשאַרגאָנען פֿון די נדחי־ישׂראל, וואָלט זיך קיינער ניט אַנטקעגנגעשטעלט, ווײַל צווישן די ריידערס פֿון די דאָזיקע שפּראַכן איז ניט פֿאַראַן ווער עס זאָל אין זיי זען „די נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿונעם ייִדישן פֿאָלק"[10]. פֿרידמאַן גיט־צו, אַז די ייִדישיסטן וועלן פֿאַרנאַרן סטודענטן אין אויסלאַנד מיט געלט, זיי זאָלן זיך לערנען אויף דער ירושלימער ייִדיש־קאַטעדרע. דער אוניווערסיטעט וועט אָנהייבן אַרויסגעבן ביולעטינען אין ייִדיש און דעמאָלט וועט פֿעלן אַ האָר ביזן פֿאַרעפֿנטלעכן אַ „זשאַרגאָנישע צײַטונג אין ארץ־ישׂראל. צום סוף וועט מען לערנען ייִדיש אין די מיטלשולן. ייִדיש וועט פֿאַרפֿלייצן ארץ־ישׂראל און העברעיִש וועט פֿאַרגעסן ווערן. דאָס וועט פֿאַרשטעלן מיט זיך אַ ביז גאָר גרויסע סכּנה פֿאַרן ייִדישן נאַציאָנאַליזם אין ארץ־ישׂראל, ווײַל מחמת דער אָפּשוואַכונג פֿון דער ייִדישער רעליגיע, איז העברעיִש פֿאַרבליבן זײַן לעצטער מקום־מקלט"[11].

מען דאַרף פֿון דעסט וועגן באַמערקן, אַז „דאר היום" האָט געדרוקט דעם 30סטן נאָוועמבער 1927 (ו כּסלו תּרפּ״ח) אין זײַן שטענדיקער רובריק „הד העתונות" דעם לייט־אַרטיקל פֿון ניו־יאָרקער הדאר, פֿון ט״ז חשון תּרפּ״ח. דאָרטן ווערט געזאָגט, אַז אין שײַכות מיט דער קאַטעדרע קען ניט זײַן קיין רייד וועגן אַ נצחון

[10] עס וואַרפֿט זיך אין די אויגן די כּסדרדיקע באַצײַונג פֿון די קעגנערס פֿון דער קאַטעדרע צו דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפֿערענץ.

[11] זען „במחתרת", דאר היום כ״ג חשון תּרפּ״ח, ז׳ 1, ווי אויך דאָס ווײַטערדיקע וועגן א. א. פֿרידמאַן זען: קרסל, ב׳ 2, ז׳ 660. אינעם זעלבן נומער דאר היום האָט דער ירושלימער אָפּצווײַג פֿון „גדוד מגיני השפה" פֿאַרעפֿנטלעכט מיט קידוש־לבנה־אותיות אַ מאַניפֿעסט, ווו ס׳ווערט גערעדט וועגן אַ סכּנה פֿאַר דער ייִדישער קולטור (תּרבות ישׂראל) און פֿאַר די פֿערציק יאָר העברעיִשער טעטיקייט אין לאַנד (געמיינט דאָס יאָר פֿון בן־יהודהס אָנקומען אין לאַנד). עס פֿאָדערט זיך אָן ‚אָפּעניסיווי׳ כּדי אויסצומײַדן דעם ‚חילול הקודש׳ וואָס ווערט געטאָן דורכן פֿאַרקויפֿן, דעם פֿאָלקס נשמה... פֿאַר הונדערט טויזנט דאָלאַר׳. דאָרט, ז׳ 3, האָט עזמות געהעכערט דעם בײַשטײַער צו 200.000 דאָלאַר, וואָס וואָלטן בילכער געווען פֿאַרן ‚גוססדיקן העברעיִשן חינוך׳. עזמות האָט געראָטן דער אוניווערסיטעט־פֿאַרוואַלטונג זיך צו באַזאָרגן מיט נײַע שויבן, מחמת די דעמאָנסטראַציעס וואָס וועלן פֿאָרקומען קעגן דער קאַטעדרע. וועגן עזמות (י. קרניאל) זען: תּדהר, ב׳ 2, זז׳ 751—752.

פֿון דער אָדער יענער מחנה. דער שפּראַכנקאַמף איז „אַ נאַטירלעכע דערשײַנונג, אײַנגעפֿלאַנצט אין דער וויסיקייט פֿון טויזנטער און צענדליקער טויזנטער, אין משך פֿון יאָרן און דורות". די העברעיִשע קולטור איז געגנוג ברייטהאַרציק, כּדי צו אַבסאָרבירן אין זיך דאָס וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אויף דער פֿאָלקסשפּראַך מיט „אַ ריין האַרץ" און מיט אַ רעכטער כּוונה". דעריבער איז קלאָר, אַז די קאַטעדרע ווערט ניט געשאַפֿן כּדי צו פֿירן פּאָליטיק, נײַערט, לטובֿת דער וויסנשאַפֿט און פֿאָרשונג'.

אין אָנגעשפּאַנטן מצבֿ, וואָס האָט זיך געשאַפֿן אַרום דער קאַטעדרע, זײַנען זיך די לערערס פֿון יודאַיִסטיק־אינסטיטוט צוזאַמענגעקומען אויף אַן אויסעראָרדנטלעכער זיצונג [12]. אַחוץ י. נ. עפּשטיין, דער איניציאַטאָר פֿון דער זיצונג זײַנען נאָך בײַגעווען י. מאַן, י. קלויזנער, הרבֿ ש. אסף, א. גולאַק, ד. ילין, מ. צ. סגל, א. רופּין און ג. שלום. אויך דאָ איז דער טראָפּ געשטעלט געוואָרן אויף דער שאלה, צי האָבן די לערערס פֿון אינסטיטוט אַ מאָל געגעבן זייער הסכּמה פֿאַר אַ פּראָיעקט וועגן אַ ייִדיש־קאַטעדרע אין העברעיִשן אוניווערסיטעט. גרשם שלום איז געווען דער איינציקער צווישן די בײַזײַיִקע, וואָס האָט געדרונגען, אַז אין אינסטיטוט האָט מען אַרומגערעדט דעם ענין פֿון אַ קאַטעדרע פֿאַר ייִדישע לשונות. די פֿאַרזאַמלטע האָבן באַשלאָסן, אַחוץ ג. שלום, זיך צו ווענדן צו מאַגנעסן און אים איבערגעבן, אַז די לערער־קאָלעגיע אין יודאַיִסטיק־אינסטיטוט האָט קיין מאָל ניט געגעבן קיין הסכּמה פֿאַר אַ ייִדיש־קאַטעדרע.

...די שאַרפֿסטע קריטיק אויף די קעגנערס פֿון דער קאַטעדרע איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, אַנאָנים, אין אָרגאַן פֿון „צעירי־ציון" אין אַמעריקע — פֿאַרן פֿאָלק [13]. מאַגנעס ווערט שטאַרק קריטיקירט פֿאַרן

---

[12] אוניווערסיטעט־אַרכיוו, טעקע 14/3.

[13] „אַרום דער ייִדישער קאַטעדרע", טאָג, 28סטן דעצעמבער 1928, זז' 3־4. אַ פֿאַרגלײַך צווישן דעם דאָזיקן אַרטיקל און חיים גרינבערגס רעדע פֿאַרגרונטיקט די השערה, אַז ער איז דער מחבר פֿון „אַרום דער ייִדישער קאַטעדרע". דוד זכאי האָט בשעתו עדות געזאָגט אַז גרינבערג האָט טאַקע דעם אַרטיקל אָנגעשריבן. אַ טייל פֿון די ביז איצט דערמאָנטע אַרטיקלען געפֿינען זיך אין דער נאַציאָנאַלער און אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין ירושלים (קד"ש, טעקע 461).

דערקלערן אויפֿן באַנקעט פֿון טאָג, אַז ס'איז דאָ אַן אַלגעמיינע הסכּמה צו אַ ייִדיש־קאַטעדרע אין ירושלים, אין דער צײַט ווען ס'איז פֿאַראַן אַן עקסטרעמע קעגנערשאַפֿט צו דעם פּראָיעקט. דערצו איז מאַגנעס בכלל ניט מסוגל צו דערווײַזן, מחמת אַ דאָקומענטאַלער אַדמיניסט־ראַציע, וואָס דערמאָנט אַ קליין־שטעטלדיקע חבֿרה־קדישא. אַז דער ענין איז ווען עס איז אַרומגערעדט געוואָרן אין העברעיִשן אוניווער־סיטעט. אײַנצײַטיק איז קלאָר, אַז באַשטימטע קרײַזן „זײַנען אַרײַנ־געפֿאַלן אין אַ היסטערישן צושטאַנד", ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז מען וועט „מטמא זײַן" דעם סאַלאָן פֿון אוניווערסיטעט מיט דער „חוצפּהדיקער דינסטמויד מיט די צעקראַפּעטע הענט". דער מחבר טרעט אַרויס זייער האַרב קעגן א. א. פֿרידמאַן און מ. אוסישקין. לויט זײַן מיינונג איז העברעיִש בלי־ספֿק די שפּראַך פֿונעם ישוב אין ארץ־ישראל. דעריבער דאַרף מען וועגן דעם ניט פֿטרן קיין צײַט אויף פּאָלעמיק מיט פּ. הירשביינען אָדער זשיטלאָווסקין. גרינבערג וואַרפֿט־אויף קלויזנערן, אַז דאָ גייט ניט וועגן לערנען ייִדיש אין די קינדער־גערטנער און שולן אין א"י [14], נײַערט וועגן אַ וויסנשאַפֿט־לעכן לימוד, וואָס וועט געפֿירט ווערן אין העברעיִש. כּדי מורא צו האָבן פֿאַר דער קאַטעדרע, „דאַרף מען פֿאַרמאָגן... אַ משׂכּיליש־פּראָווינציעלע נאַיִווקייט און ווייניק גלויבן אין דער קראַפֿט פֿון העב־רעיִש אין א"י" [15].

## די פּרינציפּיעלע באַשטעטיקונג פֿון פּראָיעקט און זײַן פּאַקטישער אָפּשטוים

...דער קוראַטאָריום פֿון יודאַיִסטיק־אינסטיטוט האָט געזאָלט אָננעמען דעם באַשלוס וועגן דער ייִדיש־קאַטעדרע. דאָס אָרט און די דאַטע פֿונעם צוזאַמענפֿאָר זײַנען נאָך אָנהייב דעצעמבער 1927

---

[14] וועגן דעם ענין זײַנען פֿאָרגעקומען ביז 1925 האַרבע דיסקוסיעס אינעם אַלוועלטלעכן פֿאַרבאַנד פֿון די רעכטע פּועלי־ציון.

[15] עטלעכע ייִדנעס פֿון סלאָנים אָדער ראַדאָם מיט אַ צאינה וראינה און דרײַ־גראָשענע מעשה־ביכלעך, אָדער אַנאַלפֿאַבעטקעס גאָר, וועלן זײַן אַ גרעסערער ייִדישיסטישער פֿאַקטאָר אין א"י איידער טויזנטער סטודענטן אין דער ייִדיש־קאַטעדרע. פֿון דעסט וועגן וועט אַפֿילו קלויזנער ניט פֿאָדערן, אַז דער אימיגראַ־ציע־ביוראָ זאָל זיי ניט אַרײַנלאָזן אין לאַנד ביז זיי וועלן זיך אויסלערנען ריידן העברעיִש...

ניט געווען באַשטימט. צום סוף איז דער צוזאַמענפֿאָר פֿאָרגעקומען אין מײַנץ דעם 27סטן און 28סטן דעצעמבער 1927.

...דעם 30סטן דעצעמבער האָט דער (ניו־יאָרקער) טאָג מודיע געווען אויף דער ערשטער זײַט, אַז דער קוראַטאָריום האָט באַשלאָסן צו שאַפֿן די קאַטעדרע. און צו מאָרגנס, אין אַן עדיטאָריאַל, מיטן ציל צו באַרויִקן די קאַטעדרע־קעגנערס, ווערט געזאָגט צווישן אַנדערן, אַז ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער מײַנצער החלטה נעמט דוד שאַפּיראָ אויף זיך אַלע הוצאות, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיטן שאַפֿן די קאַטעדרע. וועגן דער מײַנצער החלטה האָט מען זיך דערוווּסט אין ארץ־ישׂראל דעם ערשטן יאַנואַר 1928. דעם זעלביקן טאָג האָט משה גליקסאָן, רעדאַקטאָר פֿון הארץ, פֿאַרעפֿנטלעכט אַן עדיטאָריאַל, וואָס דריקט אויס די פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער קאַטעדרע מצד דעם מכריעדיקן רובֿ פּרינציפּיעלע העברעיִסטן אין לאַנד. גליקסאָן טיילט פֿונאַנדער די קאַטעדרע־פֿראַגע אויף צוויי אַספּעקטן: אַ היסטאָריש־וויסנשאַפֿטלעכער און אַן אַקטועל־נאַציאָנאַלער. אין שײַכות מיטן ערשטן אַספּעקט גיט גליקסאָן אָנצוהערן וועגן דער סתּירה אין די עדותשאַפֿטן וועגן מאַגנעסעס הסכּמה צום פּראָיעקט. גליקסאָן האַלט, אַז די קעגנערשאַפֿט פֿון אַ טייל לערערס קען ניט זײַן קיין פּרינציפּיעלע, מחמת ייִדיש איז וויכטיק ווי אַ הילף־לימוד צו דער פֿאָרשונג פֿון ייִדישער געשיכטע און ייִדישן פֿאָלקלאָר.

וואָס שײַך דעם צווייטן אַספּעקט, איז זייער ניט גוט וואָס מען קלערט, אַז די קאַטעדרע וועט אונטערגראָבן דעם העברעיִשן יסוד „פֿון אונדזער נאַציאָנאַלן קיום". גליקסאָן האַלט, אַז די ייִדישיסטישע באַציִונג צום פּלאַן טאָר ניט באַווירקן די וויסנשאַפֿטלעכע מאָמענטן, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיטן פּראָיעקט. די אַקאַדעמישע אַנטוויקלונג פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט פֿאָדערט אַ באַדאַכטיקע פּלאַנירונג, וואָס איז ביז איצט ניט דורכגעפֿירט געוואָרן. צוליב אָט דער סיבה טאַקע דאַרף אַ קאַטעדרע פֿאַר ייִדיש, אַ הילף־לימוד, עטאַבלירט ווערן נאָר נאָך דעם ווי ס'וועלן געשאַפֿן ווערן בילכערע קאַטעדרעס, וואָס זײַנען דערווײַל ניט פֿאַראַן אין אוניווערסיטעט.

די ידיעה וועגן דער מײַנצער החלטה האָט גלײַך אַרויסגערופֿן אַ ריי פּראָטעסטן אין ירושלים. די צײַטונגען האָבן איבערגעגעבן, אַז מען סטראַשעט מיט אַ סטודענטן־שטרײַק אין ירושלים און אַז דער ירושלימער אָפּטייל פֿון „גדוד מגיני השׂפה" פּלאַנעוועט אַ קאַמף קעגן דער קאַטעדרע. מען דאַרף באַמערקן, אַז דאָס אַלץ איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין די טעג, ווען מאַגנעס האָט געזאָלט זיך אומ־

קערן אין לאַנד. אָנקומענדיק אין ירושלים, האָט מאַגנעס געפֿונען אויף די גאַסן צוויי־נוסחדיקע פּלאַקאַטן: „די זשאַרגאָנישע קאַטעדרע איז אַ צלם בהיכל העבֿרי"; „די זשאַרגאָנישע קאַטעדרע מיינט די צעשטערונג פֿון אוניווערסיטעט" [16].

... י"ב טבֿת תּרפּ"ח (5טן יאַנואַר 1928) איז געחתמעט געוואָרן איינער פֿון די וויכטיקסטע דאָקומענטן פֿאַר דער קאַטעדרע־פּאָלעמיק: אַ בריוו וואָס טראָגט דאָס קעפּל „קאָמוניקאַט". ער איז געווענדט צו „ה' דאָקטאָר י. ל. מאַגנעס" און איז געחתמעט פֿון י. נ. עפּשטיין, יעקבֿ מאַן, יוסף קלויזנער, הרבֿ ש. אסף, דוד ילין, מ. צ. סגל און אַ. גולאַק. דער בריוו האָט זיך אויפֿגעהיט אין אָריגינאַל און עס זײַנען פֿון אים ניטאָ קיין קאָפּיעס, ניט אין מאַגנעס־אַרכיוו [17], ניט אין אוניווערסיטעט־אַרכיוו. פֿון דעם קען מען דרינגען, משמעות, אַז דער בריוו איז ניט אַרויסגעשיקט געוואָרן צו מאַגנעסן. דער פֿאַקט וואָס אַ טאָג נאָך דעם ווי דער בריוו איז געחתמעט געוואָרן האָט מען באַשלאָסן ניט צו גרינדן די קאַטעדרע, פֿאַרפֿעסטיקט די השערה, אַז דער „קאָמוניקאַט" איז סוף־כּל־סוף ניט דערגאַנגען צו מאַגנעסן. דער בריוו איז כּולל דרײַ אַרגומענטן קעגן דער קאַטעדרע: אַ פֿאָרמעלער, אַן אַקאַדעמישער און אַ נאַציאָנאַל־אידעאָלאָגישער.

...וואָס שײַך דעם אַקאַדעמישן קוקווינקל, ווערט אינעם בריוו

---

[16] דעם זעקסטן יאַנואַר 1928 האָט ראובן כּצנלסון געשריבן מאַגנעסן, אַז ער האָט זיך צוריקגעצויגן פֿון זײַן אַמט ווי אַ קאַסירער פֿונעם קאָמיטעט לטובת „גדוד מגיני השפה" אין ירושלים, נאָך דער מוחעה פֿון „גדוד". כּצנלסון שטרײַכט אונטער, אַז ער שרײַבט זײַן בריוו „ניט נאָר ווי אַ פּראָטעסט קעגן די אומפֿאַראַנטוואָרטלעכע מעשים, וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען בעת מאַגנעסעס אומקערן זיך אין לאַנד, נאָר כּדי צו באַטאָנען, אַז אַ סך אָנהענגערס פֿון העברעיִש אין ארץ־ישראל באַציִען זיך מיט סימפּאַטיע צו דעם שאַפֿן פֿון אַזאַ וויכטיקער און ווערטפֿולער קאַטעדרע". מאַגנעס האָט אים געענטפֿערט דעם 12טן יאַנואַר 1927 [1928] און באַדויערט די נידעריקע מדרגה פֿון בלינדן שאָוויניזם מצד אַ טייל ישוב אין א"י. זען: אוניווערסיטעט־אַרכיוו, 14/3. וועגן כּצנלסון זען תדהר, ב' 1, זז' 305—306.

[17] דער הויפּטטייל פֿון אַרכיוו איז אין באַזיץ פֿון דער היסטאָרישער געזעלשאַפֿט אין ישראל. אַן אַנדער טייל געפֿינט זיך אין נאַציאָנאַלער און אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק.

געדרונגען, אַז „ייִדיש־פֿאָרשן איז אָפּהענגיק אין גערמאַניסטיק און סלאַוויסטיק. ייִדיש דאַרף מען לערנען נאָר דעמאָלט, ווען מיר וועלן פֿאַרמאָגן אַלע אַנדערע קאַטעדרעס פֿאַר פֿילאָלאָגיע — העברעיִשע און פֿרעמדע פֿילאָלאָגיע — און ניט פֿריִער!” עס מאַכט דעם איינ־דרוק אַז דער דאָזיקער אַרגומענט איז צוגעשטוקעוועט, כּדי צו פֿאַרגלעטן די דריטע טענה, די נאַציאָנאַל־אידעאָלאָגישע, וואָס איז פֿאַקטיש געווען דער הויפּט־אַרגומענט פֿון די קאַטעדרע־קעגנערס. „כּל־זמן צענדליקער טויזנטער... שטרעבן צו פֿאַרוואַנדלען דעם אַשכּ־נזישן זשאַרגאָן אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, קען מען ניט שאַפֿן קיין ייִדיש־קאַטעדרע אין העברעיִשן אוניווער־סיטעט”. די קאַטעדרע און איר פּראָפֿעסאָר „וועלן וויסיק אָדער ניט־וויסיק דינען ווי אַ צענטער פֿאַרן אידישיזמוס אין דעם איינציקן לאַנד וווּ העברעיִש האָט אָנגעהויבן ווערן אַ לעבעדיקע שפּראַך, און דאָך זיך נאָך ניט טיף איינגעוואָרצלט”.

די פּראַקטיק באַווייזט, אַז ייִדיש אַנטוויקלט זיך אומעטום ווי אַ מיטל און צום סוף פֿאַרוואַנדלט עס זיך אין אַ צוועק פֿאַר זיך. ייִדיש פּרעטענדירט צו פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון העברעיִש ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, וואָס מיינט די צעשטערונג פֿון דער גאַנצער „היסטאָרישער ייִדישקייט” [18].

די געלערנטע זאָגן־צו אַז זיי וועלן ניט דערלאָזן „בשום־אופֿן שאַפֿן אַ ייִדיש־קאַטעדרע אין העברעיִשן אוניווערסיטעט... אָדער די דאָזיקע קאַטעדרע וועט ניט זײַן, אָדער דער אוניווערסיטעט וועט ניט זײַן”. דער פּלאַן מוז באַלד אָפּגעשאַפֿט ווערן, כּדי אויסצומײַדן „אַ נײַ מחלוקת אינעם פֿאַרפּײַניקטן ארץ־ישׂראלדיקן ישוב און אַ פֿולשטענדיקן חורבן פֿונעם אוניווערסיטעט, וואָס איז ליב אונדז און כּל־ישׂראל”.

...בערל כּצנלסון, וואָס כאַראַקטעריזירט זיך ווי אַ „העברעיִ־שער מענטש אין [דעם פֿאָלק] ישׂראל, פֿאַרוואָרצלט אין דעם באָדן פֿונעם גײַסטיקן און מאַטעריעלן פֿאָטערלאַנד”, פֿילט זיך באַליידיקט טיף אין דער נשמה פֿונעם „מסחר” און „דינגעניש” אַרום דער קאַ־טעדרע־פֿראַגע. ער איז אויך באַליידיקט פֿון דעם „אומזיסטיקן שרעק”, אַז אַ וויסנשאַפֿטלעכע דיסציפּלין קאָן שאַטן דער העברעיִשער שפּראַך.

---

[18] אַ כּמעט אידענטישער אויסדרוק געפֿינט זיך אין קלויזנערס אויטאָביאָ־גראַפֿיע, דרכי לקראת התחיה והגאולה, (צווייטע אויפֿלאַגע), ז' 189.

ער גיט־צו, אַז „מיר זײַנען איבערגעזעטיקט ביז דערשטיקעניש מיט פֿאַלשע העברעיִש־צידקות". עס איז אַ „טײַוולאָנישער שפּאַט", וואָס אַנשטאָט „אַן ערלעכער אַרבעט לטובֿת דעם צוועק" הייבט מען אָן מעסטן מיט אַ טערמאָמעטער „אונדזער העברעיִש־טעמפּעראַטור". ... כּצנלסון שטרײַכט־אונטער, אַז מען טאָר ניט אָפּנאַרן מיט „ליטעראַרישער דיפּלאָמאַטיע... מיר ווילן אײַננעמען דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿאַר זײַן לאַנד און זײַן שפּראַך". היות ווי אין ארץ־ישׂראל שטרעבט מען צו אַ „קעגנזײַטיקער באַפֿרוכפּערונג" צווישן די פֿאַרשיידענע קולטור־קיבוצים אינעם ייִדישן פֿאָלק, דאַרף מען אומבאַדינגט אונטערשיידן צווישן ייִדיש און ייִדישיזם. ייִדיש איז איינער פֿון די אויסדרוקן פֿונעם ייִדישן קיום... אַ היסטאָרישע אַכסניה פֿאַר די געפֿילן פֿונעם פֿאָלק און פֿאַר זײַנע קולטור־ווערטן. די פּאָזיטיווע באַציִונג צו ייִדיש נעמט זיך „פֿון אונדזערע באַדערפֿענישן, פֿון דעם ניט וועלן איגנאָרירן קיין שום אויסדרוק פֿון נאַציאָנאַלן שאַפֿן, פֿונעם שטרעבן אויפֿצודעקן פֿאַרבאָרגענע ווערטן, וואַרפֿן ליכט אויפֿן צעזייטן און צעשפּרייטן ייִדישן יש, אויפֿצוהייבן ניצוצות". דערקעגן „איז ניט פֿאַראַן און ס'וועט ניט זײַן קיין שלום מיטן ייִדישיזם ווי אַ נאַציאָנאַלער וועלטבאַנעם, ווי אַן אידיי, ווי אַ קולט. דאָס נעמלעכע ווערט געזאָגט מכּוח דעם ייִדישיזם, וואָס איז אַ פֿאַרשטעלטער שׂונא, דהײַנו יענער ייִדישיזם, וואָס איז גרייט צו אָנערקענען דאָס אַמאָליקע העברעיִש און לייקנט־אָפּ די קולטורעלע ווערטן, וואָס ווערן געשאַפֿן הײַנט צו טאָג אין העברעיִש".

כּצנלסון האָט נאָך טעמים, אידעאָלאָגישע און אַקאַדעמישע, לטובֿת ייִדיש־לימודים אין ירושלים: א) אָן דער הילף פֿון ייִדיש איז ניט מעגלעך צו לערנען די געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק אין די לעצטע יאָרהונדערטער; ב) מען קען ניט לערנען די געשעענישן פֿון אונדזער קולטור־לעבן אין דעם לעצטן יאָרהונדערט, אויב מען נעמט ניט אין אַכט די אַקטיוויטעט פֿון לעפֿין, גאָטלאָבער, דיק, גאָלדפֿאַדען — אין זייער ייִדישער העלפֿט; ג) „חכמת ישׂראל אין ירושלים" האָט נישט קיין רעכט אויסצומעקן פֿון דער פֿאָרשונג, פֿון דער פֿאָלקס־נשמה, די ייִדישע פּאָעזיע און דעם ייִדישן וויץ; ד) די פֿאָרשונג פֿון העברעיִשן עלעמענט אין ייִדיש איז וויכטיק ביז גאָר[19].

---

[19] כּצנלסון גרײַפֿט־אָן יענע „משׂכּילים מיט אַ באַנעם פֿון מתושלחס צײַטן", וואָס דענקען אַז „אַ זשאַרגאָן אָן גראַמאַטיק" איז ניט ווערט אָנצוקומען צו אַ פּראָפֿעסאָרן־שול. די „קאַרפּנקעפּ פֿון חכמת־ישׂראל, זינט צונץ און שטיינשנײַ־

פֿון אידעאָלאָגישן קוקפּונקט האַלט כּצנלסון, אַז די ייִדיש־לימודים וועלן ניט העלפֿן דעם ייִדישיזם זיך אײַנפֿונדעווען אין ארץ־ישׂראל, מחמת דעם וואָס ארץ־ישׂראל איז דאָס איינציקע אָרט ווו אַזעלכע לימודים וועלן זײַן פֿרײַ פֿון טענדענציעזקייט. „גראָד די היסטאָריש־העברעיִשע אַטמאָספֿער און דאָס באַהילפֿיקן זיך מיט אַלע אָפּצווײַגן פֿון ייִדישער וויסנשאַפֿט זײַנען בכּוח אויפֿצושטעלן די דאָזיקע לימודים אין זייער פּאַסיקער וויסנשאַפֿטלעכער פּערספּעקטיוו". דער „אמתער" ייִדישיזם קוקט־אַרויס מען זאָל די קאַטעדרע טאַקע אַרײַנלייגן אין חרם, ווײַל דאָס וועט „אַרײַנגיסן וואַסער אין די רעדער פֿון זײַן מיל". צום סוף שטרײַכט־אונטער כּצנלסון די צענטראַלקייט פֿון ירושלים אין דער היסטאָרישער פֿאָרשונג „פֿון ייִדישע שבֿטים און זייערע תּפֿוצות". ער זעט־פֿאָרויס אַ באַנײַטע קולטורעלע דערוואַכונג אין גלות. אַזאַ דערוואַכונג וועט ניט מעגלעך זײַן דורך אַ מלחמה „עבֿרית או רוסית", פֿון וועלכער העברעיִש קומט־אַרויס שטענדיק „בשן ועין" און ניט דורכן מאַכן צו שאַנד דאָס האָב־און־גוטס פֿון דער ייִדישער פֿאָלקסטימלעכקייט. להיפּוך, די ייִדישע יוגנט וועט זיך פֿאַרבינדן צו העברעיִש מיט „ריינער און פֿולער ליבשאַפֿט", לויטן לעבעדיקן מוסטער פֿון ארץ־ישׂראל.

מען דאַרף באַטאָנען, אַז אין זײַן אַרטיקל האָט בערל כּצנלסון ניט אָפּגעווײַכט אויף אַ האָר פֿון זײַן איינטײַטיקן העברעיִזם. איינצײַטיק זעט מען, אַז זײַן גײַסטיק־אידעאָלאָגישע אַנטוויקלונג איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט ייִדיש, אַז ער האָט געהאַט אַן אינעווייניקסטן דראַנג אויפֿצושטעלן אין ארץ־ישׂראל אַ לעבעדיקן מאָנומענט פֿאַר ייִדיש. מען דאַרף אויך ניט אויסשליסן די מעגלעכקייט, אַז כּצנלסון האָט געוואָלט אײַנגעמען מיט זײַן אַרטיקל יענע רעכטע פּועלי־ציוניסטישע קרײַזן, מיט וועלכע ער האָט אין די פֿריִערדיקע יאָרן געפֿירט אַ שאַרפֿן וויכּוח וועגן דעם סטאַטוס פֿון ייִדיש אין ארץ־ישׂראל. ס'איז בולט, אַז ניט נאָר כּצנלסון, נאָר אויך אַנדערע רעדאַקציע־מיטגלידער פֿון דבר האָבן רעאַגירט אויפֿן באַשלוס פֿון 6טן יאַנואַר.

---

דער, ביז דוד קויפֿמאַן און זייערע תּלמידים, האָבן אַנדערש געטראַכט". דעם אויפֿוואָרף, אַז ייִדיש האָט ניט קיין גראַמאַטיק און קיין ריכטיקע אָרטאָגראַפֿיע האָט אַרויסגעזאָגט י. אייגער („רעש שווא", דאר היום, כ"ז כסלו תרפ"ח). פֿ"גל די ידיעה וועגן דער קאַטעדרע אין דער עקסטרעם אַסימילאַטאָרישער צײַטונג Jewish Guardian (לאָנדאָן), 13טן יאַנואַר 1928.

דוד זכאי האָט געשריבן, אַז דער העברעיִשער טעקסט פֿון באַשלוס באַוויַיזט, אַז אַ קאַטעדרע פֿאַר העברעיִש אין העברעיִשן אוניווערסיטעט איז זייער, זייער נייטיק [20]. אורי־צבֿי גרינבערג, דעמאָלט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דבר, האָט אַרויסגעשיקט אַ בריוו אין אוניווערסיטעט, אָן אַ דאַטע, וואָס איז פֿאַררעגיסטרירט געוואָרן דעם 17טן יאַנואַר 1928. ער שרײַבט, אַז ער שטיצט די קאַטעדרע ניט ווי איינער פֿון די יונגע ייִדיש־דיכטערס אין גלות, נאָר טאַקע ווי „אַ העברעער אַ ציוניסט" [21]. די לעצטגילטיקע זאַמלונג פֿון אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע פֿאָלקסטימלעכע ייִדישע קולטור־אוצרות איז פֿון פֿאָרויס באַדינגט אין דער אידעע פֿון טעריטאָריעלן צונויפֿקלײַבן זיי אין ארץ־ישׂראל. ניט געקוקט דערויף, האָט גרינבערג געהאַלטן אַז „ס'איז נאָך צו פֿרי צו שאַפֿן אַ ייִדיש־קאַטעדרע אין ירושלים".

די שטעלונג פֿון די געציילטע ייִדישיסטן, וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט אין ארץ־ישׂראל, ווערט פֿאָרגעשטעלט אינעם אַרטיקל „נאָכן שרעק". זײַן אַנאָנימער מחבר [22] שטרײַכט־אונטער, אַזוי ווי כּצנלסון, אַז דער פּראָיעקט איז פֿאַקטיש אָפּגעלייגט געוואָרן אויף משיחס צײַטן.

די מאָטיוון פֿונעם פֿאָרלייג זײַנען צווייפֿאַכיק: פֿון איין זײַט, ווילן די בעלי־בתּים פֿון טאָג פֿאַרגרעסערן דעם טיראַזש פֿון דער צײַטונג. פֿון דער צווייטער זײַט, וויל מען דערנעענטערן ארץ־ישׂראל און דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט צו די פֿאָלקסמאַסן. דאָס אַלץ באַווײַזט דעם סאָציאַלן כּוח פֿון ייִדיש. ייִדישע פֿילאָלאָגיע איז „די וויסנשאַפֿט פֿון אויפֿלעבונג" און אַ כּלי־זיין לטובֿת דער ייִדישער שפּראַך.

---

[20] דבר, 10טן יאַנואַר, ז' 2. זכאי טרעט־אַרויס אין זײַן נאָטיץ קעגן קלויזנערן און דעם „גדוד מגיני השפה".

[21] אוניווערסיטעט־אַרכיוו, 14/3. דאָס וואָרט העברעער איז אונטערגעשטראָכן אין אָריגינאַל.

[22] דניאל לייבל? די גרויסע קענטעניש, וואָס דער מחבר ווײַזט־אַרויס, שטימען מיט לייבלס אינטעלעקטועלע פֿעיִקייטן. לייבל איז דעמאָלט געווען קאָרעקטאָר אין דבר. וועגן לייבלען זען: תדהר, ב' ד, זז' 1881—1882 און לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, ב' 4, זז' 104—105. דער אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין דער איינמאָליקער אויסגאַבע פֿון לינקע פּועלי־ציון אין לאַנד, אַרבעטער פֿירער (21סטן יאַנואַר 1928), זז' 21—26.

פֿאַקטיש האָט מען מיטן פּראָיעקט געוואָלט פֿאַרוואַנדלען די ייִדיש־פֿאָרשונג אין אַ קרבן פֿון דער ייִדישער שפּראַך, ווערליק דעם נוסח פֿון טוביובס פֿאָרשונג [23]. פֿון דעסט וועגן, כאָטש דער מייַנצער באַשלוס רעדט לעולם וועגן אַ שפּראַך, וואָס ייִדן האָבן פֿאַרמאָגט „אין דער פֿאַרגאַנגענהייט", האָבן די פּראָפֿעסאָרן אין ירושלים זיך דערשראָקן. זיי קלערן־איבער אַנאַלאָגיש, אַז דאָס וואָס חכמת־ישׂראל האָט, ניט ווילנדיק, געטאָן פֿאַר דער מאָדערנער פֿאָרשונג פֿון דער ייִדישער געשיכטע, „קאָן זיך אויך טרעפֿן מיט דער קאַטעדרע פֿון ייִדיש".

...די לעצטע קלאַנגען פֿון דער פּאָלעמיק אין יענער צייַט זייַנען פֿאַרבונדן מיט ביאַליקן און קלויזנערן. דבר פֿון 23סטן יאַנואַר 1928 האָט מודיע געווען, אַז ביאַליק האָט אום שבת ממשיך געווען זייַן רעפֿעראַט וועגן ייִדיש און העברעיִש, אין שייַכות מיט דעם ענין פֿון דער ייִדיש־קאַטעדרע. ביאַליק האָט אויסגעדריקט זייַן גלויבן, אַז העברעיִש וועט מנצח זייַן אין ארץ־ישׂראל. דערקעגן האָט ער באַמערקט, אַז ער גלייבט ניט אין פֿולן נצחון פֿון העברעיִש ווי אַ גערעדטע שפּראַך אין גלות. דאָרטן וועט זי ווייַטער זייַן, וואָס זי איז שטענדיק געווען: די שפּראַך פֿון בוך און פֿון קולטור. אויב העברעיִש וואָלט זייַן די גערעדטע שפּראַך אין גלות, וואָלט זי זיך צעשפּליטערט און אונטערגעגאַנגען. פֿון אַ צווייטער זייַט, אויב ייִדן וואָלטן גערעדט אין גלות נאָר פֿרעמדע שפּראַכן, וואָלט העברעיִש אָנגעווווירן די חזקה. דעריבער האָט דער גורל באַגנאָדיקט העברעיִש דערמיט, וואָס ער האָט די דאָזיקע שפּראַך פֿאַרבונדן מיט ייִדיש. ייִדיש האָט געלעבט אין פֿאָלקסמויל, זיך צוגעפּאַסט צו העברעיִש און עס געהיט. דורך העברעיִש האָט זיך ייִדיש „העברעיִזירט" [24]. ביאַליק האָט פֿאָרגעלייגט אַ פֿונקציאָנעלע פֿאַרטיילונג צווישן ביידע שפּראַכן אין גלות: ייִדיש — ווי אַ טאָג־טעגלעכע שפּראַך און ווי אַ לימוד־שפּראַך; העברעיִש — ווי דאָס לשון פֿון בוך און קולטור. דעם זעלביקן טאָג האָט די צייַטונג הארץ פֿאַרעפֿנטלעכט איר ווערסיע וועגן ביאַליקס רעפֿעראַט. לויט הארץ האָט ביאַליק באַטאָנט, אַז די פֿאַר־

---

[23] וועגן י. ח. טביוב זען: רייזען, לעקסיקאָן... ב' 1, זז' 1151—1153. פּ"גל קרסל, לכסיקון... ב' 2, זז' 2—3.

[24] ביאַליק האָט דאָ געבויט אַ וואָרטשפּיל, „נתעברה": איז טראָגעדיק געוואָרן.

שונג פֿון די ייִדישע זשאַרגאָנען איז אַ מוז־ענין. ער האָט דערקלערט, אַז מיטן באַצייכענען העברעיִש און ייִדיש ווי אַ „זיווג מן השמים“, האָט ער געמיינט, אַז מיט „שניים מקרא ואחד תרגום“ האָבן ייִדן אָפּגעהיט די לעבעדיקייט פֿון דער העברעיִשער שפּראַך און זי פֿאַרוואַנדלט אין אַ כּמעט גערעדט לשון. ביאַליק האָט געוואָרנט, אַז „אַן איבערגעטריבענער עקסטרעמיזם איז ניט לטובֿת אונדזער קולטור“ און האָט זיך שאַרף אויסגעדריקט קעגן די וואָס מישן־אויס פּאָליטיק מיט וויסנשאַפֿט.

וואָס עס זײַנען געווען ביאַליקס שאַרפֿע אויסדרוקן, דערוויסט מען זיך פֿון אַ קאָפּיע פֿון ביאַליקס אַרויסזאָגונגען בנוגע דעם קאַטעדרע־סיכסוך, וואָס זײַנען אין ערגעץ ניט געווען געדרוקט, מחמת זייער סאַמע עיקר „קען ניט פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן“. די דאָזיקע קאָפּיע האָט י. רעוועלסקי בײַגעלייגט ז׳ שבֿט תרפּ״ח (29סטן יאַנואַר 1928) אין אַ בריוו צו „פּר׳ ד״ר י. קלויזנער“[25]. וועדליק אַבֿינריס פֿאַרצייכענונגען האָט ביאַליק געזאָגט, אַז מען דאַרף אָפּשאַפֿן „די גרויסהאַלטערײַ, די פּוסטע גאַווה און בלינדקייט וואָס הערשן בײַ אונדז כּלפּי ייִדיש... מען שפּײַט בײַ אונדזע נבֿזהדיק אויף אַ שפּראַך, וועלכע עס האָבן גערעדט אונדזערע עלטערן און אונדזערע אָבֿות־אַבֿותינו... עס זײַנען פֿאַראַן בעלנים פֿאַר דער העברעיִשער שפּראַך, און ניט די יונגע־לײַטלעך און ניט יענע ריקים ופּחזים[26] פֿון בן־יהודהס שול וועלן שיצן איר כּבֿוד. אַזאַ גרויסהאַלטעריש שפּײַען איז אַ טיפּשות“. ביאַליק האָט צוגעגעבן: „טאָמער טראַכט איר, אַז איך פֿריי זיך מיטן אונטערגאַנג פֿון ייִדיש און מיט איר גזר, זײַנט איר זיך טועה. דאָס איז איינער פֿון די טראַגישסטע בראָכן אין אונדזער לעבן, מחמת דעם כּוח און דעם רײַכן האָב־און־גוטס, וואָס זײַנען אַרײַנגעטאָן געוואָרן אין ייִדיש אין משך פֿון דורות“.

...דעם 23סטן אויגוסט [1929] האָט אוסישקין געשריבן קלויזנערן: „די פֿראַגע פֿון דער ייִדיש־קאַטעדרע איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויפֿן קומענדיקן יאָר. איך, טאָן, דײַכעס, פֿרײַמאַן, ילין און אין אַ באַשטימטער מאָס ביכלער זײַנען געווען קעגן דער קאַטעדרע. עס האָט

---

[25] רעוועלסקי איז דער רעדאַקטאָר און שפּראַכפֿאָרשער י. אַבֿינרי.

[26] שופטים ט, ד. אַבֿינרי שטרײַכט־אונטער, אַז ביאַליק האָט דערמיט געמיינט בפירוש די העברעיִשע לערערס. היות ווי דער דערמאָנטער אויסדרוק האָט דערוועקט פּראָטעסטן, האָט ביאַליק זיך פֿון אים אָפּגעזאָגט.

זי דורכויס פֿאַרטיידיקט — בובער״. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז „היות ווי קיין לערער איז לעת־עתּה ניטאָ [27], וועט דער ענין דיסקוטירט ווערן פּרינציפּיעל אין קומענדיקן יאָר״. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן, אַז מאַגנעס וועט זיך באַמיִען איבערצוצייַגן שאַפּיראָן, ער זאָל בייַשטייַערן דאָס געלט אויף אַן אַנדער קאַטעדרע. „בובער האָט פֿאָרגעלייגט אַ קאַטעדרע פֿאַר [ייִדישער] פֿאָלקלאָר־געשיכטע אין פֿאַרשיידענע לשונות. מאַגנעס איז אויף דעם אייַנגעגאַנגען... איך קלער, אַז פֿון דער ייִדיש־קאַטעדרע זייַנען מיר אין גאַנצן פּטור געוואָרן״.

די לעצטע ידיעה וועגן דער ייִדיש־קאַטעדרע איז יענער צייַט איז מאַגנעסעס אַ בריוו צו אוסישקינען, פֿון 10טן יוני 1930 [28]. מאַגנעס שרייַבט, אַז בעת זייַן קומענדיקן וויזיט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וועט דער קאַטעדרע־ענין זיכער דערמאָנט ווערן. ס'איז פֿאַראַן אַ חשש, אַז שאַפּיראָ וועט זיך אָפּזאָגן פֿון זייַן בייַשטייַער און דאָס וועט שאַטן דעם אוניווערסיטעט, סײַ גײַסטיק, סײַ פֿינאַנציעל [29]. מאַגנעס לייגט פֿאָר אַ צייַטווייַליקע לייזונג, וואָס וועט ניט אָנרירן די פּרינציפּיעלע פֿראַגע פֿון דער ייִדיש־קאַטעדרע. ווערליק זייַן פֿאָרלייג האָט מען געזאָלט פֿאַרבעטן געלערנטע ווי דובנאָוו, באַלאַבאַן און שיפּער, אויף אַ ריי רעפֿעראַטן אין העברעיִשן אוניווערסיטעט, אויף טעמעס וואָס עס זייַנען וועגן זיי פֿאַראַן מקורים אין ייִדיש. אין אוניווערסיטעט־אַרכיוו איז ניטאָ קיין ענטפֿער אויף מאַגנעסעס ווענדונג.

...דער אייַנשטעל צו ייִדיש פֿון די ירושלימער מערבֿ־אייראָפּעיִשע געלערנטע שפּיגלט זיך אָפּ אין אַ מעמאָראַנדום צו דער

---

[27] דער אוניווערסיטעט־סעקרעטאַר ש. גינצבערג האָט ל' שבט תרפּ״ט (10טן פֿעברואַר 1929) געבעטן הרב י. ל. זלאָטניק צוצושטעלן אַ רשימה פֿון זייַנע פּובליקאַציעס, כדי מען זאָל קענען באַטראַכטן זייַן קאַנדידאַטור ווי אַ פּראָפֿעסאָר פֿאַר ייִדיש אין ירושלים. זען אוניווערסיטעט־אַרכיוו, טעקע 14/3. וועגן הרב זלאָטניק־אַבידע, זען לעקסיקאָן פֿון דער נייַער... ב' 1, זז' 4—5.

[28] אוסישקין־אַרכיוו, טעקע 10, 1066.

[29] מיט די געלטער פֿון שאַפּיראָ־פֿאָנד האָט מען אייַנגעשאַפֿט ביכער אין ייִדיש פֿאַר דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק. זען גינצבערגס בריוו צו דער ביבליאָטעק־פֿאַרוואַלטונג, כ״ד תשרי תרפּ״ט (אַכטן אָקטאָבער 1928), אוניווערסיטעט־אַרכיוו, טעקע 14/3.

פֿאַרוואַלטונג פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט, געשריבן פֿון שמואל־הוגאָ בערגמאַן, דער דעמאָלטיקער דירעקטאָר פֿון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, אין מעמאָראַנדום, וואָס איז אויפֿגעהיט אין אוניווערסיטעט־אַרכעוו, באַקלאָגט זיך בערגמאַן, לאַנג פֿאַר דער קאַטעדרע־פּאָלעמיק, אַז די קאָלעקציע פֿון ייִדישע ביכער אין ביבליאָטעק איז זייער באַגרענעצט און זי אַנטוויקלט זיך פּאַמעלעך, צופֿעליק און ניט־פּלאַנירט. פֿאַרברייטערן די דאָזיקע קאָלעקציע, איז „איינע פֿון די וויכטיקסטע עובֿדות“ פֿון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק און דאָס מחמת צוויי טעמים: א) פֿאַראַן אַ סכּנה, אַז אַ רײַכע ליטעראַטור, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ וואָגיקן טייל פֿון דער ייִדישער שאַפֿונג, זאָל פֿאַרלוירן גיין; ב) ס׳איז ניט־מעגלעך גרונטיק צו פֿאָרשן די ייִדישע וויסנשאַפֿט אין די לעצטע הונדערטער יאָר, אָן דער הילף פֿון ייִדיש. „דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער ווערט פֿון אָט דער ליטעראַטור איז ניט אָפּצושאַצן. אַלע וועגן פֿון אונדזער לעבן און די גאַנצע אָביעקטיווע שאַפֿונג פֿונעם ייִדישן פֿאָלק אין די לעצטע יאָרהונדערטער קומען צום אויסדרוק אין דער ליטעראַטור געשריבן אויף ייִדיש“. דאָס בשותּפֿותדיקע אין בערגמאַנס, בובערס, שוואַבעס און כּצנלסונס אַרגומענטאַציע — וואַרפֿט זיך אין די אויגן. צו באַמערקן, אַז אין בריוו פֿון ג. שלום און זײַנע קאָלעגעס, ווי אויך אין ביאַליקס אַרויסטרעט פֿון 6טן יאַנואַר 1928, איז פֿאַראַן אַן אָפּקלאַנג פֿון דעם שווערן מצבֿ פֿון העברעיִש אין ראַטן־פֿאַרבאַנד — — —

ג. שלום און זײַנע קאָלעגעס האָבן געזען אין דעם אידעאָלאָגיש־נאַציאָנאַלן אַרגומענט אַ קלאַפּ פֿאַר דער פֿאָרשונג־ און לימוד־פֿרײַהייט אין העברעיִשן אוניווערסיטעט און אַ שאָוויניסטישן פּרוּוו אויסצובראַקירן ד ייִדיש־לימודים צוליב פּאָליטישע סיבות.

... דער סוף פֿון דער פּאָלעמיק באַווײַזט אויך, אַז אַבֿרהם שלאָנסקי און אליעזר שטיינמאַן האָבן אויסגענוצט דאָס מחלוקת, כּדי ממשיך צו זײַן זייער פּערזענלעכע קאַמפּאַניע קעגן ביאַליקן.

...די ייִדיש־קאַטעדרע אין ירושלים איז עטאַבלירט געוואָרן ערשט אין 1951. אויף אַ מסיבה לכּבֿוד דבֿ סדנס עמעריטור, אין 1971, האָט דער נײַער ראָש פֿון דער ייִדיש־קאַטעדרע, פּראָפּ׳ חנא שמערוק, באַטאָנט אַז דבֿ סדן, אַ יחיד במינו, האָט מעגלעך געמאַכט פֿונאַנדערצובויען, פֿאַרגרונטיקן און פֿאַרפֿולקומען די ייִדיש־קאַטעדרע.

**Joseph Lifshitz Fund**



ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק

## מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)**
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יִדי׳ פֿאָלקסלידער,** 3טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)**
4) מענדעלע — **מסעות בנימין השלישי,** 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
5) לייב נײַדוס — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (208 זײַטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — יאָסעלע, קריזיס, 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן,** 2טע אויפֿל׳ (272 ז׳)
8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך,** 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
9) דוד פּינסקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן,** 3טע אויפֿלאַגע (352 זײַטן)
10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן,** 2טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)
11) י. ל. פּרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט,** 3טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
12) י. ל. פּרץ — **אין 20סטן יאָרהונדערט, 2טע אויפֿלאַגע** (272 זײַטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסג׳ שריפֿטן, 2טע** אויפֿלאַגע (240 זײַטן)
14) האָפֿשטיין — כאַריק — פֿעפֿער, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
15) מרדכי ספּעקטאָר — **דער ייִדי׳ מוזשיק,** 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
16) ה. ליוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זײַטן)
17) שלום עליכם — **מנחם־מענדל,** 3טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסג׳ שריפֿטן, 2טע** אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
19) י. י. שוואַרץ — **קענטאָקי,** א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאַרג**
(פּיאָנערן אין אַמעריקע) , **2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)**
20) חיים־נחמן ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן (384 זײַטן)**
21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (296 זײַטן)
22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — **פֿישקע דער קרומער** (256 זײַטן)
23) **יוסף אָפּאַטאָשו — אין פּוילישע וועלדער** (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זײַטן)
25) יהואש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
26) **גליקל האַמיל — זכרונות** (352 זײַטן)

27) שלום עליכם — **טבֿיה דער מילכיקער,** 3טע אויפֿלאַגע (288 זײַטן)
28) אַבֿרהם רייזען — **אויסג' שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע** (320 זײַטן)
29) די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע — **אַנטאָלאָגיע** (416 זײַטן)
30) ר' נחמן בראַצלעווער — סיפּורי־מעשׂיות, 2טע אויפֿלאַגע (224 זז')
31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע** (320 זײַטן)
32) פּרץ הירשביין — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
33) ייִדיש אין ליד — **אַנטאָלאָגיע** (264 זײַטן)
34) **מנחם באָריישאָ — דער פֿרעמדער, זאַוול רימער** (320 זײַטן)
35) ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט — **אַנטאָלאָגיע** (464 זײַטן)
36) נוסח השׂכּלה — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)
38) מעשׂה־בוך, **פֿון** 1602 (368 זײַטן)
39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** — שמוגלערס. (328 זײַטן)
40) ערבֿ חורבן: **מ. בורשטין/**מאַזאָוויע **און 14 פּאָעטן** (256 זײַטן)
41) חורבן: **פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע — אַנטאָלאָגיע** (432 זײַטן)
42) ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/**פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** (336 זײַטן)
43) איציק מאַנגער — **לידער, פּראָזע, עסייען** (384 זײַטן)
44) דוד בערגעלסאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
45) משה נאַדיר — **הומאָר, קריטיק, ליריק** (288 זײַטן)
46) דאָס קינד אין ייִד' פּאָעזיע און פּראָזע — **אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)
47) י. אַקסנפֿעלד — **שטערן־טיכל, ערשטער ייִד' רעקרוט** (288 זײַטן)
48) **פּליטים צווישן פֿײַערן,** אַנטאָלאָגיע (304 זײַטן)
49) **אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע,** אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)
50) **דרום־אַפֿריקאַניש,** אַנטאָלאָגיע (360 זײַטן)
51) שלום אַש — **פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט** (400 זײַטן)
52) **דער אַרבעטער־דור אין אַמעריקע** (224 זײַטן)
53) **עבֿרי־טײַטש / צאינה וראינה** (368 זײַטן)
54) טשילעניש — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
55) אין דעם אייגענעם לאַנד, 25 **יאָר ישׂראל** (568 זײַטן)
56) שלום אַש — **אָנקל מאָזעס,** ראָמאַן (264 זײַטן)
57) יעקבֿ גאָרדין — **3 דראַמעס,** (352 זײַטן)
53) בראַזיליאַניש — **אַנטאָלאָגיע** (352 זײַטן)

59) פֿון דור צו דור: **א. וויטער, ד. איינהאָרן ז. י. אַנכי** (368 זײַטן)
60) מאַקס ווײַנרײַך — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (416 זײַטן)
61) אין סאָוועטישן פֿרילינג — **אַנטאָלאָגיע** (248 זײַטן)
62) קאַנאַדיש — **אַנטאָלאָגיע** (448 זײַטן)
63) דוד איגנאַטאָוו — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
64) פֿון רעוואָלוציע צו תשובֿה: **לייב פֿײַנבערג** (280 זײַטן)
65) י. י. זינגער — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (312 זײַטן)
66) אַרגענטיניש: **דער חלום פֿון פֿעלד / אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)
67) משה קולבאַק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
68) אין פּאַגראָם — **אַנטאָלאָגיע** (304 זײַטן)
69) אונדזערע קריטיקערס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
70) צווישן שטאָטישע ווענט / **2טער באַנד** אַרגענטיניש (496 זײַטן)
71) עלטערן און קינדער — **אַנטאָלאָגיע** (360 זײַטן)
72) משלים בײַ ייִדן / **אַנטאָלאָגיע** (288 זײַטן)
73) געזאַנגען פֿאַר עמך / **אַנטאָלאָגיע** (224 זײַטן)
74) נאָרד־אַמעריקאַניש / **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
75) גייט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל / **פֿון דער ייִדי׳ ליט׳** (256 זײַטן)

## אין 1978 דערשײַנען נאָך די 3 בענד מוסטערווערק:

76) דער פֿרילינג פֿון „די יונגע" **אין אייראָפּע, אַמעריקע און ישׂראל**
77) געלעכטער אויף אַן אמת
78) מערבֿ־אייראָפּעיִש

ANTOLOGIA

# EL ANDAR A ISRAEL

## REFLEJADO EN LA LITERATURA IDISH

## A JEW GOES HOME



Director: SAMUEL ROLLANSKY

1 9 7 8

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires